קיום

אריה לעאָן קובאָווי

# ווארצלען און פליגלען

## רעדעס און רעפעראטן פון א ישראל-אמבאסאדאר 1958-1953

בועגאָס איירעס

תשי"ט - 1958

משה פייגענבלום.

***

אויפן פריינדלעכן פאַרלאַנג פון די היגע אָנפירנ־דיקע אינסטאַנצן, האָב איך צוזאַמענגעקליבן, אין זייער כראָנאָלאָגישן סדר, אַ טייל אין דעם יידישן מקור און אַ טייל איבערגעזעצט פון שפאַניש, אַ צאָל פון די רע־דעס און רעפעראַטן, וואָס איך האָב געהאַלטן אינעם פאַרלויף פון מיין דיפלאָמאַטישער מיסיע אין לאַטיין־אַמעריקע.

צוליב דער פריינטשאַפט מיט וועלכער ער האָט אונדז אַרומגערינגלט, מיין פרוי און מיך,

צוליב זיין האַרציקער געטריישאַפט צו ישראל און צו יידישקייט,

צוליב דער וויכטיקער שליחות צו וועלכער ער איז באַרופן,

ווידמע איך דאָס דאָזיקע בוך דעם יידישן ישוב אין אַרגענטינע.

**א. ל. ק.**

בוענאָס איירעס, כסלו תשי״ט — נאָוועמבער 1958.

# אינהאַלט

# אַ קורצע אויטאָביאָגראַפיע און אַ שטיקל אני מאמין

רעדע געהאַלטן דעם 28סטן אָקטאָבער 1953 אויפן קבלת־פּנים איינגעאָרדנט דורך די רעפּרעזענטאַטיווע יידישע אינס־טיטוציעס פון בוענאָס איירעס.

אין מיין פרויס נאָמען און אין מיין אייגענעם נאָמען, אונדזער טיפע דאַנקבאַרקייט פאַר דער וואַרעמקייט מיט וועלכער איר האָט אונדז אַרומגע־נומען זייט מיר זענען אָנגעקומען קיין בוענאָס איירעס. איך געפין נישט קיין אַנדער אויסדרוק פאַר די לויב־רייד, וואָס מיר הערן און לייענען יעדן טאָג, ווי דעם אַלטן פסוק „קטונתי מכל החסדים". איך קאָן נישט צוגעבן דעם המשך „ומכל האמת", איך קאָן נישט זאָגן אַז די אַלע שבחים זענען אויך אמת, וואָרום ס'איז דאָ אין זיי אַזאַ פריינדלעכע איבערטרייבונג, אַז פון צייט צו צייט האָב איך דעם חשק צו וואָרענען, ווי אין דעם אַריינפיר צו געוויסע פילמען, אַז יעדע ענלעכקייט צווישן דער פערזאָן וועלכע ווערט באַ־שריבן און צווישן מיר איז נאָר אַ צופעליקע.

## זכרונות פון מזרח־אייראָפּע

איך האָב געהאַלטן אין איין זאָגן די פאַרשיידענע דעלעגאַציעס וועלכע האָבן מיך באַזוכט: איר זייט געקומען ברענגען מיר ברכות, אַדרבא, זייער פיין. איך נעם זיי אָן, איך טרינק געשמאַק דעם זיסן ווייַן וואָס איר גיסט אונדז אָן מיט פולע בעכערס. אָבער דער זיסער ווייַן קאָן נישט און טאָר אונדז נישט מאַכן פאַרגעסן דעם טעם פון דעם ביטערן און שטאַרקן ווייַן וועלכן מיר האָבן געטרונקען אַנדערטהאַלבן יאָר אין אונדזערע פריערדיקע ערטער. און ווי האַרציק עס זאָל נישט זיין אייער קבלת־פּנים, און ווי זאַפטיק עס זאָלן נישט זיין אייערע ברכות, קאָן איך נישט און טאָר נישט פאַרגעסן די שטאַרקע, די טיפע, די אומאויסשעפּלעכע טריישאַפט צו ישראל און צום יידישן פאָלק מיט וועלכער עס זענען געווען אַדורכגעדרונגען די שטומע קבלת פּנימער פון דאָרטן. נאָר איינע וויל איך דאָ היינט דערמאָנען: איינמאָל אַ טאָג, ערגעצווו, האָט מען מיך אויפגענומען אין אַ בית־מדרש, אָט אויף דעם אופן: מ'האָט מיר גאָרנישט געזאָגט, מען האָט מיך נאָר צוגעפירט צום ארון־

קודש און אים שטילערהייט געעפנט. אינעווייניק איז געשטאַנען איין איינ־ציקע ספר־תורה, און דאָס מענטעלע וואָס האָט זי איינגעהילט איז געווען די פאָן פון ישראל. נאָכדעם האָט מען צוגעמאַכט דעם ארון־קודש און מיך צוגעפירט צו מיין אָרט. דאָס איז געווען דער גאַנצער קבלת־פּנים און דאָס איז געווען די גאַנצע שטומע דרשה.

יאָ, דער כישוף פון אָט דעם זיס־ביטערן, נשמותדיקן ווייַן איז זייער אַ דויערהאַפטיקער. און ווען איר וועט זיך באַקענען מיט אונדז, וועט איר דאָס מוזן געדענקען. ס׳איז פאַר מיר נישט קיין געוויינלעכע זאַך צו שטיין ביי אייך אין אַ שול אויף דער בימה און ווי דער שליח פון ישראל לייענען פאַר אייך די ווערטער פון די נביאים וואָס געפינען זיך אין דער הפטורה. אָבער שטעלט זיך פאַר וואָס עס באַדייט פאַר אַ פאָרשטייער פון דער מדינה, זיך צו געפינען שבת חזון אין דער איינציקער שול וואָס איז איבערגעבליבן אין וואַרשע, דער נאָזשיק־שול, און איבערזאָגן די ווערטער פון ישעיהו: „ווו נאָך זאָל מען אייך שלאָגן... אַז יעדער קאָפּ איז קראַנק און יעדער האַרץ איז אין ווייטיק?״.

## אַרגענטינע דאַרף צווייי יידישע מיניסטאָרן

איך בין נאָך נישט אינגאַנצן דאָהי, איך קוק זיך נאָך אַביסל צו פון דער זייט צו דעם וואָס דאָ קומט פאָר. איך באַטראַכט אייער פיינעם יידישן ישוב, אייערע רייכע, צאָלרייכע און מיט פאַרנעם אויפגעבויטע אינסטיטוציעס, אייערע פעאיקע, איבערגעגעבענע מנהיגים, אייערע תלמידי־חכמים, אייערע פאַרלאַגן. איך קלייב נחת פון דער זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט מיט וועלכער איר לעבט זיך אויס אויף אַ יידישן אופן, און פון דער פרייהייט וואָס איז אייך געגעבן געוואָרן צו זיין אַזוי יידישלעך ווי איר ווילט. איך עפן יעדן פרימאָרגן די יידישע צייטונגען, און עס נעמט מיך אָן אַ שווינדל ווען איך דערזע די לאַנגע שורות פון קליינע אותיות, אין וועלכע עס ווערן געדרוקט די מודעות וועגן אַלדעם וואָס וועט דאָ ביי אייך פאָרקומען אין איין איינ־ציקן טאָג. אַ טייערער שווינדל! זאָל דאָס אַלץ אָנהאַלטן, גרעסער ווערן און שטאַרקער ווערן. און זאָל געבענטשט זיין דאָס פאָלק, וואָס אַ דאַנק זיין פריינטשאַפט און פאַרשטענדעניש קאָן דאָ בליען אַזאַ אינטענסיוו יידיש לעבן.

איר זענט געווינט צו אייער גרויסן פאַרנעם און איר וואָלט וועלן, אויף אייער האַרציקן אופן, אַז איך זאָל זיך באַקענען, אָט טאַקע היינט, אָט טאַקע באַלד, נישט וואַרטנדיק חס וחלילה, מיט אַלץ וואָס איר האָט אויפגעטאָן און וואָס איר שאַפט. איך האָב דעריבער שוין געזאָגט עטלעכע פון אייערע

דעלעגאַציעס, אַז איך פרעג זיך, צי די קריה וואָלט בנוגע אַרגענטינע נישט געדאַרפט נאָכטאָן, אין אַ געוויסער מאָס, דעם ביישפּיל פון האָלאַנד. האָ־לאַנד האָט באַשלאָסן אַז מיט איין אויסערן־מיניסטער קאָן זי נישט אויס־קומען, ווייל היינטיקע צייטן האַלטן אויסערן־מיניסטאָרן אין איין אַרומ־פאָרן: אָט זענען זיי ביי דער „אונאָ" און רירן זיך נישט דריי מאָנאַטן פון ניו־יאָרק, און אָט דאַרף מען זיי האָבן אין שטראַסבורג אויף אַן אייראָפּעי־שער קאָנפערענץ און זיי זיצן אָפּ צוויי חדשים אין עלזאַס. צי ווער זשע וועט טאָן אינצווישן די טאָגטעגלעכע מיניסטערשע מלאכה? האָט מען באַשטימט צוויי אויסערן־מיניסטאָרן. איינער זיצט טאָקע אין האַג און פירט אויס די טראַדיציאָנעלע פונקציעס פון זיין אַמט און דער אַנדערער פאָרט זיך אַרום. נישט קיין שלעכטער איינפאַל, וואָס? איז אויב איך וועל אַזוי ווייטער גע־ניסן פון אייער האַרציקער צודרינגלעכקייט, וועל איך פאָרשלאָגן דער קריה מ׳זאָל קיין בוענאָס איירעס שיקן צוויי ישראל־מיניסטאָרן, איינעם פאַר אונ־דזערע יידן, זאָלן זיי געזונט און שטאַרק זיין, און אַ צווייטן, וועלכער זאָל טאָן די דיפּלאָמאַטישע און פּאָליטישע אַרבעט וואָס מען דערוואַרט פון אים.

און נאָך עפּעס וועל איך אייך בעטן צו געדענקען: אַפילו אַ מיניסטער פון ישראל דאַרף האָבן צייט אויף צו לערנען און אויף צו טראַכטן. אויך אים פעלן נאָך אַ סך קענטעענישן. מע דערציילט, אַז דער באַרימטער לעמבערגער רב ר׳ יצחק שמעלקעס האָט אַמאָל אַזוי געזאָגט: ווען איך האָב אָנגעהויבן מיין רבנישע „קאַריערע"; בין איך געווען אַ רב אין אַ קליין שטעטל, קיין דין תורה׳ס זענען נישט געווען, קיין שאלות האָב איך נישט געהאַט, בין איך טאָקע געזעסן יומם ולילה און האָב געלערנט און האָב געוווסט. אין יענע צייטן ווען מיינע חברים רבנים פלעגן מיר שרייבן, פלעגן זיי מיך טיטולירן „הרב הגדול". נאָכדעם, בין איך געוואָרן אַ רב אין בערעזין, שוין אַ גרע־סערע שטאָט, ווו איך האָב געהאַט עטלעכע דין תורה׳ס, מען איז געקומען צו מיר מיט שאלות, און איך האָב געהאַט ווייניקער צייט אויף צו לערנען — האָט מען מיר אָנגעהויבן צו שרייבן „הרב הגאון". נאָכדעם בין איך געוואָרן רב אין פּשעמישל, אַן אָנגעזעענע יידישע קהילה, מיט אַ סך דין תורה׳ס, מ׳יט אַ מאַסע שאלות, מיט אַ ים פון קהלשע דאגות; איך פלעג קוים, פון צייט צו צייט, קאָנען אַ קוק טאָן אין אַ גמרא — דעמאָלט האָט מען מיר שוין גע־שריבן „הרב הגאון הגדול". און איצטער, האָט ער פאַרענדיקט, אַז איך זיץ אין לעמבערג און איך בין פאַרנומען אַ גאַנצן טאָג איבערן קאָפּ מיט קהל־שער אַרבעט, מיט מחלוקת, מיט שאלות ותשובות, איך באַוויז שוין כמעט נישט אַריינצוקוקן אין אַ ספר, שרייבט מען מיר „רבן של כל בני הגולה". דער מוסר השכל איז, טייערע פריינד, אַז אַ טיטל איז טאָקע אַ געהויבענער

ענין, אָבער מען דאַרף צולערנען און אויף לערנען דאַרף מען האָבן צייט. איך קאָן אייך דעריבער נישט צוזאָגן, אַז איך וועל אייך קאָנען אויפנעמען, אויף דעם אופן ווי עס האָט געטאָן מיין פאָרגייער, דער גלענצנדער און טייע־רער יעקב צור. נישט יעדערער איז געבענטשט מיט דיזעלביקע מעלות, מיט דיזעלביקע קענטענישן. איין זאַך קאָן איך אייך פאַרזיכערן: איך וועל שטיין צו אייער דיספּאָזיציע לויט דער פולער מאָס פון מיינע מעגלעכקייטן.

## אַ קורצע אויטאָביאָגראַפיע און אַ שטיקל אני מאמין

און אַז מיר האַלטן שוין דערביי, וועל איך אייך בעטן, איר זאָלט מיר דערלויבן, הגם עס איז דאָ אַזויפיל געשריבן געוואָרן וועגן מיר, אַז איך זאָל זיך אַליין פאָרשטעלן.

שמחת תורה, ווען איך בין געווען צו די הקפות אין דער פּאַסאַ־שול, איז צוגעקומען צו מיר אַ ייד און האָט מיר געזאָגט: „הער מיניסטער, איך מוז אייך דריקן די האַנט; איך בין אויך אַ גאַליציאַנער". האָב איך זעלבסט־פאַרשטענדלעך אָנגענומען זיין גרוס ווי אַ גרויסן כבוד, אָבער איך מוז זיך מודה זיין, אַז איך בין נישט געבוירן געוואָרן אין גאַליציע. איך בין געבוירן געוואָרן אין דער ליטע, און מיין משפחה איז אַוועק פון דאָרטן ווען איך בין נאָך געווען אַ קליין ייגגל, ניין יאָר מיט אַ האַלבס בין איך דעמאָלט אַלט געווען, און אייגנטלעך האָב איך דעם גרעסטן טייל פון מיין לעבן פאַרבראַכט אין מערב־אייראָפּע, אין בעלגיע. אַנטקעגן וואָס איך דערצייל אייך דאָס? איך דערמאָן עס, ווייל ווען איך בין געקומען קיין בריסל איז דאָרטן יידיש־קייט געווען ווייניק וואָס פאַרשפּרייט. דאָס יידישקייט וואָס איך פאַרמאָג, האָב איך אָנגעזאָפּט אין דעם ליטווישן חדר און אין מיין טאַטנס הויז. ווען איך בין עלטער געוואָרן, און האָב אָנגעהויבן, צום סוף פון מיינע גימנאַזיע־יאָרן, זיך צו פאַרינטערעסירן מיט דעם וואָס עס קומט פאָר אין דער גרויסער יידישער וועלט, און איך האָב געזוכט מיין אייגענעם וועג צום ציוניזם, צום נאַציאָנאַלן יידנטום, האָב איך ערגעצוו קיין מאַטעריאַל נישט געפונען. עס איז געווען מלחמה־צייט, בעלגיע איז געווען אָפּגעשניטן פון די אַרומיקע לענדער, און איך האָב זיך קודם כל געשפּייזט מיט די אַלטע נומערן פון אַ דייטש־יידישער צייטשריפט „אָסט אונד וועסט" וואָס איך האָב געפונען ביי מיין טאַטן אויפן בוידעם. אַחוצדעם בין איך געווען זייער דאַנקבאַר דעם רב קאַרמאָלי, וואָס איז מיט 125 יאָר צוריק געווען דער ערשטער הויפּט־ראַבי־נער פון בעלגיע און האָט אַוועקגעשענקט זיינע ביכער דער קעניגלעכער ביב־ליאָטעק אין בריסל. אין די וועלטלעכע ספרים פון גראַן־ראַבען קאַרמאָלי האָב איך אַביסל צוגעלערנט און פון זיי האָב איך זיך אַביסל דערוווסט וועגן

די פראַגעס וועלכע האָבן זיך געפּלאָנטערט אין מיין מוח. און ווייל ס'איז מיר אָנגעקומען אַזוי שווער צוזאַמענצוקלייבן אַלגעמיין־יידיש וויסן, און ווייל יעדע נייע יידישע קענטעניש האָט געפּאָדערט זוכענישן און איז געווען אַ באַרייכערונג, האָב איך זיך קיינמאָל נישט געוואָרפן מיט יידישע באַגריפן. איך האָב זיי זעלטן ווען אויסבראַקירט, איך האָב זיך נישט געאיילט צו זען סתירות צווישן פאַרשיידענע יידישע אידייען און שטעלונגען. איך האָב זיי אַקצעפּטירט, כמעט אַלע יענע פון זיי, וועלכע זענען מיר פאָרגעקומען קאָנסטרוקטיוו, שעפעריש, און האָב געזוכט זיי צו האַרמאָניזירן.

איך האָב קיינמאָל נישט פאַרשטאַנען, צום ביישפּיל, די מחלוקת צווישן יידיש און העברעיש. איך האָב שטענדיק זייער ליב געהאַט דאָס יידישע מאַמע־לשון. לעצטנס, האָט מיך דאָ עמעצער געפרעגט: „ווי קאָנט איר זאָגן אַז יידיש איז אַ שיינע שפּראַך?" יע, איך קען ווייניק שפּראַכן אַזעלכע שיינע, אַזעלכע האַרציקע. ס'איז אַ שפּראַך, וווּ איטלעך וואָרט איז ווי אַ מאַמע, אין וועלכער מע קאָן אויסדריקן צערטלעכקייט אויף אַן אופן וואָס איז נישט צו איבערזעצן, אין וועלכער מ'לעבט זיך אויס יידישלעך ווי פון זיך אַליין, אויף דעם נאַטירלעכסטן שטייגער. אָבער איך האָב אויך קיינמאָל נישט תופס געווען די בלינדקייט פון די וואָס זעען נישט איין, אַז העברעיש איז די געפאַנצערטע וואַנט וואָס פאַראייניקט און פאַרזיכערט דעם קיבוץ גלויות, און אַז העברעיש איז דער מאַרמאָרנער פאַנטעאָן אין וועלכן עס ווערן פאַראייביקט די אוצרות פון אַלע אונדזערע קולטורעלע שאַפונגען במשך פון יאָרטויזנטער. אויך איז דער גאַנצער וויכוח וועגן דעם אַז אין גלות מוז מען אויסקלייבן צווישן ביידע לשונות, מיר געווען פרעמד. זייט ווען זענען דאָס יידישע קעפּ צו גראָב אויף צו לערנען און צו קענען צוויי שפּראַכן און אַפילו מער?

איך האָב קיינמאָל נישט אויסבראַקירט און זיך קיינמאָל נישט געוואָרפן מיט אַנדערע יידישע ווערטן. איך האָב זיך שטענדיק געפירט טראַדיציאָנעל. אין מיינע יונגע יאָרן, איז אין מיין פּאַרטיי (איצטער באַלאַנג איך נאַטירלעך נישט צו קיין ריכטונג, אָבער אַמאָל האָב איך געהערט צו אַ ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער באַוועגונג), יע, אַמאָל איז אין מיין פּאַרטיי אַנטשטאַנען אַ געוואַלטיקער שטורעם ווען מען האָט זיך דערוווּסט, אַז איך גיי פון צייט צו צייט אין שול אַריין. אין יענע צייטן איז אַזאַ אָפּנויג געווען טריף פּסול, פון אַן אויסגעהאַלטענעם סאָציאַליסטישן שטאַנדפּונקט. אָבער איך, וואָס האָב נעבעך געמוזט אַרומגיין מיט אַ טאָרבע כדי צוזאַמענצוקלייבן יידישע געדאַנקען מיט וועלכע איך זאָל זיך שטאַרקן, האָב נישט געפונען קיין זאַך וואָס קאָן פאַרנעמען דעם אָרט פון געוויסע יידישע רעליגיעזע און טראַדיציאָנעלע עיקרים און מנהגים. אַזוי איז ביי מיר שטענדיק געווען כשר, ווייל

איך האָב נישט געוואָלט, אַז ס׳זאָל זיך געפינען אַ ייד וואָס איך זאָל אים וועלן איינלאַדן און ער זאָל נישט קאָנען עסן ביי מיין טיש.

איך בין קיינמאָל נישט געווען קיין גלות־פאַרביינער. עס איז געווען אַ צייט, ווען אַרום שלילת הגולה זענען געהאַלטן געוואָרן גרויסע דעבאַטן, און איך בין זייער אָפּט, אויף געוויסע ציוניסטישע פאַרזאַמלונגען, אַרונטערגע־שריען געוואָרן ווי אַ גלות־באַיאָער, נאָך מער ווי עמעצער וועלכער איז בכלל קיין ציוניסט נישט. איך מוז זאָגן, אַז אַ גאַנץ היפּשע צאָל פון די וועלכע האָבן מיך דעמאָלט באַזיגט אין אַזעלכע דיספּוטן זיצן נאָך עד היום אין גלות, און מסתמא זענען זיי נאָך אַלץ אַזעלכע עקסטרעמיסטן... אין ווערטער. אָבער איך האָב אויך קיינמאָל נישט פאַרזען דעם פאַקט אַז ציון, די שאַפונג פון דער יידישער היים אין ארץ ישראל, איז די צענטראַלע שליחות פון אונדזער דור, פון דעם דור פאַר אונדז און פון דעם דור וואָס וועט קומען נאָך אונדז.

## ישראל, די צענטראַלע שליחות פון אונדזער דור

יאָ, ישראל איז דער גרויסער זכות פון אונדזער דור, און איך קאָן נישט משיג זיין דעם יידן וואָס וויל נישט האָבן אַ חלק אין דעם.

איך האָב זייער גוט פאַרשטאַנען די וויזיע וואָס האָט געבראַכט קיין ישראל אַ טייל פון אייער וווּנדערבאַרער יוגנט. איך האָב באַזוכט עטלעכע פון די לאַטיין־אַמעריקאַנער פונקטן און זיך געטראָפן מיט אייערע האַרציקע, געטרייע קינדער אין מפלסים און אין עין השלושה און אין כסופים, און אין גבעות זייד און אין מצר, איך האָב אַרויסגעפילט פון זיי אַז פאַר זיי איז נישט געווען קיין אַנדער וועג: „וואָס הייסט? עס בויט זיך איבער די יידישע געשיכטע, און מיר וועלן נישט זיין דערביי?״

ווען איך טרעף זיך מיט יידן גבירים, וועלכע זענען שוין געוועזן אומע־טום, נאָר אין ישראל זענען זיי נאָך נישט געווען, רופן זיי אין מיר אַרויס אַ פאַרוווּנדערונג. וואָס איז מיט זיי, פרעג איך זיך, ווילן זיי זיך באַשטראָפן? האָבן זיי זיך אפשר שטאַרק פאַרזינדיקט, וואָס זיי ווילן נישט קענען די פרייד פון זען די מדינה? צי איז דען דאָ אַ גרעסערער נחת אין דער איצ־טיקער צייט אין אונדזער יידישן לעבן ווי ישראל? צי איז דען דאָ אַ גרעסע־רער טרייסט? איך האָב געזען הייזער, אין געוויסע מדינות, ווו דער ראַדיאָ איז שטענדיק געשטאַנען אויף איין און דעמזעלביקן אָרט, אויפן פונקט וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט קול ציון לגולה. מ׳האָט מורא געהאַט זיך אָנרירן אין דעם ווייזער, טאָמער וועט מען אָנווערן צייט מיט זוכעניש, טאָמער וועט מען צוליב די שטערונגען נישט מער געפינען די ריכטיקע כוואַליע. געוואַרט

האָט מען אַזוי — אויף אַ שטים, אויף קלאַנגען, ווייל פאָרן קיין ישראל טאָר מען נישט. און דאָ געפינען זיך מענטשן וואָס מעגן פאָרן, און האָבן די מיט־לען, און קאָנען זען מיט די אייגענע אויגן די ניסים פון זייער פאָלק, און זיי באַרויבן זיך אַליין פון אַזאַ זעלטענעם זכות! וויפל לעבנס האָבן זיי דען?

ווי זאָלן מיר זיי דערקלערן אַז ישראל־טוריסטיק פאַרמאָגט אויסטער־לישע, אייגנאַרטיקע אַטראַקציעס וועלכע וואַרטן אויף זיי און נאָר אויף זיי? וואָס קאָן אַ בעדעקער אָדער אַ קוק אונדז דערציילן וועגן „מה טובו" אַרום האַלב זיבן אינדערפרי? יאָ, די ערשטע צייט פון מיין זיין אין ישראל, פלעג איך קיינמאָל נישט פאַרפעלן צו עפענען דעם ראַדיאָ פרימאָרגנס אַרום האַלב זיבן אינדערפרי, כדי צו הערן ווי דער פראָגראַם הייבט זיך אָן מיטן געזאַנג פון „מה טובו אהליך יעקב" — ווי שיין זענען דיינע געצעלטן יעקב. די אַלטע אייביקע ווערטער האָבן מיך געריר־ט ביז צו די טיפענישן פון מיין האַרצן, און איך האָב זיך געקלערט: „וואָס וואָלט מיין טאַטע געגעבן דער־פאַר, דאָס צו הערן, דאָ אין ישראל, ווי עס הייבט זיך אָן דער טאָג אין אַלע הייזער מיט בלעמ'ס אומשטערבלעכער ברכה?" און ווער אַזוי ווי מיר קאָנען הערן פלאַטערן איבער אונדזערע קעפּ די פליגלען פון דער געשיכטע ווי ווען, בעת מיר האָבן באַזוכט די קופּער־מינעס פון שלמה המלך, האָט מיר דער הויפּט־אינזשעניר מילער, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין סיביר און געמאַכט זיין קאַריערע אין בולגאַריע, געזאָגט: „דאָ אויף דעם אָרט האָב איך געפונען אַ שטיק מעטאַל וואָס האָט אַנטהאַלטן 96 פּראָצענט קופּער. פאַר מיר איז קיין צווייפל נישט, אַז דאָס האָבן דעם קעניג שלמהס אַרבעטער געלאָזט ליגן אַ שטיק קופּער וואָס זיי האָבן שוין געהאַט באַאַרבעט".

## דער זיכערסטער וועג: אָפענע סאָלידאַריטעט מיט ישראל

איצטער, אַז איך האָב זיך שוין פאַרגעשטעלט פאַר אייך, וועט איר מיר אויך דערלויבן זאָגן אַ פּאָר ווערטער מעניני דיומא, וואָרום מיר זענען זיך דאָך דאָ נישט צוזאַמענגעקומען אַרום אַ פּערזענלעכער פייערונג, נאָר אַרום מדינת ישראל. איז גוט צו דערמאָנען, אַז מיר האָבן היינט דערלעבט אַ גרוי־סע סאַטיספאַקציע. היינט אינדערפרי האָט פּרעזידענט אייזענהאַואָער דער־קלערט, אַז די פאַראייניקטע שטאַטן וועלן אויך להבא שטיצן פינאַנציעל ישראל ווי ביז איצט.

אין די טעג ווען ס'האָט דאָ געהערשט אַ געוויסע פּאַניק אַרום דעם ענין און ס'האָבן זיך אויך געהערט חששות טאָמער וועלן די אַמעריקאַנער יידן ח"ו נישט וויסן ווי אַזוי זיך אויפצופירן אין אַזאַ צייט, האָב איך קיין איין

מאָמענט נישט געצווייפלט אין זייער אַנטשלאָסנקייט ווי איך צווייפל נישט אין דער עווענטועלער האַלטונג פון אַנדערע יידישע ישובים. ווייל צוויי זאַכן האָבן מיר זיך אויסגעלערנט בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה. ערשטנס, אַז מיר קאָנען ערגערצוווי נישט ראַטעווען אונדזערע פּאָזיציעס דורכדעם וואָס מיר וועלן פּרובירן איינרעדן די וועלט, אַז מיר זענען אינדיפערענט צו ישראל, וואָרום די וועלט גלויבט נישט אין אונדזער גלייכגילטיקייט. און דעריבער איז קליגער אָפן צו דערקלערן אונדזער סאָלידאַריטעט מיט ישראל. מיר האָבן זיך אויסגעלערנט נאָך עפּעס: אַז דער זיכערסטער וועג אָפּצוהיטן די מדינה איז דער וועג פון כבוד. און דעריבער, ביי אונדזער גאַנצער פריינטשאַפט צו נאָרד־אַמעריקע און אונדזער אמתער דאַנקבאַרקייט פאַר איר הילף אין עבר, אין דעם מאָמענט ווען איר רעגירונג האָט אונדז געשטעלט אַן אולטימאַטום, האָבן מיר אים געמוזט אָפּוואַרפן. דאָס צו וואָס מיר האָבן איצט געגעבן אונדזער הסכמה, איז אייגנטלעך דאָס וואָס אויסערן־מיניסטער משה שרת האָט פאָרגעלייגט דעם גענעראַל בעניקע פון ערשטן מאָמענט אָן: אָפּשטעלן פאַר־לויפיק די אַרבעטן ביז דער זיכערקייט־ראַט וועט באַשליסן. דער פאָרשלאָג איז היינט אָנגענומען געוואָרן.

מיר זענען בכן איבערגעקומען דעם קריזיס מיט אַ ריכטיקער טאַקטיק און מיט כבוד, און ס׳איז פאַר מיר קיין צווייפל נישט אַז „מעז יצא מתוק״. נישט נאָר האָבן מיר באַוויזן אונדזער אַנטשלאָסנקייט; מיר האָבן אחוצדעם אין דעם קאָנפליקט וואָס דאַרף איצט געלייזט ווערן אַ גרויסן פאַרבינדעטן — די אידיי וועלכע זאָגט, אַז ס׳איז נישטאָ קיין גילטיקער אָפּמאַך וואָס קאָן פאָדערן, אַז אַ וויסטעניש זאָל בלייבן אַ וויסטעניש, און ס׳איז נישטאָ אַזאַ מאָראַל אויף דער וועלט און ס׳קאָן נישט זיין אַזאַ פּאָליטיק אויף דער וועלט וואָס זאָל פאַרלאַנגען אַז אַ זומפּ זאָל בלייבן אַ זומפּ און אַ קוואַל פון קראַנ־קייטן און טויט לעולם ועד.

אָבער ביי אונדזער גאַנצער צופרידנקייט, פרעג איך זיך — און אפשר דאַרף אַ גאַסט אַזוי נישט רעדן דאָס ערשטע מאָל — צי איז דער באַשלוס פון פּרעזידענט אייזענהאַוער, פונעם שטאַנדפּונקט פון אונדזער אינעווייני־קער אַרבעט, נישט געקומען אַביסעלע צו פרי, ווייל, טייערע פריינט, אויך מיט דער באַנייטער אַמעריקאַנער הילף האָבן מיר נישט גענוג מיטלען כדי צו פאַרזאָרגן דאָס לאַנד מיט איר נייטיקסטן באַדאַרף.

ווען מען האָט מיך געפרעגט, וואָס וועט זיין אויב די אַמעריקאַנער וועלן אויף אַן אמת אויפהערן העלפן אונדז, האָב איך געגעבן עטלעכע ענטפערס: ערשטנס וועלן מיר אין ישראל נאָך שטאַרקער צושנאַלן דעם גאַרטל, הגם ווי איר ווייסט שטייט אונדזער גאַרטל נישט צו לויז אין דעם איצטיקן מאָ־

מענט. אָבער אויב מען דאַרף, וועט מען אים צושנורן נאָך ענגער. און צוויי־טענס — מע וועט אָפּשטעלן געוויסע אַרבעטן. אָבער וואָס הייסט דאָס איבער־רייסן אַ צאָל אונטערנעמונגען, בעת מיר האַלטן אין איין דערקלערן, אַז מיר מוזן וואָס שנעלער ווערן זעלבסטשטענדיק אויף אַ ריי געביטן? איין ביישפיל נאָר: עס איז ממש אַ פראַגע פון טויט און פון לעבן, אַז אונדזער ערד זאָל אונדז אַליין געבן דאָס וואָס מיר באַדאַרפן כדי זיך צו דערנערן. דערווייל האָבן מיר נאָר פאַרענדיקט איין דריטל פון דער אונטערנעמונג. כדי דאָס לאַנד זאָל אונדז קאָנען שפּייזן, נייטיקן מיר זיך אין איין באַוואַסערטן דו־נאַם פער קאָפּ. אין די לעצטע פיר יאָר האָבן מיר פאַרטאָפּלט דאָס וואָס מיר האָבן אין דעם פּרט פאַרמאָגט, מיר באַזיצן איצט פינף הונדערט פופציק טויזנט דונאַם באַוואַסערטן באָדן, אָבער מיר דאַרפן האָבן דריי מאָל אַזוי פיל. מיר קאָנען דעם ציל דערגרייכן אין צען יאָר, אין צוואַנציק יאָר — אָדער אין פינף יאָר. דער אויסוואַל ליגט אין אייערע הענט.

## וויפל האָט געקאָסט דער יום־טוב פון די קרעדענציאַלן?

מיר זענען אַלע געווען זייער שטאָלץ ווען די רעגירונג פון ישראל האָט געזאָגט דער נאָרד־אַמעריקאַנער: ניין, מיר בייגן זיך נישט פאַר פינאַנציעלע סאַנקציעס. אין דער זעלביקער צייט זענען געזעסן מיט מיר די פירער פון אייער מגבית און מיר האָבן אַרומגערעדט די לאַגע. איך האָב געפרעגט, צי וועט נישט אייער ישוב רעאַגירן מיט אַ באַשלוס תיכף איבערצושיקן אַ הוספה פון פינף און צוואַנציק פּראָצענט אויף די געווינטלעכע הכנסות, כדי צו באַווייזן, אַז מיר יידן קאָנען באמת אַליין באַשטיין אונדזער שטעטל. אָבער די געטרייע, אחריותפולע עסקנים פון דער מגבית האָבן מיר געענטפערט: „ס'איז נישט אַזוי פשוט. מען דאַרף קלערן, מען דאַרף פּלאַנירן, מען דאַרף אויספאָרשן די מעגלעכקייטן".

בעת זיי האָבן אַזוי גערעדט, איז מיר אין קאָפּ אדורכגעגאַנגען אַן אַנ־דער פראַגע: וויפל האָט געקאָסט אָט דער גרויסער יום־טוב, וואָס מיר האָבן דאָ אַלע צוזאַמען געהאַט פאַראַכטאָגן דינסטיק? וויפל האָט געקאָסט אָט דער יום־טוב, בעת וועלכן צען טויזנט יידן זענען געשטאַנען אויף און אַרום דער פּלאַסאַ דע מאַזשאָ, און עטלעכע האָבן געוויינט, און אַנדערע האָבן געמאַכט „שהחיינו", ווייל דער מיניסטער פון ישראל איז געפאָרן אין אַ קאַרעטע, און עס האָבן אים באַגלייט גראַנאַדירן אויף פערד, און ס'איז געשטאַנען אַן ערן־וואַך, און די מיליטערישע קאַפּעלע האָט געשפּילט „התקוה"? וויפל האָט עס געקאָסט אין מענטשן וואָס זענען געפאַלן ביים אויסטריקענען די

זומפּן, אין מענער און פרויען, וועלכע האָבן געפּלאָסטערט די שאָסייען פון ישראל? וויפל האָט דאָס געקאָסט אין דער בעסטער יוגנט אונדזערער, וואָס איז אָפּגעשניטן געוואָרן אין דער מלחמה פאַר דער אומאָפּהענגיקייט?

איר האָט מיר געגעבן אַ סך ברכות, איר האָט מיך אַרומגערינגלט מיט פריינטשאַפט, איר האָט אונדז אַריינגעשיקט אַ סך בלומען. בעט איך אייך, גיט מיר נאָך איין זאַך: גיט מיר אַ שליסל צו אייערע הערצער, גיט מיר אַ שליסל צו די פאַרשלאָסנסטע ערטער פון אייערע הערצער. און וויבאַלד מיר האָבן דעם זכות, אַז אין אייערע טעג און אין מיינע טעג קומט פאַר די גרויסע איבערקערעניש אין וועלכער אייערע קינדער פאַרנעמען אַזעלכע וויכטיקע פּאָזיציעס, לאָמיר צוזאַמען העלפן מאַכן פון ישראל אַ פעסטונג וואָס קיין שטורעם זאָל זי נישט קאָנען אָנרירן. און לאָמיר דערלעבן, אַז אין אונדזערע טעג זאָלן מיר קאָנען זאָגן אַז אונדזערע הערצער זענען פול מיט געזאַנג און מיט פרייד איבער דעם פאַרווירקלעכטן טרוים.

# דער אָנדענק פון חיים ווייצמאַן

רעדע געהאַלטן דעם 29סטן אָקטאָבער 1953 אין בוענאָס
איירעס צום ערשטן יאָרצייט פון חיים ווייצמאַן.

איידער מיר גייען זיך פונאַנדער, איידער מיר גייען צוריק צו דער טאָגטעגלעכקייט, וויל אויך איך, ווי מיינע פאָררעדנער, זען אָראָפּצוברענגען דאָ אויף אַ קורצער צייט די פּערזאָן פון אונדזער גרויסן, טייערן פריינד, זען אים צו דערמאָנען ווי איך געדענק אים, זען ער זאָל פאַרווײלן מיט אונדז נאָך אַ ביסל.

דער פראַנצויזישער דיכטער מאַלאַרמע האָט אַ וווּנדערבאַרן פערז וועגן אַ גרויסן טויטן, וואָס זאָגט: Tel qu'en lui-même enfin l'éternité le change. — ווי ענדלעך אין אים אַליין די אייביקייט אים פאַרוואַנדלט. דאָס הייסט: ערשט דער טויט איז משנה דעם מענטשן אין דעם וואָס ער איז באמת געווען און וואָס ער וועט בלייבן; ערשט דער טויט — ווען דער גערַאַנגל אַרום דעם מענטשן האָט אויפגעהערט, ווען די חילוקי דעות, פון וועלכע ער איז געווען אַ טייל, זענען מער נישטאָ.

ס'איז דאָ אַ וויכוח וועגן דעם, צי עס איז פאַראַן השארת הנפש, צי די נשמה בלייבט באַשטיין אויף אייביק. איין זאַך איז זיכער, אַז דער זכרון פון גרויסע מענטשן גיט זיי ווי אַ מין ניי לעבן, וואָס איז אָפט אַ סך לענגער ווי די קורצע צייט פון זייער פיזישער עקזיסטענץ אויף דער ערד. און אַמאָל ווערט די קורצע אָפּגעשטאָרבענע לעבנס־צייט פון אַזעלכע מענטשן צו אַ מקור פון וועלכן עס דערנערן זיך עפּאָכעס. דער אויפשטאַנד פון בר־כוכבא'ן האָט געדויערט קוים אַ פּאָר יאָר, און יאָרהונדערטער האָבן זיך געשפּייזט פון זיין עפּאָפּייע. ר' יוחנן בן זכאי האָט געזאָגט אַ פּאָר געציילטע ווערטער, און גאַנצע תקופות האָבן פון זיי געצויגן טרייסט און יניקה. און אַזוי ווייסן מיר, אַז חיים ווייצמאַן האָט מיט אַ יאָר צוריק אָנגעהויבן אַ ניי לעבן, און מיר זענען זיכער אַז דורות, נישט נאָר אונדזער דור, וועלן געפינען אַ קוואַל פון האָפענונגען און אינספּיראַציע אין יענער פּערזענלעכקייט, דער ריכטיקער, אין וועלכער דער טויט האָט אים ענדלעך איבערגעשטאַלטעט.

און אפשר וואָלט איך באַדאַרפט זאָגן, אַז דאָס דאָזיקע נייע לעבן האָט

זיך שוין אָנגעהויבן אַ פּאָר יאָר פאַר זיין טויט. ס'האָט ווייצמאַנען אַרומגע־רינגלט אַ מאָדנע אַטמאָספער די לעצטע צייט פון זיין זיין אויף דער ערד: ס'איז געווען אַן אַטמאָספער פון אויסערגעוויינלעכער ליבשאַפט און גרויסן האַרצווייטיק. איך האָב ערגעצווו געלייענט, אַז ווייצמאַן איז אין זיינע לעצ־טע יאָרן געווען געבענטשט מיט אַ סך פרייד און מיט אַ סך נחת. געוויס, ער האָט דערלעבט דאָס, צו וואָס ווייניק מענטשן האָבן זוכה געווען, אַז אַ שטרעבונג זאָל ווערן אַווירקלעכקייט, וואָס ווען ער האָט זי איבערגענומען איז זי געווען כמעט נאָר אַ בענקשאַפט. אָבער יעדער ווייסט, אַז זיינע לעצטע יאָרן זענען פאַר אים פערזענלעך געווען זייער שווערע. איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן מיין לעצטן יום־העצמאות אין ישראל, ביי ווייצמאַנס לעבן אין 1951, ווי אַזוי איך האָב עולה רגל געווען קיין רחובות און ער, דער אַל־טער גרויסער מאַן, איז זיך געזעסן בלאָס און געל און שטיל, און אַרום אים האָבן געשטראָמט מאַסן יידן וועלכע זענען געקומען פון גאָר דער וועלט, און יעדערער האָט זיך געפרעגט, צי איז ער נאָך מיט אונדז.

## אַ קעניגלעכער ייד

אין וואָס איז באַשטאַנען זיין כוח? ער איז געווען אַ קעניגלעכער ייד. עס טרעפט זעלטן אַז געזעלשאַפטלעכע עסקנות זאָל צוזאַמענפאַלן מיט איידל־קייט, נאָך זעלטענער, וועל איך זיך דערלויבן צו זאָגן, ביי יידן פון אָט דעם לעצטן דור, ווו דער געראַנגל איז אַזוי ביטער, ווו די עקשנות איז אַזוי האַרט און אומבייגזאַם. יאָ, זייער זעלטן קאָן דער קהלשער עסקן, דער פּאַרטיי־פירער, דערוואַקסן אין דער זעלביקער צייט צו אַ פיגור פון איידלקייט. אָבער ווייצמאַן האָט דאָס פאַרמאָגט. שוין לאַנג איידער ער איז געוואָרן פּרעזידענט פון מדינת ישראל, איז ער געווען דער אומגעקרוינטער יידישער קעניג, און קיינער האָט זיין מלכות נישט באַשטריטן. דאָ זענען דערמאָנט געוואָרן די ווערטער וואָס ער האָט געזאָגט אין לאָנדאָן אין 1920 — און איך האָב זיי געהערט: „יידיש פאָלק, ווו ביסטו געווען?" איז דאָס וווּנדערלעכע נישט, וואָס די ווערטער זענען געזאָגט געוואָרן; דאָס וווּנדערלעכע איז געווען וואָס דאָ זענען געשטאַנען פּנים לפנים, פון איין זייט דער מענטש וואָס האָט אַזוי גע־רעדט, און פון דער צווייטער, דאָס יידישע פאָלק, און קיינער האָט זיך נישט געוווּנדערט, קיינער האָט נישט באַשטריטן זיין קאָמפּעטענץ אַזוי צו רעדן.

איך האָב אין מיין לעבן געקענט צוויי קעניגלעכע יידן: חיים ווייצמאַן און סטיפען וויַיז. איך געדענק ווי איך האָב, אין 1943, צוזאַמענגערופן פאַר סטיפען וויַיז ביי אים אין סטודיאָ, אַ באַראַטונג פון פאָרשטייער פון די־

אייראָפּעישע גלות־רעגירונגען, וואָס אַ חוץ דעם קאָמיטעט פון פרייען פראַנק־רייך, האָבן זיי דעמאָלט געהאַט זייער זיצאָרט אין ניו־יאָרק. סטיפען ווייז האָט זיי געהאַט איינגעלאַדן אַרומצורעדן אַ געוויסן ענין און זיי זענען געקו־מען — אַמבאַסאַדאָרן און מיניסטאָרן. געוויס, זיי זענען בלויז געווען פאָר־שטייער פון גלות־רעגירונגען, אָבער דאָך זענען זיי געווען שטאַרקער, ממשות־דיקער ווי דער פאַרטרעטער פון יידישן פאָלק. ס׳איז דעריבער געווען אַ מערק־ווירדיקע דערשיינונג צו זען, ווי זיי האָבן זיך באַנומען לגבי אים, ווי זיי זענען געזעסן פאַר אים — ווי ווען ער וואָלט געווען אַ קעניג, און צווישן זיי זענען געווען אַריסטאָקראַטן פון אַלטן אַדל. די זעלבסטפאַרשטענדלעכ־קייט פון יידישן שטאָלץ ביי סטיפען ווייזן האָט געשאַפן אָט די באַציאונג. אַזוי איז אויך געווען מיט וויצמאַנען; גלייך ביים ערשטן אָנבליק, האָט מען דערזען אַז ער איז משכמו ומעלה גבוה מכל העם.

ווי דערקענט מען קעניגלעכקייט? ווי דערקענט מען מענטשלעכע גרויס־קייט? מ׳דערקענט זי דורך דעם וואָס מ׳ווערט אַליין דערהויבן, ווען מען טרעפט זיך מיט איר. ס׳איז דאָ דערמאָנט געוואָרן די צייט ווען וויצמאַן איז נישט מער געווען פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע; 1933, 1934, און דאַן איז געקומען אין 1935 דער קאָנגרעס אין לוצערן. דאָס ציו־ניסטישע פאָלק, פול מיט חרטה, האָט געפונען עפּעס אַ מעגלעכקייט מכפּר צו זיין אויף זיינע זינד און האָט אָנגעבאָטן וויצמאַנען, און ער האָט עס אָנגענומען, די פּרעזידענטשאַפט פונעם קאָנגרעס. און ס׳איז געוואָרן אַן אוי־סערגעוויינלעכער קאָנגרעס — וואָרום יעדע זיצונג וואָס וויצמאַן האָט פּרע־זידירט איז געווען אַ יום־טוב, ביי וועלכן יעדער איינציקער האָט זיך געפילט ווי אַ בן־מלך. און כלפּי חוץ האָט זיך דאָך גאָרנישט געביטן; ער איז נאָר געזעסן אויבנאָן, ער האָט נאָר געגעבן דאָס וואָרט, איינפאַך, מיט אַ פּאָר ווערטער.

גראָד איז אין דער צייט פון יענעם קאָנגרעס הענריעטע סאָלד אַלט גע־וואָרן 75 יאָר. ווען זי איז איינמאָל אינדערפרי געקומען צו דער זיצונג, איז אויף איר אָרט געלעגן אַ בוקעט. און וויצמאַן האָט זי באַגריסט מיט אַ פּאָר ווערטער: „היינט האָבן מיר דאָ באַערט הענריעטע סאָלד מ׳יט אַ פּאָר בלומען, כדי זי זאָל וויסן אַז אין דער ציוניסטישער אַרבעט זענען דאָ נישט נאָר דערנער אַליין״. און דאָס איז געווען גענוג. איך געדענק אָט די געציילטע ווערטער, ווי איינע פון די איינדרוקספולסטע פייערונגען פון אַ גרויסער פּערזענלעכקייט.

מ׳האָט אָפט פאַרגליכן וויצמאַנען מיט אַ לאָרד, מיינענדיק דערמיט די השפּעה וואָס עס האָט געהאַט אויף זיין באַנעמונג די צייט וואָס ער האָט

געווווינט אין ענגלאַנד און זיין פּראָפעסור אין אַ בריטישער אוניווערזיטעט. אָבער קיינער וואָס האָט געזען ווייצמאַנען האָט אים נישט אָנגענומען פאַר אַן ענגלענדער. איך קען יידן וואָס, נאָך אַ דריי יאָר זיין אין די פּאַרייניקטע שטאַטן, קוקן זיי שוין אויס ווי פּאָלנע אַמעריקאַנער; און איך קען יידן וואָס האָבן זיך אויפגעהאַלטן אַ פּאָר יאָר אין פראַנקרייך און זענען שוין פולבלוטיקע פראַנצויזן. די שפּראַך הינקט נאָך ביי זיי שטאַרק אונטער, אָבער די זשעסטן און די העוויות זענען שוין פולשטענדיק פראַנצויזיש. ווייצמאַן האָט געהאַט די מעלה וואָס ער האָט אַבסאָרבירט אַ צאָל שיינקייטן פון יפת און האָט זיי אַריינגעפירט אין די געצעלטן פון שם. דעם ענגלישן „אַנדער־סטייטמענט" האָט ער געגעבן אַ יידישן חן.

די וואָס האָבן געהערט ווייצמאַנס רעדעס אויף די קאָנגרעסן, וועלן געדענקען אַז ער פלעגט אָנהייבן זייער שטיל, מ׳פלעגט כמעט קיינמאָל נישט הערן דעם אָנפאַנג און ער האָט כמעט קיינמאָל נישט אויפגעהויבן די שטים. געוויסע ווערטער פלעגט מען גיכער טרעפן איידער מען פלעגט זיי הערן. ווארום ס׳איז וויכטיק, פאַרשטייט זיך, אַז מען זאָל הערן, אָבער נאָך וויכטיקער איז נישט צו שרייען, נישט אַרויסגיין פון דער איידלקייט, נישט צו פאַרלירן די ליניע און די האַרמאָניע. ער פלעגט קאָנען בייזערן זיך, זייער בייסיק; איך האָב אים קיינמאָל נישט געהערט שרייען.

ס׳איז צו שפּעט מיר זאָלן איצט רעדן וועגן זיין תורה; איין וואָרט וויל איך נאָר זאָגן דערוועגן, ווארום מען קאָן זי דעפינירן אין איין וואָרט: עס איז נישטאָ קיין קפיצת הדרך. אַז מען גרייט נישט צו, האָט מען נישט; אַז מען אַרבעט נישט כסדר, טאָג־איין טאָג־אויס, אַז מען לייגט נישט — ווי פלעגט ער זאָגן? אַ ציגל נאָך אַ ציגל, העלפן נישט קיין קונצן — די געשיכטע שפּרינגט נישט.

## „אל תירא, עבדי יעקב"

איך האָב אים באַזוכט צום לעצטן מאָל דעם 18טן יוני 1951, איידער איך בין געפאָרן קיין פּראָג. ווי יעדער געזאַנדטער פון ישראל, בין איך געגאַנגען אָפּשייד נעמען פונעם פּרעזידענט פון דער מדינה. עס איז פאַר מיר געווען אַ געוואַלטיקע שעה, און אַ טראַגישע, ווארום מאָמענטנווייז פלעגט ווייצמאַן אינגאַנצן פאַרגעסן אַז איך בין דאָ אָדער אַפילו ווער איך בין. פון צייט צו צייט פלעגט אָבער אויפבליצן פאַר מיינע אויגן דער אַלטער ווייצמאַן, פול מיט יוגנטלעכער פרישקייט, פול מיט פקחות און מיט חכמה. ער האָט אָנגעהויבן מיט זכרונות וועגן בעלגיע, ער האָט זיך נאָכגעפרעגט וועגן פריינד, פון וועלכע עטלעכע זענען שוין געווען טויט, און כ׳האָב אים דערמאָנט

אַ צאָל בשותפותדיקע עפּיזאָדן. איך האָב אים צווישן אַנדערע זאָכן געזאָגט, אַז איינע פון זיינע רעדעס, וואָס האָט זיך טיף איינגעקריצט אין מיין זכרון (און איך האָב אים געהאַלטן פאַר דעם גרעסטן יידישן רעדנער פון אונדזער צייט), איז געווען די, וואָס ער האָט געהאַלטן בעת דעם לעצטן קאָנגרעס אין באַזעל, אין יאָר 1946, אין דער הזכרה־שעה, אַ קורצע רעדע פול מיט טרייסט, אַ נייער „נחמו, נחמו, עמי", און אין וועלכער ער האָט דערמאָנט דעם פּסוק: „אל תירא, עבדי יעקב", שרעק זיך נישט, מיין דינער יעקב.

מיר האָבן ווייטער געשמועסט און ער האָט מיר געזאָגט: — „מ'האָט אייך געגעבן זייער אַ שווערע מיסיע, אָבער איך בין אייך מקנא. ווען איך בין יינגער, אַך, ווען איך בין יינגער!... איר וועט פאָרן קיין וואַרשע און קיין קראָקע, איר וועט זען פּראָג און פּרעסבורג; איך בין אייך זייער מקנא". — „וואָס וועל איך זען, הער פּרעזידענט?" האָב איך זיך אָנגערופן: „חורבות וועל איך זען, חורבות פון קהילות און חורבות פון אַ פאָלק". און ער האָט געענטפערט: „יאָ, ס'ווילט זיך מיר זייער זען די חורבות, ס'ווילט זיך מיר זייער זען די איבערגעבליבענע, זיי זענען מיר זייער טייער". און ווי איך האָב געהאַלטן ביים אַוועקגיין, האָב איך געפרעגט: — „האָט איר מיר עפּעס וואָס איבערצוגעבן פאַר די יידן דאָרטן? וואָס זאָל איך זיי דערקלערן?" האָט ער אַביסל אויפגעהויבן די שטים: „חזרט זיי איבער וואָס איך האָב דעמאָלט געזאָגט: אל תירא עבדי יעקב".

מער ווי איין מאָל האָב איך יידן פון פּוילן און טשעכאָסלאָוואַקיע דער־מאָנט אין חיים ווייצמאַנס נאָמען, דעם פּסוק „אל תירא עבדי יעקב". און אַ געוויסן שבת, אין איינעם פון יענע לענדער, ערגעצוווּ אין אַ שול — מ'האָט געוווּסט אַז ווייצמאַן איז זייער קראַנק — איך הער ווי איינער נאָכן צווייטן פון די וואָס זענען עולה לתורה מאַכט מי שברך דעם חולה חיים ווייצמאַן. פרעג איך דעם גבאי: „היתכן? צי איז עס נישט אומפּאַרזיכטיק?" קוקט ער מיך אָן און גיט ווי אַ בורטשע: „אל תירא עבדי יעקב".

אָבער אייגנטלעך האָב איך ווייצמאַנען געמאַכט נאָך אַ באַזוך, און דאָס איז שוין געווען נאָך זיין טויט, און מיין איינדרוק איז נישט געווען קלענער ווי ביים לעבעדיקן ווייצמאַן. איידער מיר זענען געפאָרן אַהער, זענען מיר, פאַרשטייט זיך, אויך געווען אין רחובות, און מען האָט אונדז אַריינגעלאָזט אין זיין אַרבעט־צימער; און ווי איז דאָ געזאָגט געוואָרן? פון דעם אַרבעט־צימער האָט געווייט מיט אייביקייט. ס'איז געווען אַ טיפע איבערלעבעניש זיך צו זאָגן, אַז אינמיטן פון אַלע די זאָרגן וואָס יידן האָבן אים אַרויפגעלייגט, אינמיטן פון אַזאַ געוואַלטיקער פּאָליטישער אַרבעט און פאַראַנט־וואָרטלעכקייט, האָט דער גרויסער מענטש געפונען די צייט — און דאָ, אין

די ד׳ אמות איז דאָס געשען — זיך צו ווידמען דער וויסנשאַפט מיט אַזאַ גרינטלעכקייט און מיט אַזוי פיל דערגרייכונגען.

## אַ לאַבאָראַטאָריע פאַר אַ בעסערן טיפּ ייד און מענטש

איך האָב געזאָגט מיינע פריינט פון דעם קאָמיטעט פאַר די רחובותער אינסטיטוטן, אַז דאָס בילד פון חיים ווייצמאַן, וואָס מען דאַרף לויט מיר פאַרשפּרייטן, איז זיין בילד אין דעם ווייסן כעמיקער־קאַפּטאַן, וואָס ווייזט ווי ער בייגט זיך איבער די אַפּאַראַטן פון זיין לאַבאָראַטאָריע. ווייל אייגנט־לעך דאָס איז געווען דער אמתער חיים ווייצמאַן. ציוניזם און ישראל זענען פאַר אים געווען אַ לאַבאָראַטאָריע. אַ לאַבאָראַטאָריע פאַר אַ בעסערן יידן; אַ לאַבאָראַטאָריע פאַר אַ בעסערן טיפּ מענטש; אַ לאַבאָראַטאָריע פאַר אַ בע־סערער אויסנוצונג פון מענטשלעכע און נאַטירלעכע אוצרות; אַ לאַבאָראַטאָ־ריע פאַר אַ בעסערן צוזאַמענלעבן פון מענטש און מענטש.

מיר זענען נאָך זייער ווייט אין ישראל פון האָבן פאַרווירקלעכט חיים ווייצמאַנס אידעאַל און ער האָט דאָס גאַנץ גוט געוווסט. ער האָט וועגן דעם ווייניק גערעדט. ער האָט געוווסט אַז אין אונדזער היינטיקער צייט קאָנען זאַכן נישט תמיד פאַרווירקלעכט ווערן מיט די וועגן וואָס זענען געווען נאָענט צו זיין האַרצן, און אַז אַמאָל קאָן מען אַנדערש נישט אַרויסרייסן די אומאָפּ־הענגיקייט פון אַ פאָלק פון צווישן די ציינער פון דער געשיכטע ווי דורך טאָטן פון געוואַלט. אָבער מיר געדענקען, מיר טאָרן נישט פאַרגעסן יענעם אידעאַל וואָס ווייצמאַן האָט געזען פאַר זיינע אויגן. און דעם מענטשן וואָס ער האָט געוואָלט אַז מיר זאָלן פורעמען אין ישראל, און דאָס לאַנד וואָס ער האָט געוואָלט אַז מיר זאָלן בויען אין ישראל, מיר זענען זיך דאָ היינט מתחייב זיי אַזוי צו פורעמען און צו בויען ווי ער האָט דערצו געשטרעבט: אַ ייד וואָס קיין יידישע זאַך זאָל אים נישט זיין פרעמד, אַ מענטש וואָס קיין מענטש־לעכע זאַך זאָל אים נישט זיין פרעמד, אַ פאָלק וואָס זאָל זיין פאַר שלום צווישן די פעלקער, אַ לאַנד, וואָס זאָל באמת זיין אַביישפּיל און אַ אור לגויים. דאָס זאָגן מיר זיך היינט צו אין דעם ערשטן יאָרצייט פון חיים ווייצמאַן. יהי זכרו ברוך.

# דורך קדושה צו גבורה

אזכרה־ווערטער אויפן בית־עולם אין טאַבלאַדאַ (בועגאָס־
איירעס) דעם 1טן נאָוועמבער 1953.

אין דעם נאָמען פון דעם פאָלק וואָס ווײנט אין ציון, און מיטן רשות פון דעם היגן קהל, בין איך געקומען זיך מתייחד זיין מיטן אָנדענק פון אונ־דזערע קדושים.

אונדזער פאָלק איז זיך טיף באַוווסט, אַז ווען נישט אונדזערע שרעק־לעכע אבידות, וואָלט ישׂראל נישט אויפגעשטאַנען צו אַ נײַ לעבן אויף דער ערד פון די אָבות און זי וואָלט נישט געוואָרן אַ זעלבסטשטענדיקע אומה צווישן די נאַציעס פון דער וועלט.

אויף די פעלדער און וויסטעניישן פון ישׂראל און אין די קאַלך־אויוונס פון די געטאָס און די לאַגערן, איז די יידישע גבורה פונדאַסניי געבוירן גע־וואָרן. און דעם טאָג ווען זיבן אומות זענען באַפאַלן דעם מקום מקלט פון אונדזער פאָלק, איז ישׂראל בײַגעשטאַנען אירע שונאים און צאָלרייכע זענען געפאַלן אין די הענט פון ווייניקע.

אָנצינדנדיק היינט ליכט צום אָנדענק פון אונדזערע געפאַלענע, שווערן מיר אַז אונדזערע הערצער וועלן זיין אַ נר תמיד פאַר זייערע נשמות, און אַז די פלאַם פון זייער קרבן וועט באַלייכטן אונדזער וועג.

און אונדזערע קינדער וועלן מיר אויסלערנען דאָס ליד פון איינעם פון זייערע ברידער, וועלכער איז געפאַלן אין דער באַפרייאונגס־מלחמה, נעמ־לעך:

„און דער וואָס האָט מורא פאַרן טויט
דער האָט מורא פאַרן לעבן״ (¹)

און אין אונדזערע תפילות וועלן מיר ווייטער זאָגן:

„און אויך ווען דו פאַרברענסט מיך דורך פייער,
וועל איך דיך ווייטער ליב האָבן
און זיך פרייען מיט דיר״.

---

(¹) דוד וויינבערג.

# פון אַ מצב פון דעפּענסיווע צו אַן אָפּענסיווע פון שלום

רעדע געהאַלטן אין בוענאָס איירעס, דעם 30סטן נאָוועמבער 1953, אין אַ פאַרזאַמלונג פון עסקנים פון פאַראייניקטן קאַמפּיין (מגבית) פאַר ישראל.

## דוד בן־גוריון און משה שרת

איך וויל ווידמען מיינע ערשטע ווערטער דעם מענטשן וואָס וועט אין געציילטע טעג אַרום פאַרלאָזן די ישראל־רעגירונג, אין וועמענס שפּיץ ער איז געשטאַנען זינט דער אַנטשטייאונג פון דער מדינה. קיינער האָט נישט קיין גרעסערן חלק אין ישראלס זעלבסטשטענדיקייט איידער בן־גוריון. זיין נאָמען איז געזיכערט נישט נאָר אין אונדזער היסטאָריע, נאָר אויך אין דער וועלט־געשיכטע. ער האָט אַרויפגעלייגט אויף אונדזער גאַנצן דור דעם שטעמפּל פון זיין ווילן און פון זיין באַגריף פון מלוכהשאַפט.

ווער עס קען בן־גוריונען ווייס אַז ער וואָלט קיינמאָל נישט געפּועלט ביי זיך צו פאַרלאָזן דעם רודער פון דער מלוכה־שיף, ווען ער וואָלט נישט געווען איבערצייגט אַז זיין צוריקטריט באַדראָעט נישט די צוקונפט פונעם לאַנד. מען קאָן דעריבער זאָגן, און ס'איז נישט קיין פּאַראַדאָקס, אַז בן־גוריונס דימיסיע איז אַ באַווייז פון זיין צוטרוי אין דער שטאַרקייט פון ישראל און אין איר קאָנסאָלידאַציע. עס איז נישט קיין רעזיגנאַציע, וואָרום שדה־בוקר וועט בלי־ספק ווערן אַן אָרט פון גייסטיקער אינספּיראַציע פאַר דער יונגער מדינה און דער זיך־אָרט פון דער אומבאַשטרייטלעכער נאַציאָנאַלער אויטאָריטעט, אין וועלכער מיר נייטיקן זיך אַזוי שטאַרק אין דער איצטיקער שעה.

לאָמיר דערנאָך דערלויבט זיין צו זאָגן אַ פּאָר ווערטער וועגן דעם מאַן וואָס וועט וואַרשיינלעך איבערנעמען דעם אַמט פון רעגירונג־שעף, משה שרת, וואָס יידן אין אַרגענטינע האָבן אים קענען געלערנט מיט דרך־ארץ און באַוווּנדערונג. קיינער קאָן נישט גרינטלעכער ווי ער די פּראָבלעמען פון לאַנד ישראל און פאָלק ישראל. שוין צוואַנציק יאָר, זינט דעם טויט פון חיים אַרלאָזאָראָוו, ווי ער איז אונדזער פּאַקטישער אויסערן־מיניסטער. אונדזער משרד־החוץ איז זיין שאַפונג, זיינען ראַמען האָט ער באַשטימט, זיינע מעטאָדן האָט ער אָנגעצייכנט, זיינע מענטשן האָט ער אויסגעקליבן. ער האָט

וועגן אונדזער אויסערלעכער פּאָליטיק זיינע אייגענע, קלאָרע געדאַנקען, ער זוכט אַן אויפהער נייע קאָנטאַקטן, נייע פּריינטשאַפטן, ווייל ער האַלט אַז מיר זענען אַ טייל, און וועלן קיינמאָל נישט זיין מער ווי אַ טייל, פון אַ גרעסערן קאָמפּלעקס. ער איז אויסגערעכנט, סיסטעמאַטיש און זיין אַרבעטס־כוח האָט נישט קיין שיעור. ער איז איינער פון אונדזערע יחידי־סגולה.

## פון אַ מצב פון דעפּענסיווע צו אַן אָפּענסיווע פאַר שלום

איך שטעל פעסט מיט צופרידנקייט, אַז די שטימונג פון אומרואיקייט וואָס האָט דאָהי געהערשט מיט אַ חודש צוריק אַרום דער לאַגע אין ישראל, איז פאַרשוווּנדן. עס איז קלאָר געוואָרן פאַר אַלעמען, אַז מיר געפינען זיך נאָך אַ ווענדפּונקט אין אונדזער אויסערלעכער פּאָליטיק, אַז די פאַרגליוווערטע סטאַטיק אין אונדזערע באַציאונגען מיט די אַראַבער איז אונדז געוואָרן אי־בערדריסיק, אַז מיר זענען אַריבער פון אַ מצב פון דעפּענסיווע צו אַן אָפּענ־סיווע פאַר שלום. צום באַדויערן, האַלט די „אונאָ" אין איין אויסמיידן די הויפּטפראַגע וועלכע שטייט פאַר איר, נעמלעך די פאַרוואַנדלונג פון די אומ־זיכערע וואַפנשטילשטאַנד־אָפּמאַכן אין דעפיניטיווע שלום־טראַקטאַטן. ווילן מיר איצט פּרובירן דערגרייכן דעם שלום, דורכזעצן דעם שלום מיט אייגענע כוחות. יעדער איינער ווייסט, אַז מיר זענען מיליטעריש אַזוי שטאַרק און נאַציאָנאַל אַזוי געאייניקט, אַז אונדזער שלום־אָפּענסיווע איז נישט קיין באַ־ווייז פון שוואַכקייט, נאָר פון זעלבסטזיכערקייט און שטאַנדהאַפטיקייט. עס איז, נאַטירלעך, נישטאָ קיין גאַראַנטיע, אַז דער נייער וועג וועט אונדז דער־נענטערן צום שלום, מער ווי אונדזער דערוויילעדיקע מהיכא־תיתיקייט. ביז איצט האָבן די אַראַבישע הערשער דייטלעך באַוויזן, אַז זיי איז ליבער אַ צושטאַנד פון כסדרדיקע שפּאַנונגען און פּראָוואָקאַציעס איידער וואָסער עס איז באַרואיקונג. אויב אונדזער אָפּענסיווע וועט אָבער דעמאַסקירן זייערע אמתע כוונות, וועט אויך זיין דייגו.

אין ישראל האָט קיינמאָל נישט געהערשט קיין פּאַניק, ווייל ישראל האָט זיך צוגעוווינט זיך צו רעכענען מיט אירע אייגענע כוחות און מיט דער סאָ־לידאַריטעט פון יידן אויף גאָר דער וועלט. ס'איז נאָר דאָ איין וואָטום פון אומצוטרוי פאַר וועלכן ישראל שרעקט זיך באמת: דאָס איז אַ וואָטום פון אומצוטרוי מצד דעם יידישן פאָלק. די דאָזיקע פאַרזאַמלונג פון מגבית־עס־קנים האָט דעריבער אַ באַזונדערע באַדייטונג. ס'איז אַן אסיפה נישט נאָר פון כלל־טוער, וועלכע מאָביליזירן די פינאַנציעלע מיטלען אין וועלכע ישראל נייטיקט זיך, עס איז אַ צוזאַמענקום פון שותפים אין ישראלס גורל. איך

וויס אַז אין אייערע אויגן איז אייער גרעסטער שכר, אייער באַוווסטזיין, אַז יעדער איינער פון אייך האָט אַ דירעקטן חלק אינעם בנין־הארץ.

## אַ באַלאַנס פון פינף יאָר

ס'איז אוממעגלעך ריכטיק אָפּצושאַצן די עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג פון ישראל במשך פון די פינף יאָר פון איר עקזיסטענץ, אויב מ'געדענקט נישט מיט וועלכע שוועריקייטן מיר האָבן אָנגעהויבן צומאָרגנס נאָכן וואַפנשטיל־שטאַנד.

1) מיט פינף יאָר צוריק איז ישראל ווירטשאַפטלעך געווען אויסגעשעפּט צוליב דעם שטרייט פאַר איר אומאָפּהענגיקייט. אגב, איז נאָך עד היום הזה נישט אויפגעקלערט געוואָרן דער נס פון וואַנען עס האָבן זיך גענומען די גוואַלדיקע מיטלען פאַר די כלי־זין מיט וועלכע די מלחמה איז געפירט געוואָרן צו איר זיגרייכן אָפּשלוס. 2) אַן אומגעהויער גרויסן טייל פון אירע הכנסות האָט די נייע מלוכה באַלד געמוזט אינוועסטירן אין אומפּראָדוקטיווע אונטערנעמונגען, ווי בויען שאָסייען, אויפשטעלן וווינונגען, באַזאָרגן די נייע אַדמיניסטראַציע מיט עפנטלעכע בנינים. 3) די אימפּראָוויזירטע אַרמיי האָט געמוזט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ מאָדערנעם כוח פון שוץ און קאַמף, כדי צו פאַרפעסטיקן די זיכערקייט פון לאַנד. איך דאַרף נישט מפרש זיין וואָס פאַר אַ קאָלאָסאַלער עול דאָס באַדייט אין אונדזער היינטיקער צייט. 4) די עליה, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט דער אָפּשאַפונג פון דער שאַנד פון די דייטשישע לאַגערן, האָט געגעבן אונדזערע פּליטים און גערודפטע די היים וואָס מיר האָבן זיי צוגעזאָגט, אָבער דער מענטשן־מאַטעריאַל איז נישט תמיד געווען צוגעפּאַסט צו די שווערע פאָדערונגען פון דעם אויפבוי. ס'איז געווען נייטיק הילף, געדולד, איבערדערציאונג. 5) גרויס־בריטאַניע האָט זיך באַמיט איבערצולאָזן איר פריערדיק מאַנדאַט־לאַנד אין אַ צושטאַנד פון תוהו ובוהו. קיין רעזערוון זענען נישט געווען און צוזאַמען מיט דער עליה איז געוואַקסן די אינפלאַציע.

נעמט מען אין באַטראַכט אַזאַ פאַרצווייפלטן אָנהייב, קאָן מען זיך נישט גענוג אָנוווּנדערן איבער דעם וואָס איז דערגרייכט געוואָרן אין קנאַפּע פינף יאָר.

1) עליה: עס זענען אַריינגעקומען 720 טויזנט נייע עולים, דאָס הייסט (לויט דער היגער אָפיציעלער סטאַטיסטיק) כמעט צוויי מאָל אַזויפיל וויפל עס באַטרעפט דער גאַנצער יידישער ישוב אין אַרגענטינע. צוזאַמען מיט דעם נאַטירלעכן צוּוואוקס, האָט זיך די יידישע באַפעלקערונג פאַרגרעסערט פאַר דער צייט מיט 820 טויזנט נפשות. 2) לאַנדווירטשאַפט: אין די פינף

יאָר זענען אויפגעשטעלט געוואָרן 346 נייע פונקטן, דאָס איז מער ווי אַלץ וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין משך פון די פריערדיקע זיבעציק יאָר קאָ־לאָניזאַציע. איבערזעצט אויף אַ שפּראַך וואָס רעדט מער צו אונדזער פאַנ־טאַזיע, הייסט דאָס אַז יעדן חודש זענען אין דורכשניט צוגעקומען אין ישראל זעקס נייע דערפער. פאַר דער צייט זענען אַריבערגעפירט געוואָרן צו דער לאַנדווירטשאַפט 120 טויזנט נפשות, דאָס הייסט אַז יעדן חודש זענען צוגע־קומען צוויי טויזנט נייע פויערים. דער שטח פון באַוואַסערטן באָדן איז מער ווי פאַרדאָפּלט געוואָרן. 3) אינדוסטריע: די אינדוסטריעלע פּראָדוקציע איז כמעט פאַרפירפאַכט געוואָרן. ישראל פּראָדוצירט איצט אירע אייגענע פּאָס־פאַטן, איר אייגענעם גלאָז־זאַמד, איר אייגענע כעמישע באַמיסטיקונג, מיר עקספּאָרטירן שוין צעמענט און מיר האָפן אַז ער וועט פאַרנעמען אַ מער און מער וויכטיקן אָרט אין אונדזער אויסן־האַנדל. 4) וווינונגען: עס האַלטן ביים פאַרשווינדן די שטעט פון געצעלטן, די אַזוי גערופענע ערי אוהלים. מיר האָפן, אַז צום סוף פון דעם לויפנדיקן יאָר וועלן בלייבן אין די בלע־כערנע הייזער פון די מעברות נישט מער ווי 14 טויזנט משפחות. דאָס איז פאַרשטייט זיך נישט קיין קליינע צאָל, אָבער מיר האָבן שוין אויפגעבויט 100 טויזנט פּערמאַנענטע וווינונגען פאַר עולים. מיר זענען אויפן וועג צום גרויסן ציל פון דער מנוחה ונחלה, מיט וועלכער מיר וואָלטן געוואָלט באַ־זאָרגן יעדן איינציקן פון אונדזערע מידע איינוואַנדערער. 5) עפנטלעכע בנינים: אַ וואָרט נאָר וועגן די שולן. פון 135 טויזנט תלמידים אין ערשטן לערניאָר פון אונדזער זעלבסטשטענדיקייט איז די צאָל געוואַקסן אויף 340 טויזנט אינעם לערניאָר וואָס האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ פּאָר חדשים צו־ריק. דאָס הייסט כמעט דריי מאָל אַזוי פיל קלאַסן, דאָס הייסט אויך נייע, מער באַקוועמע שול־בנינים. 6) טראַנספּאָרט: דאָס לאַנד איז דורכגעשניטן געוואָרן מיט הונדערטער קילאָמעטער אַספאַלטירטע שאָסייען. די נעץ פון אייזנבאַנען איז פאַרדאָפּלט געוואָרן. גאַנצע 60 פּראָצענט פון אונדזער אימ־פּאָרט ווערט איצט אַריינגעבראַכט אין ישראלדיקע שיפן, בעת אין 1948 האָט אונדזער האַנדלס־פלאָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ קוים באַמערקווערדיקן אָנהייב.

## דער נס פון די 500 מיליאָן דאָלאַר

דער גרויסער נס וואָס איך האָב דאָ פּרובירט באַשרייבן מיט עטלעכע ציפערן האָט געקאָסט מיט אַ מיליאַרד דריי הונדערט טויזנט דאָלאַר מער איידער מיר האָבן פאַרמאָגט און פאַרדינט. כדי טיילווייז צו דעקן אַזאַ אונ־טערשייד, זענען אַריינגעקומען אין לאַנד, במשך פון די פינף יאָר צייט, 375

מיליאָן דאָלאַר אַדאַנק די קאַמפּיינען און 125 מיליאָן דאָלאַר אַדאַנק דער באָנאָס־הלוואה. מיר נייטיקן זיך אָבער אין נאָך מער ניסים און נאָך מער גבורות. לויט די פּלענער וואָס זענען אָקאָרשט פאָרגעלייגט געוואָרן פאַר דער עקאָנאָמישער קאָנפערענץ אין ירושלים, אויפן יסוד פון אַ זיבן־יאָר פּלאַן, וועלן מיר זיך נייטיקן אין 125 מיליאָן דאָלאַר אַ יאָר אַנשטאָט די 90 מיליאָן וואָס מיר האָבן זיך פאַרשאַפט דעם לעצטן יאָר.

איר האָט אויפגעשטעלט אין אַרגענטינע אַ איינציקאַרטיקע מגבית, אַן אמתע פאָלקס־באַוועגונג פאַר דער פינאַנציעלער שותפות פון אייער גאַנצן ישוב אין דעם אויפבוי פון ישראל. ברייטע מאַסן וואַרפן זיך אונטער דער דיסציפּלין פון דער מגבית, וועלכע איז געוואָרן אַ פאַנצער פון נאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט. אָבער דיסציפּלין האָט נאָר דעמאָלט אַ ריכטיקן זין, ווען די פאָדערונגען זענען הויכע, ווען דער קרבן איז אַ שווערער, ווען די רעזולטאַטן זענען איז פראָפּאָרץ צו דעם געבאָט וועלכן זי וויל אָפּהיטן.

איר, מגבית־עסקנים, האָט באַוויזן, אַז איר באַטראַכט אייער אויפגאַבע ווי א מלאכת הקודש. זאָלן געשטאַרקט זיין אייערע הענט און זאָל, אַדאַנק אייער מסירת־נפשדיקער אַרבעט, דאָס אַרגענטינער יידנטום פאַרנעמען, אויך אויפן געביט פון זיין עקאָנאָמישער סאָלידאַריטעט מיט ישראל, דאָס אָרט וואָס עס קומט אים אין אונדזער שווערן, ריזיקן פאַרמעסט.

# לאָמיר געבן אונדזער שטודירנדיקער יוגנט אינעווייניקע זיכערקייט

רעדע געהאַלטן דעם 9טן דעצעמבער 1953 אויף דער חנוכה־מסיבה פון „בני ברית" אין בוענאָס איירעס.

## בני ברית — אַ דערמאָנונג און אַ מאָנונג

עס פרייט מיך זייער, צו געפינען זיך אין דער מסיבה פון די „בני ברית", און דאָס צוליב אַ ריי טעמים.

ערשטנס, האָב איך תמיד געהאַלטן דעם נאָמען פון דער אָרגאַניזאַציע פאַר אַ ווונדערבאַרן. עס איז אַ נאָמען וואָס איז אַ דערמאָנונג און אַ מאָנונג. אין אונדזערע ספרים שטייט געשריבן, אַז איינער פון די מיטלען מיט וועלכע עס באַנוצט זיך דער יצר־הרע כדי אונדז אַראָפּצופירן פון דרך הישר, איז מאַכן אונדז פאַרגעסן אַז מיר זענען בני מלך. דער נאָמען פון „בני ברית" דערמאָנט אונדז כסדר אונדזער יחוס, אונדזער „אתה בחרתנו", וואָס איז נישט קיין וווּלגאַרע אויסדערוויילטקייט, נישט קיין עם־הארצישער קאָמפּלעקס פון סופּעריאָריטעט, נאָר אונטערטעניקייט כלפּי דעם גורל, וועלכער האָט אויף אונדז אַרויפגעלייגט דעם עול צו זיין צווישן די טרעגער פונעם פרייען געדאַנק, פונעם מענטשן באַשאַפן אין צלם אלקים, און פון אַ לעבן וואָס האָט אַ זין און אַן אינהאַלט.

אָבער נישט ווייניקער איז מיר געפעלן געוואָרן די אידייע פון „בני ברית". באַוווּסטזיניקע בירגער גרופּירן זיך מיטן צוועק צו טאָן מעשים טובים און צו זאָרגן דערפאַר אַז די פירערשאַפט פון אונדזער געזעלשאַפטלעכן לעבן זאָל זיך געפינען אין אָרנטלעכע הענט און אַז תקיפים און צבועקעס זאָלן פון איר פאַרטריבן ווערן. ס'איז אַ מין בונד פון למד־וו'ניקעס וועלכע טוען זייער אַרבעט שטיל, צניעותדיק, באַשיידן, און גיבן אַ ביישפּיל דורך זייער אייגענעם לעבנסשטייגער. ביי אחד העמען געפינט מען דעם געדאַנק וועגן אַזעלכע דינער פונעם כלל אויסגעדריקט אין פאַרשיידענע מאמרים זיינע, באַזונדערס אין זיין אַרטיקל איבער די „כהנים", איבער די פּריווילעגיע לערער און פּיאָנערן וועלכע גרייטן צו דאָס פאָלק און בויען אים אויף, נאָך איידער מען הייבט אָן אויפצובויען דאָס לאַנד. זיינע יחידי סגולה האָט אחד העם גע־

וואָלט זאַמלען אין אַן אָרדען מיטן נאָמען „בני משה", אָבער אים איז נישט געלונגען זיין פּלאַן צו פאַרווירקלעכן.

די אַמעריקאַנער „בני ברית", מיט זייער מאַסן־אָרגאַניזאַציע, האָבן מיר קיינמאָל נישט אימפּאָנירט. די מאַסע האָט אירע אייגענע געזעצן. דער פּרינ־ציפּ פון סעלעקציע איז נישט קיין מאַסן־פּרינציפּ. עס זענען אָבער פאַראַן גע־ביטן פאַר וועלכע עס איז צוגעפּאַסט דער כלל פון „אחרי רבים להטות", און אַנדערע געביטן ווו מען דאַרף גיכער אָנווענדן די יידישע „סמיכה". כדי צו ווערן אַ רב ביי יידן, איז געווען געווענלעך צו קריגן סמיכה, אַ צייגעניש פון באַרופנ־קייט, פון איין אייינציקן אַנדערן רב. אין אונדזערע אַמאָליקע ישיבות פלעגט דער ראש הישיבה אַליין באַשטימען, אָן מעכאַנישע עקזאַמענעס, אַז דער אָדער יענער תלמיד האָט פאַרענדיקט זיינע לימודים.

אין ישראל פאַרגרעסערט זיך לעצטנס די צאָל פון יענע, וועלכע האַלטן, אַז דער ענטפער אויף געוויסע האַרטקייטן פונעם איצטיקן לעבן קאָן געפונען ווערן נישט אין דער געזעצגעבונג, נאָר אין דער פרייוויליקער דיסציפּלין פון יחידים, אָדער פון קליינע גרופּן, וועלכע זוכן נישט מתקן צו זיין אַנדערע, נאָר זוכן זיך אַליין מתקן צו זיין. איך קען אַ גרופּע ריכטער, פּראָפעסאָרן און אינטעלעקטואַלן, וואָס קיין איינער פון זיי איז נישט קיין פרומער ייד, און וואָס קומען זיך צונויף שבת נאָכמיטיק און לערנען גמרא כדי זיך אויף דעם וועג צו לייטערן. אין 1948, ווען איך האָב אין דער צייט פון דער ערשטער הפוגה באַזוכט שפּרינצאַקן, אין ועד הפועל פון דער הסתדרות (ער איז דאַן געווען איר גענעראַל־סעקרעטאַר), האָט ער מיר געזאָגט, אַז וואָס עס פעלט אין ישראל איז נישט קיין העלדן, פּאָליטישע קעפּ, פּעאיקע אינזשינערן וכדומה, נאָר וואָס עס פעלט איז אַ פּאָר מענטשן וואָס זאָלן געפינען צייט פאַר אַ צווייטן מענטשן און פאַר וועלכע מ'זאָל זיך קאָנען אָראָפּריידן פון האַרצן.

## מיר שיקן אונדזערע קינדער אין לעבן אַריין אומבאַוואָפנט און אָן איינעווייניקער זיכערקייט

איך וויל זיך איצט דערלויבן אָפּשטעלן אויף איינער פון די קאָנקרעטע אויפגאַבן פאַר וועלכע די „בני ברית" שטייען היינט — איך מיין די אַרבעט צווישן די יידישע סטודענטן. איך האָב געהערט, אַז פון די אומגעפער צען טויזנט יידישע סטודענטן פון בוענאָס־איירעס האָבן זעקס טויזנט קיינמאָל נישט באַקומען די מינדעסטע יידישע דערציאונג. וויל איך קודם כל רעדן וועגן אונדזער צוגאַנג צו דער פראַגע.

איך בין נישט מסכים, אַז די סיבה פון אונדזער אינטערעס אין די דאָ־זיקע יוגנטלעכע דאַרף זיין די זאָרג, טאָמער וועלן זיי פאַרלוירן גיין פאַר

אונדזער פאָלק, בעת אונדזער פאָלק בייטיקט זיך אַזוי שטאַרק אין זיי. אַזאַ צוגאַנג איז נישט קיין ריכטיקער און וועט נישט פירן צו קיין רעזולטאַטן. מיר דאַרפן געשטויסן ווערן דורך אונדזער זאָרג פאַרן גליק פון אונדזערע קינדער וועלכע מיר שיקן אין לעבן אַריין אומבאַוואָפנט און אָן אינעווייניקער זיכערקייט. אונדזערע יונגע מענטשן קאָנען זיך איינרעדן, אַז דאָס פּראָפּעסיאָנעלע לעבן איז אַן אַבסטראַקטע וועלט, וואָס ווייסט נישט פון קיין ראַסן, פון נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע אונטערשיידן. מיר אָבער ווייסן אַז אַזאַ אַבסטראַקציע געפינט זיך אפשר אין די גאָר הויכע ספערן פון דער וויסנשאַפט, אָבער אַז אַדוואָקאַטן, דאָקטוירים, אינזשינערן, וועלן זיך פריער אָדער שפּעטער אָנשטויסן אין דער פּראָבלעם פון זייער יידישן אָפּשטאַם. מיר טאָרן נישט דערלאָזן, אַז זייער קענטעניש וועגן יידישקייט זאָל זיך באַגרענעצן אויף יידישע צרות, אַז זיי זאָלן זאָגן אַ טאָג ווי היינריך היינע, אַז „יידישקייט איז נישט קיין רעליגיע נאָר אַן אומגליק". מיר מוזן זיי געבן גענוג יידיש וויסן און גענוג יידיש באַוווסטזיין, אַז זיי זאָלן אין זייער יידישקייט געפינען שטאָלץ און זיכערקייט, זיי זאָלן זיך אַליין פאַרשטיין, זיי זאָלן באַגרייפן פאַר וואָס זיי זענען אַנדערש און פאַרוואָס עס איז גוט וואָס זיי זענען אַנדערש. זיי זאָלן איינזען, אַז זייער יידישקייט איז גייסטיקע רייכקייט, עטישע גרויסקייט, און אַז דער וועג פון יידישקייט פירט צו דרך ארץ און גאַנצקייט.

געוויס, די איצטיקע יידישע יוגנט באַזיצט עפּעס וואָס די סטודענטן אין מיינע יאָרן האָבן נישט פאַרמאָגט; זיי האָבן ישראל, וואָס גיט זיי שטאָלץ און כבוד, וואָס מאַכט אַ סוף צו זייער נאַציאָנאַלער ממזרות, וואָס גיט זיי אַ מעגלעכקייט אָנצווייזן אויף אַ שטיקל ערד אויף דער וועלט־מאַפּע ווי אויפן פאָטערלאַנד פון זייער שטאַם.

אָבער ישראל קאָן נישט האַלטן אין איין געבן אויסערלעכן גלאַנץ, זי קאָן נישט יעדעס יאָר באַזיגן זיבן מלוכות און בויען שאָסייען קיין סדום. ישראל איז אַ קאָכעדיקער קעסל פון אַ סך קולטורן און אַ סך ווערטן, זי געפינט זיך אינמיטן פון אַ גראַנדיעזן פּראָצעס פון פשרה־זוכענישן צווישן אַלטע און נייע באַגריפן און הייליקייטן. מיט אָט דער ישראל מוז זיך אונדזער יוגנט באַקענען, פון איר מוז זי ווערן אַדורכגעדרונגען.

## ווי אַזוי דערגרייכט מען אינעווייניקע זיכערקייט?

פאַראַן צופיל צווישן אונדז וואָס גייען זוכן ישראל ביי גרויסע געשעענישן אויף פּלאַסאַ דע מאַזשאָ, ביי אויפנאַמעס אין דער ישראל־לעגאַציע אָדער אויף מאַסן־פאַרזאַמלונגען. ס'איז געקומען די צייט זיי זאָלן עפענען פאַר ישראל די טיר פון זייער היים. אינערלעכע זיכערקייט איז אַ רעזולטאַט פון

אַ ריכטיקער באַציאונג צווישן דעם יחיד און דער אַרומיקער וועלט, פון אַ ריכטיקער אויפפאַסונג מצד דעם יחיד פון דעם אָרט וואָס ער אַליין פאַר־נעמט אין דער וועלט, און וואָס זיין פאָלק פאַרנעמט ביי אים, ווי אויך פון זיין באַציאונג צום לאַנד אין וועלכן ער לעבט און פון זיין פאַרבינדונג מיט ישראל.

יידן האָבן נישט ליב זיך צו גריבלען אין די סיבות פון אונדזער גרויסן נאַציאָנאַלן אומגליק בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה. זיי ווילן נישט באַ־טראַכטן ווי עס האָט געקאָנט פּאַסירן, אַז מיליאָנען זאָלן זיך לאָזן פירן ווי שאָף צו דער שחיטה. מיין איבערצייגונג איז, אַז איינע פון די סיבות דאַרף מען זוכן אין דעם בילבול־המוחות וואָס האָט געהערשט ביי יידן צווישן די צוויי וועלט־מלחמות. דער יידישער יחיד האָט נישט פאַרשטאַנען זיין פּלאַץ אין דער אַרומיקער וועלט. די שרעקלעכע וואָרצללאָזיקייט פון יידן אומע־טום איז געווען איינע פון די הויפּט־סיבות פון דער קאַטאַסטראָפע. אַמבעסטן האָבן אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען צוויי גרופּעס: די עקסטרעמע אָרטאָדאָקסן, וואָס די יידישע אמונה האָט אויסגעפילט זייער גאַנץ לעבן, און די חלוצישע יוגנט וואָס איז געווען דורכגעדרונגען מיטן געדאַנק פון הגשמה עצמית.

איך קאָן נאָר באַגריסן די „בני ברית״, אויב זיי האָבן טאַקע גענומען אויף זיך די אויפגאַבע צוריקצובריינגען צו אונדז אונדזער שטודירנדיקע יוגנט, צו געבן איר פעסטקייט און אינערלעכע זיכערקייט. מיר טאָרן נישט פאַרלירן קיין צייט, ווייל יעדעס יאָר קומען צו טויזנטער וואָרצללאָזע, דאָס הייסט הילפלאָזע יידישע אינטעלעקטואַלן, הילפלאָז אין טיפסטן זין פון וואָרט.

מען זאָגט מיר, אַז שוין מער ווי צוויי יאָר ווי „בני ברית״ אַרבעט אי־בער עפּעס אַ פּלאַן און קאָן אים נישט פאַרווירקלעכן צוליב מאַנגל אין מענטשן און געלט. מיר דוכט, אַז ביידע געפינען זיך אין בוענאָס־איירעס. וואָס אָנבאַלאַנגט מענטשן, מוזן יידישע פירער אין בוענאָס־איירעס האָבן מער צוטרוי צו זיך אַליין. וואָס אָנבאַלאַנגט געלט קומט מיר אַרויף אויפן געדאַנק די מעשה מיט יענעם אָרעמען תלמיד חכם, ביי וועמען זיין זון האָט מיט טרערן אין די אויגן געבעטן אַ שטיקל ברויט. „ס׳קאָן נישט געמאָלט זיין אַז דו זאָלסט זיין אַזוי הונגעריק״, האָט אים דער פאָטער געזאָגט, „ווייל אַנדערש וואָלט איך געהאַט דאָס געלט דיר דאָס ברויט צו קויפן״. קוים האָט ער אַרויסגעזאָגט די ווערטער, ווי ער דערזעט אויפן טיש אַ קליינע מטבע גענוג אויף צו קויפן אַ האַלבן לאַבן ברויט. „זיי מיר מוחל, מיין קינד״, האָט ער געזאָגט, „דו ביסט באמת זייער הונגעריק״. ווען די פירערשאַפט פון „בני ברית״ וועט פילן אַ שטאַרקן הונגער צו לייזן די פּראָגע פון דער יידישער סטודענטנשאַפט, וועט זי אויך געפינען די נייטיקע פינאַנציעלע מיטלען.

## אונדזער ווייטיק איז איינער פון די קוואַלן פון אונדזער באַפרייאונג

טרויער־ווערטער, דעם 30סטן יוני 1954, בעת אַן אזכרה אין דער ישראל־לעגאַציע פון בוענאָס איירעס, נאָך די געפאַלענע אין מבואות־ביתר.

מיר זענען זיך דאָ צוזאַמענגעקומען ווי ברידער־אבלים, באַהערשטע פון אונדזער געפיל פון ווייטיק, וועלכער איז שטאַרקער פון אַלע אונטערשיידן און באַזייטיקט אַלע מחיצות.

מיר זענען זיך דאָ צוזאַמענגעקומען, כדי צו שעפּן אויפלעבונג און אויס־לייזונג פון דעם טאָפּלטן קוואַל פון צער און ווידערשטאַנד.

איך ווייס נישט ווי עס האָבן אויסגעזען די דריי חברים פון מבואות ביתר, וועלכע זענען העלדיש געפאַלן אויף און פאַר די גרענעצן פון ישראל, אָבער איך ווייס אַז זיי האָבן געהערט צו אונדזער חלוצישער יוגנט, צו דער מחנה פון פּיאָנערישער שאַפונג, וועלכע שטעלט מיט זיך פאָר אַ װוּנדער־לעכן געוועב פון אַרבעטער און קעמפער, פון בעלי־חלומות און מענטשן פון טאַט.

די עקזיסטענץ פון דער מדינה הענגט אָפּ פונעם קאַמף פאַר דער באַ־פעסטיקונג פון אונדזער זעלבסטשטענדיקייט. דער דאָזיקער פּראָצעס שטעלט אַוועק דאָס רוב פונקטן, אין וועלכע עס האָבן זיך באַזעצט די חלוצים פון לאַטיין־אַמעריקע, פאַר אַ טאָגטעגלעכן נסיון. אונדזערע דרום־אַמעריקאַנער ישובים האָבן דאָס רעכט צו שטאָלצירן מיט זייערע קינדער, וואָרום די מדינה האָט זיי אָנפאַרטרויט עטלעכע פון די שליסל־פּאָזיציעס וועלכע באַשטימען אונדזער גורל.

צו די עלטערן זאָג איך: ווייסט, אַז אייער טרויער איז נישט דער טרויער פון יחידים, נאָר דער טרויער פון גאַנצן פאָלק. ווייסט, אַז אייערע קינדער זענען געפאַלן אין אַ פאַרמעסט „וואָס זייט די טעג פון זרובבל האָבן מיר נישט באַוויזן אַזאַ וויכטיקן און ריזיקן אויפטו״. דורות וועלן זיך אייבער דעם

צווייטן איבערגעבן אונדזער ווייטיק, אים הייליק האַלטן ווי איינעם פון די קוואַלן פון אונדזער באַפרייאונג און אים אָפּהיטן צווישן די אייביקע ווערטן פון אונדזער פאָלק „המזהירים כזוהר הרקיע״.

אונדז אַלעמען פאָדערט אויף דער טויט פון יצחק דון, יוסף דש און משה רובין אויסצופירן אונדזערע שליחותן מיט טריישאַפט און מסירת נפש — יעדער איינער זיין שליחות, וואָרום צוזאַמען וועלן זיי אונדז פירן צו נצחון און פרייהייט. און זאָל מקויים ווערן מיט אונדז וואָס עס שטייט געשריבן: „דער וואָס טרויערט אויף ירושלים וועט זוכה זיין צו זען איר פרייד״.

# בנימין-זאב הערצל, לעגענדע און רעאַליטעט

רעדע געהאַלטן דעם 25סטן יולי 1954 אויף דער הערצל־פייערונג אָרגאַניזירט צום 50סטן יאָרצייט דורך די יידישע רעפּרעזענטאַטיווע קערפּערשאַפטן פון אַרגענטינע.

ראש חודש אלול תרס״ד, ווייניקער ווי זעקס וואָכן נאָך הערצלס טויט, שרייבט אחד העם, דעם פאַרשטאָרבענעמס גרויסער קעגנער, אין דער הקדמה צום דריטן טייל פון זיין באַרימטן ווערק „על פרשת דרכים״ (אויפן שיידוועג):

## אַ שטאָף פון וועלכן מען קאָן וועבן לעגענדעס

„ס׳זעט אויס, אַז דער פאַרשטאָרבענער מנהיג איז באַרופן צו זיין אַ גרויסע שטויס־קראַפט, אפשר מער ווי עס איז געווען דער לעבעדיקער פּי־רער... הערצל, דאָס אידעאַלע בילד, ווי עס שאַפט זיך פאַר אונדזערע אויגן אין דער פאָרשטעלונג פון אונדזער פאָלק, ווי וווּנדערבאַר וועט ער אויסזען און ווי גרויס וועט זיין זיין כוח ווידער משפּיע צו זיין אויפן גייסט פון פאָלק, עס צו רייניקן פון דער קראַנקייט פון גלות, אויפוועקן אין אים דאָס געפיל פון נאַציאָנאַלער ערע און שטאַרקן זיין שטרעבונג צו אַ ריכטיקן נאַציאָנאַלן לעבן!... מיטן פאַרלויף פון דער צייט, וועט דאָס אידעאַלע בילד פון דעם „נאַציאָנאַלן העלד״ דערגרייכן צו זיין גאַנצער שלימות. דעמאָלט וועט אפשר ער אויך ווערן פאַר אונדזער פאָלק, אין אונדזערע דורות, דאָס וואָס עס זענען געווען פאַר אונדזערע עלטערן אין די פאַרגאַנגענע דורות די אַמאָליקע גבורים פון דער אומה, און דאָס פאָלק וועט אין אים פאַרקערפּערן זיין נאַציאָנאַלן אידעאַל״. (כל כתבי אחד העם, דביר, זייט 251).

אָט די נבואה פון אַ מענטשן וועלכער האָט אָפּגעוואָרפן אַ סך פון הערצלס אידייען און מעטאָדן, אָבער וועלכער, ער אַליין אַ גרויסער מענטש, האָט געוווסט ווי צו דערקענען אַ היסטאָרישע פּערזענלעכקייט, איז צו אונ־דזער גליק מקויים געוואָרן. וואָרום ס׳איז אַ גרויס מזל פאַר אַ באַוועגונג און פאַר אַ פאָלק ווען זייער מנהיג איז געמאַכט פון אַזאַ שטאָף, אַז עס קאָנען זיך דערפון וועבן לעגענדעס, און ווען זיין לעבן, זיינע געדאַנקען, זיין גע־שטאַלט קאָנען אָנצינדן הערצער. היינט, פופציק יאָר נאָך זיין טויט, קאָנען מיר אים דערמאָנען מיט ליבע און מיט שטאָלץ, אָן רעזערוואַציעס און אָן פעלשונגען. מיר קאָנען אים דערמאָנען ווי ער איז געווען און אָנערקענען זיין

גרויסקייט, ווייל די געשיכטע האָט געטאָן מיטן יידישן פאָלק דעם גרויסן חסד אַז הערצל איז באמת געווען באַשאַנקען מיט אַן אַ שיעור עלעמענטן וועלכע שטעלן צונויף אַ לעגענדאַרע פערזענלעכקייט. זיין קאַריערע פאַרמאָגט דראַמע און דערהויבנקייט, שטורעם און שיינקייט און גוטסקייט. ער האָט געהאַט יענע מעלות מיט וועלכע די גריכן פלעגן רעזומירן אַ מענטש אַ מושלם: „קאַלאָס קאַגאַטהאָס" — שיין און אויך גוט.

וועלכע זענען דאָס די מאָמענטן, וועלכע האָבן געמאַכט פון הערצלען אַזאַ אויסערגעוויינלעכע פערזענלעכקייט, אַז ער האָט געקאָנט ווייטער לעבן מיט אונדז און אינספּירירן אונדז אין די אַלע פופציק יאָר וועלכע זענען פאַרביי זייט זיין טויט?

## די קאָמפּאָנענטן: מאַיעסטעטישע דערשיינונג, צויבער פונעם סטיל, זעלבסטזיכערקייט

איך וויל ערשטנס דערמאָנען זיין איידעלע דערשיינונג, זיין מאַיעסטעטישקייט. עס טרעפט אַז אַ פאָלק זוכט זיך אָפּצושפּיגלען אויך אין דער הדרת פנים פון אַ מנהיג, באַזונדערס ווען עס איז אין גלות. ווען מ'האָט אויפגעצווונגען אַ פאָלק אַ סאָרט לעבן וואָס באַפרידיקט אים נישט, זוכט עס ווי אַזוי שענער, איידעלער צו מאַכן געוויסע אַספּעקטן דערפון. און אַזוי ווערט פון שבת די פרינצעסין שבת און צוליב דעם דערהערט זיך אויפן ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס דער אַלטער אויסרוף „יחי המלך" — עס זאָל לעבן דער קעניג. די בענקשאַפט פון גלות נאָך פיזישער ווירדיקייט האָט געהאַט געפונען אין וועמען זיך צו פאַרקערפּערן און דערי‌בער, ווען ער איז געשטאָרבן, האָבן די נאָענטע געזוכט ווי אַזוי צו פאַראייביקן זיין שיינקייט מ'יט דער פען און מיטן פענדזל. ישראל זאַנגוויל האָט אים געווידמעט אַ וווּנדערלעכן סאָנעט, וועלכער הייבט זיך אָן "Farewell, sweet prince" — „אַדיע, זיסער פרינץ" און אַ רב האָט דערקלערט אַז ווען ער פלעגט אויפטרעטן, פלעגט אויף אים רוען די שכינה.

די שיינקייט פון זיין סטיל האָט נאָך פאַרשטאַרקט זיין לעגענדאַרישן צויבער. וואָס ער האָט געשריבן האָט געהאַט דעם כישוף פון אַ גאַנצער און אַ דויערהאַפטיקער שאַפונג. ס'איז געווען אַ בלעטער צו טאָן אין הערצלס שריפטן, כדי אָנצוזאַמלען אַן אַנטאָלאָגיע פון אַפאָריזמען, וואָס מען ווייסט נישט וואָס מער צו באַוווּנדערן אין זיי — דעם שוווּנג, די חכמה אָדער די מעלאַנכאָלישע גראַציע.

ער האָט פאַרמאָגט די זיכערקייט פון עמעצן וועלכער ווייסט, אַז ער

איז אַ מענטש פון גורל. ער איז געווען איבערצייגט, אַז נישט צופעליק זענען צו אים געקומען די געדאַנקען, וועלכע ער האָט אַנגעוואָרפן אין זיין „יידנ־שטאַט״, נאָר אַז ער איז אויסגעקליבן געוואָרן פאַר אַ פאָרויסבאַשטימטער שליחות. און דעריבער, ווען ער פאַרענדיקט שרייבן דאָס דערמאָנטע בוך, פאַרצייכנט ער אין זיין טאָגבוך דעם 16טן יוני 1895: „איך גלויב, פאַר מיר האָט דאָס לעבן אויפגעהערט און זיך אָנגעהויבן די וועלט־געשיכטע״. ס׳איז געווען אַ גלויבן וואָס ער האָט געטראָגן אין זיך, אַ סוד וואָס ער האָט נישט אויסגעזאָגט, אָבער וואָס האָט אים אַרומגערינגלט און אים געגעבן אַ באַזונדערן מאַגנעטיזם. און ווען, פון 29טן ביזן 31טן אויגוסט 1897, איז מיט־אַמאָל אויפגעשטאַנען אין באַזעל אַ יידיש פאָלק, וואָס נעכטן איז עס געווען נישט מער ווי שטויב, און האָט פּראָקלאַמירט פאַר דער גאַנצער וועלט זיינע פאָדערונגען און האָפענונגען, האָט הערצל זיך אויסבאַהאַלטן אין דער אינטימיטעט פון זיינע „פּריוואַטע נאָטיצן״, כדי צוזאַמענצונעמען זיינע איינדרוקן „אין אַ זאַץ, וואָס איך וועל זיך היטן אַרויסצוזאָגן עפנטלעך: אין באַזעל האָב איך געגרינדעט די יידישע מדינה״.

אָבער מער ווי אַלץ וועט זיין לעגענדע געשפּייזט פון דעם דראַמאַטישן קאַמף וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין און אַרום אים די אַלע יאָרן וואָס ער איז געווען מיט אונדז. די רואיקע טרויעריקייט פון זיין געזיכט דערציילט נאָר עטוואָס פון די מלחמות וועלכע פלעגן אים נישט געבן קיין רו טאָג־איין, טאָג־אויס.

## די דראַמע: קאַמף מיט זיך אַליין, מיט זיין משפחה, מיט די יידן

ערשטנס, דער קאַמף מיט זיך אַליין. ווען ער האָט אָנגעהויבן זיך אינטערעסירן מיט דער יידנפראַגע, איז ער געווען ווייט פון יידישקייט, געוווסט זייער ווייניק וועגן יידישע מנהגים און ווערטן, און דער וועג צוריק איז נישט געווען קיין לייכטער. יעדערער קען זיין מייסטערהאַפטן פעליעטאָן „די מנורה״, וועגן דעם אינטעלעקטואַל וואָס אַ ווייַנאַכט־בוים פאַר זיינע קינדער איז פאַר אים געווען אַזאַ נאַטירלעכע זאַך, ווען גאַנג צו אַסימילאַציע איז געווען אַזוי פשוט און לייכט, און וועלכער אַנטדעקט לאַנגזאַמערהייט די שיינקייט פון יידישקייט און וויל ווערן דער שמש פון דער מנורה, אַ דינער פון ליכט. די דערציילונג איז אַן אויטאָביאָגראַפישע און איר העלד איז נישט קיין אַנדערער ווי טעאָדאָר הערצל אַליין.

ער האָט געדאַרפט קעמפן מיט זיין משפחה, וואָרום נאָר זיין טאַטע־מאַמע זענען געווען מיט אים. זיין פרוי און זיינע נאָענטע האָבן אים נישט געקאָנט פאַרשטיין און האָבן געפילט אַ שטילע שנאה פאַר אַ באַוועגונג, וואָס

אין זייערע אויגן איז זי געווען ווילד און אָן פּרעסטיזש, וועלכע האָט פון זיי אָפּגעריסן דעם פאַמיליע־פאָטער און זיי אַליין געטריבן צו אָרעמקייט. אָבער הערצל, הגם ער איז געווען אַ באמת גוטער מענטש, האָט נישט געקאָנט נאָכגעבן זיי און מוותר זיין אויף אָן אידייע, וואָס איז געוואָרן דער זין פון זיין לעבן.

ער האָט געדאַרפט קעמפן כדי נישט אָנצווערן זיין טעגלעך ברויט. ער פלעגט שרייבן טיפזיניקע און גראַציעזע פעליעטאָנען פאַר דער גרעסטער עסטרייכישער טאָג־צייטונג „די נייע פרייע פרעסע״, וועלכע איז דעמאָלט געווען איינע פון די וויכטיקסטע צייטונגען אין דער וועלט. די יידישע בעלי־בתים, העפטיקע אַנטי־ציוניסטן, האָבן נישט פאַרטראָגן די נייע באַרימטקייט וואָס זייער גלענצנדיקער מיטאַרבעטער האָט זיך דערוואָרבן מיט זיין יידי־שער פאָליטיק און אַרום זיין שרייבטיש האָט געשוועבט אַ שטענדיקער קריזיס.

ער האָט געהאַט צו קעמפן מיט די יידן, קודם כל, מיט די רייכע, די ערשטע וועלכע ער האָט געהאָפט צו געווינען פאַר זיינע געדאַנקען און אין וועמענס הילף ער האָט זיך געניייטיקט, ווייל ער האָט דאָך געוואָלט קויפן טובות, רעכט אויף אַ טעריטאָריע. שפּעטער, האָט ער געמוזט שטרייטן מיט דער סאַמע באַוועגונג, וועלכע האָט זיך געהאַט געזאַמלט אַרום אים, וועלכע האָט אים נישט שטענדיק פאַרשטאַנען, נישט תמיד געהאַט קיין צוטרוי אין אים, אַ ווייטיקדיקער צוזאַמענשטויס וועלכער האָט אים צעבראָכן.

און לאָמיר אויך נישט פאַרגעסן זיינע אידעאָלאָגישע וואַנדלונגען, די אינעווייניקע איבערקערעניש, וועלכע האָט אים געבראַכט פון מערב־יידנטום, וואָס ער איז געווען איינער פון אירע פולקומענסטע פּראָדוקטן, צו די מזרח־אייראָפּעישע יידן, וואָס האָבן געהערט צו אַן אַנדער וועלט, און וואָס ער האָט מער רחמנות געהאַט אויף זיי איידער ער האָט זיי פאַרשטאַנען. דערצו קומט דערנאָך זיין עוואָלוציע פון יידנשטאַטלער, וועמענס פּלענער זענען נישט געווען געבונדן מיט אַ באַשטימטער טעריטאָריע, אין אַ פּאָליטישן חובב ציון, וועלכער האָט געזען די איינציקע לייזונג אין ארץ־ישראל.

עס וווּנדערט מיך באמת, וואָס ס׳איז נאָך נישט אויפגעשטאַנען אַ דראַ־מאַטורג, וואָס זאָל באַאַרבעטן אַזאַ שטאָף פול מיט דראַמע, מיט קאָנפליקטן און מיט דערהויבנקייט, און שאַפן אַ ווערק וואָס זאָל אָפּשפּיגלען די גע־שיכטע פון אַזאַ זעלטענער פּערזענלעכקייט.

## די העכסטע דראַמע: זיין קורץ לעבן

איך האָב נאָך נישט דערמאָנט די העכסטע דראַמע, די קורצע צייט וועל־כע ער האָט פאַרבראַכט מיט אונדז. וואָרום פון דעם טאָג ווען דער „יידנ־

שטאַט״ איז דערשינען אין דרוק אין ווין (14טן פעברואַר 1896) ביז צו זיין טויט (3טן יולי 1904) זענען פאַרביי ווייניקער ווי אַכט און אַ האַלב יאָר, און פון דעם ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס (29־31 אויגוסט 1897) ווייניקער ווי זיבן יאָר. ווי שנעל דאָס לעבן, ווי אומגעריכט דער סוף, ווי פריצייטיק דער טויט צו 44 יאָר! זיין גורל האָט ער אַקצעפּטירט, ער האָט געוווסט, אַז דער טויט וועט זיין דער לוין פאַר די יאָרן איבערמענטשלעכער אַרבעט. איי־דער ער איז אָפּגעפאָרן קיין עדלאַך, דער אָרט וווּ ער האָט געזאָלט שטאַרבן, האָט ער איבערגעלאָזט אויף זיין שרייבטיש אַ צעטעלע מיט אַ וואַריאַנט פון אַן ענגלישער טרויער־תפילה: “In the midst of life comes the death” — אין מיטן פון לעבן קומט דער טויט.

ער איז געשטאָרבן נאָכדעם ווי ער האָט אַלצדינג מקריב געווען, זיין פאַמיליע, זיין פאַרמעגן, זיין לעבן.

## אַ גרויסער אידעאָלאָג און אַ מענטש פון טאַט

ווען הערצל וואָלט געגעבן אונדזער פאָלק נאָר דאָס וואָס איך האָב אויס־גערעכנט, יענע עלעמענטן פון אַ לעגענדאַרישער פיגור, וועלכער איז געקו־מען פון דער ווייטער און טיפער מערב־אַסימילאַציע צו זוכן זיינע ברידער, געפינען פאַר זיי אַ לייזונג, אַרויסרייסן זיי פון זייער נויט און אומקערן זיי צום צוגעזאָגטן לאַנד, און האָט דאָס אַלץ געטאָן מיט מסירות נפש און גרויס־קייט, וואָלט איך געזאָגט דיינו: עס איז זייער אַ סך, עס איז גענוג. וואָרום דערמיט אַליין וואָלט ער געגעבן דעם פאָלק דאָס וואָס עס האָט אַזוי נייטיק געהאַט, מיט וואָס צו וועבן חלומות, מיט וואָס צו שפּייזן האָפענונגען און שטאַרקן דעם ווילן זיך צו באַפרייען. אָבער ער האָט אונדז געגעבן אַ סך מער. ער איז געווען נישט קלענער ווי אַן אידעאָלאָג און אַ מענטש פון מעשים, און קיינער קאָן זיך נישט באַרימען מיט אַ גרעסערן צושטייער אויף דעם גע־ביט. זייט חורבן בית שני איז ער דער ערשטער, וועמענס געדאַנקען און די אינסטרומענטן וואָס ער האָט געשאַפן זענען געבליבן, ביז צום היינטיקן טאָג, די פונדאַמענטן פון אונדזער פּאָליטישער אידעאָלאָגיע און פון אונדזער אָר־גאַניזירטן לעבן.

## די אַלוועלטלעכע איינהייט פון יידישן פאָלק

ער איז געווען דער ערשטער וואָס האָט פּראָקלאַמירט די אַלוועלטלעכע איינהייט פון יידן, וועלכער האָט דערקלערט אַז די צעזייטע און צעשפּרייטע יידישע קהילות, ווו זיי זאָלן זיך נישט געפינען, וואָס עס זאָל נישט זיין זייער

אורשפּרונג, וואָס פאַר אַ פּאַרב עס זאָל נישט האָבן זייער הויט, אין וועלכן נוסח זיי זאָלן נישט דאַוונען און אויף וואָסער שפּראַך זיי זאָלן נישט רעדן, זיי אַלע צוזאַמען זענען איין פאָלק. מען קאָן אפשר טענהן אַז די „אַליאַנס איזראַעליט אוניווערסעל“, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן אין 1860, האָט זיך באַנוצט פאַר הערצלען מיטן באַגריף פון יידישער אַלוועלטלעכקייט. אָבער דער ציל פון דער אַליאַנס איז געווען נאָר צו פאַרטיידיקן די יידישע פּאָזי־ציעס אויף די ערטער; אַ חוץ דעם איז זי באַלד פאַרכאַפּט געוואָרן פון אַסי־מילאַטאָרישע קרייזן, וועלכע האָבן דערשטיקט און סאַבאָטירט דעם אחדות־געדאַנק וועלכן זיי האָבן געהאַלטן פאַר געפערלעך.

פאַר הערצלען האָט יידישע אייניקייט באַרעכטיקט זיין פאָדערונג פון אַ יידישער מדינה. זי האָט אויך געזאָלט זיין דער אינסטרומענט מיט וועלכן מען וועט די מדינה פאַרווירקלעכן. אין זיין בראָשור איבער דעם ערשטן באַזעלער קאָנגרעס, וועלכע איז דערשינען ענדע 1897, שרייבט ער: „כדי צו־צוקומען צו דער יידישער היים וואָס זאָל זיין געזיכערט דורכן פעלקער־רעכט, מוזן מיר זיך ערשטנס באַווייזן ווי אַ פאָלק. איז דאָס פאָלק פאַראַנען, דע־מאָלט שאַפט עס זיך שוין אַליין דאָס שטיקל ערד וואָס עס דאַרף האָבן“.

דער געדאַנק קלינגט זייער אָפּגעדראָשן, אָבער אייגנטלעך איז עס גע־ווען אַ רעוואָלוציאָנערער געדאַנק, וואָס ביז צום היינטיקן טאָג אַקצעפּטירן אים נישט אַלע יידן, און נאָך ווייניקער אַלע גויים. אונדזער פאָדערונג, אַז יידן פון גאָר דער וועלט זאָלן מעגן עולה־זיין קיין ישראל, באַזירט זיך טאַקע אויף דעם פּאָסטולאַט אַז יידן, ווו זיי זאָלן זיך נישט געפינען, זענען אַ טייל פון איין פאָלק און אַז די מדינה איז געגרינדעט געוואָרן פאַר די קינדער פון אָט דעם פאָלק וועלכע זענען פאַרשפּרייט אומעטום און וועלכע ווילן אָדער דאַרפן אַ היים, צי דער מאָטיוו וואָס באַוועגט זיי איז נאַציאָנאַל, עקאָנאָמיש אָדער גייסטיק. אויף דעם פּרינציפּ באַרוט אויך אונדזער טענה, אַז מיר האָבן דאָס רעכט צו באַקומען די הילף פון די יידישע תפוצות אין גאָר דער וועלט.

## די יידישע פראַגע — אַ וועלט־פראַגע

הערצל איז געווען דער יעניקער, וועלכער האָט אויפגעהויבן די יידי־שע פראַגע צו אַ וועלט־פראַגע. ער איז געווען טיף איבערצייגט אין דער וויכ־טיקייט און נוצלעכקייט פון אַן „אינטערנאַציאָנאַלער דיסקוסיע“. פאַר אים האָט קיינער נישט געקלערט, אַז מען קאָן קומען צו דער עפנטלעכער מיינונג אין נאָמען פון אַן אָרגאַניזירטן יידישן פאָלק און פּראָקלאַמירן כלפּי עם ועדה אַז די יידישע לאַגע גייט אַלעמען אָן און אַז די מלוכות דאַרפן געפינען דער־

צו אַ לייזונג. קיינער האָט נישט געוואַגט צו זאָגן אַזאַ מין זאַך קלאָר און דרייסט.

אויך דער באַגריף, אַז די יידישע פּראָבלעם איז די זעלביקע אין גאַר דער וועלט, איז געווען אַ רעוואָלוציאָנערער. ס׳וואָלט אַגב געווען אַ טעות צו גלייבן אַז אַלע זענען שוין מסכים, אַז אויב יידן ליידן ערגעץ אין אַ לאַנד, איז דאָס נישט קיין אינעווייניקסטער ענין און אַז די איבעריקע וועלט האָט דאָס רעכט זיך אַריינצומישן. פּונקט אַזוי ווייניק איז מען שוין גרייט צו אָנערקענען, אַז אַזאַ מצב איז נוגע יידן פון אַנדערע לענדער. אַ חוץ דעם זענען אַפילו אַלע יידן נישט מסכים אַז אַזעלכע צרות דאַרפן באַהאַנדלט ווערן עפנטלעך און נישט אויפן וועג פון שטילע פשרות, הינטער די קוליסן.

די פּאָליטיק פון עפנטלעך דערקלערן אונדזער שטאַנדפּונקט און ווערבירן די פּאַרשטענדעניש און די הילף פון אַלעמען איז געבליבן אַ יסוד פון אונדזער שיטה. עס טרעפט אַז געוויסע אינטערנאַציאָנאַלע אינסטאַנצן ברענגען אונדז אַרויס פון דעם געדולד, אָבער ווען אַ אומה איז פאַרשפּרייט איבער ימים און לענדער און בויט זיך אַ היים אין אַן אָרט וואָס צוליב רעליגיעזע, סענטימענטאַלע אָדער עקאָנאָמישע סיבות אינטערעסירט ער כמעט אַלעמען, דעמאָלט קאָן זי נישט דערגרייכן איר ציל, אויב זי נעמט נישט אין באַטראַכט אין איר אַרבעט דעם דאָזיקן אוניווערסאַלן מאָמענט. בקיצור, מיר קאָנען זיך נישט אַרויסדרייען פון צוויי גרונט־עלעמענטן פון אונדזער לאַגע: מיר זענען אַ וועלט־פאָלק און ישראל איז אַ וועלט־לאַנד. מיר מוזן דעריבער געפינען אַ וועג ווי אַזוי צו לייזן אונדזער פּראָבלעם מיט דער הילף פון דער אַלוועלטלעכער עפנטלעכער מיינונג.

## צושטייער צום וווילזיין פון דער מענטשהייט

אויך איז הערצל געווען דער וואָס האָט פאַרבונדן די לייזונג פון דער יידישער פראַגע מיטן וווילזיין פון דער גאַנצער מענטשהייט. די וועלט האָט אַן אינטערעס אונדז צו העלפן בכדי צו באַזייטיקן „אַן אַלטן דרוק וואָס אַלע ליידן דערפון״. אַלע ראַנגלען זיך מיט די קאָמפּליקאַציעס וואָס אונדזער אַנוועזנהייט ברענגט מיט זיך און קאָנען זיך קיין עצה נישט געבן מיט אונדזער אַנדערשקייט. אָבער נישט נאָר וועט דער וועלט לייכטער ווערן. דאָ לאָזט זיך הערצל מיטרייסן מיטן אתה בחרתנו־געדאַנק, מיט דער נביאישער אידייע וואָס יעדער ייד טראָגט אין זיין בלוט, ווי דערווייטערט ער זאָל נישט זיין פון זיין שטאַם. ער שרייבט אין „יידנשטאַט״: „די וועלט ווערט באַפרייט דורך אונדזער פרייהייט, באַרייכערט מיט אונדזער רייכקייט... און דאָס וואָס

מיר וועלן דאָרט פּרובירן טאָן פאַר אונדזער אייגן גליק, וועט האָבן אַ שטאַר־קע און גליקלעכע ווירקונג אויפן ווילזיין פון אַלע מענטשן".

אָט די איבערצייגונג גיט אונדז כוח, ווען מיר רעדן מיט די אומות־העולם. ווי געררירט בין איך געווען, מיט עטלעכע טעג צוריק אין אַסונסיאָן, במשך פון אַ שמועס מיט פּראָפעסאָרן פון דער פילאָזאָפישער פאַקולטעט, ווען איך האָב געהערט אין זייערע ווערטער ווי אַן אָפּקלאַנג פון הערצלס אַר־גומענטאַציע. זיי האָבן געזאָגט: „מיר זענען קאַטאָליקן און מיר פילן אַן אי־נעווייניקסטן דראַנג צו זיין מיט און פאַר ישראל, ווייל די מדינה פאַרווירק־לעכט דאָס וואָס די נביאים האָבן פאַרויסגעזאָגט. עס איז אַ הייליקער חוב פון דער קריסטלעכער וועלט אייך צו העלפן".

## דער טרעגער פון דער פאַרווירקלעכונג איז דער ווילן פון פאָלק

און נאָך אַ פּונקט. הערצל איז געווען דער וואָס האָט פאָרמולירט איי־נעם פון די גרונט־פּרינציפּן פון דער ציוניסטישער אידעאָלאָגיע, וועלכער זעט אין דעם ווילן פון פאָלק דעם אייגנטלעכן טרעגער פון דער פאַרווירק־לעכונג. „דער שטאַט", זאָגט הערצל, „געפינט זיך אייגנטלעך אין דעם ווילן פון אַ פאָלק צו האָבן אַ מדינה". דאָס איז אַ געדאַנק וועלכן ער האַלט אין איין איבערחזרן. „אויב איר ווילט, איז דאָס נישט קיין לעגענדע". „אַ פאָלק קאָן זיך נאָר אַליין העלפן; קאָן עס נישט, דאַן קאָן מען אים בכלל נישט העלפן".

אָט דער צוגאַנג דערקלערט, ווי אַזוי עס האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ ווירקלעכקייט דאָס וואָס איז געווען נישט מער ווי אַ קאָפּ־סברה און אַ פאַנ־טאַזיע אין די אויגן פון הערצלס קאָלעגן פון דער „נייער פרייער פּרעסע" און פון אַלע סאָלידע מיטבירגער פון זייער צייט. מיליאָנען יידן האָבן גע־וואָלט, אַז עס זאָל אַנטשטיין אַ יידישע מדינה. די פּראָקלאַמאַציע פון ישראלס אומאָפּהענגיקייט אין 1948 איז געווען אַ פּועל־יוצא פון אָט דער קאָנצעפּציע. די מדינה האָט זיך געפונען אין דעם ווילן פון די וואָס זענען צוזאַמענגעקומען אין תל־אביבער מוזעאום און פון דעם ישוב און די תפוצות וועלכע זענען געווען פאַרזאַמלט אַרום זיי. צוליב דעם איז די נייע מלוכה געווען אימשטאַנד ביישטיין דעם אָנפאַל וואָס האָט באַלד אַראָפּגענידערט אויף איר.

## טאַט־מענטש פון היסטאָרישע דימענסיעס

איך האָב באַשריבן דאָס וואָס הערצל האָט אונדז איבערגעלאָזן ווי אַ לע־גענדע. איך האָב דערציילט וועגן זיין פונדאַמענטאַלן צושטייער צו אונדזער

גערדאַנק. אָבער ער איז נישט נאָר געווען אַ העלד און אַ לערער, ער איז אַחוץ דעם געווען אַ טאַט־מענטש פון היסטאָרישער גרויס. ער האָט געלייגט דעם גרונטשטיין פון דער יידישער מדינה, ווען ער האָט אונדז געגעבן דעם אינס־טרומענט מיט וועלכן מיר האָבן זי געשאַפן: די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע. אין אַ טיפן אַנאַליז פון די הויפּט־סיבות פון דער יידן־נויט, איז ער געקומען צו דער מסקנה אַז שולדיק איז קודם־כּל אונדזער פּאָליטישע אַנאַרכיע, דער פאַקט וואָס מיר זענען נישט צוגעגרייט און אָרגאַניזירט. די ציוניסטישע אָר־גאַניזאַציע איז פאַר אים געווען דער „נעגאָטיאָרום געסטאָר״, דער וואָס באַ־שליסט פון אייגענער איניציאַטיוו צו נעמען אויף זיך די זאָרג פאַר אַ זאַך וואָס איז פאַרוואָרלאָזט און וועגן וועלכער קיינער קימערט זיך נישט.

הערצל האָט גוט געוווסט דעם ווערט פון אָט דעם אויפטו זיינעם. און איינמאָל, דעם 11טן אַפּריל 1904, אין דער צייט פון זיין ביטערער און טראַ־גישער פּאָלעמיק מיט יענע ציוניסטן וועלכע האָבן נישט געוואָלט הערן וועגן אַ פּראָוויזאָרישער טעריטאָריע, האָט ער געזאָגט אויף אַ זיצונג פון גרויסן אַקציאָנס־קאָמיטעט: „איר זייט שוין געווען ציוניסטן מיט צוואַנציק אָדער פינף און צוואַנציק יאָר צוריק, אָט דאָס האָלט איר מיר אין איין פאָרוואַרפן, אָבער וואָס באַווייזט איר דערמיט?... איר האָט גאָרנישט געקאָנט אויפטאָן, ווייל איר האָט נישט געקענט דעם וועג צום ציל. דער וועג איז די אָרגאַניזאַ־ציע פונעם פאָלק, און זיין אָרגאַן איז דער קאָנגרעס״.

לעאָ מאָצקין האָט מיר אַמאָל קאָמענטירט דעם ציטאַט און מיר גע־זאָגט אַז הערצל איז געווען אינגאַנצן גערעכט. מאָצקין האָט געהאַט געגרינ־דעט אין בערלין, אין 1889, צוזאַמען מיט נחמן סירקין, דעם ערשטן יידישן נאַציאָנאַלן סטודענטן־פאַריין. „מיר פלעגן זיך צוזאַמענקומען״, האָט ער מיר געזאָגט, „און מיר פלעגן רעדן אָן אַ שיעור, דיסקוטירן אָן אַ סוף, אָבער מיר האָבן נישט געוווסט וואָס מען טוט, ביז עס איז געקומען הערצל. פאַר אים איז אַלץ געווען קלאָר, גרויס, זיכער״.

העלד, אידעאָלאָג, פאַרווירקלעכער. אָט דאָס איז געווען דער מענטש, וועמען מיר געדענקען היינט, פול מיט דאַנקבאַרקייט און יראת הכבוד, אָבער אויך פול מיט צער, וואָרום מיר ווייסן מיט וויפל ליידן מיר האָבן אָנגעפילט זיין לעבן. איך וואָלט פאָרגעלייגט די וועלכע האָבן ביכער איבער הערצלען, זיי זאָלן אויפזוכן אַ בריוו וואָס הערצל האָט געשריבן דעם 18טן אויגוסט 1901 זיין גוטן פריינד פּראָפעסאָר מאַקס מאַנדעלשטאַם. ער דערציילט אים דאָרטן, ווי מיד ער איז פון זיינע אַרומלויפענישן. „דאָס געזינדל וואָס פאַר־מאָגט דאָס געלט האָט מיך אַפילו נישט געוואָלט אויסהערן. פעך און שוועבל וועט דאַרפן רעגענען, כּדי די שטיינער זאָלן ווייך ווערן״. דאָס געלט האָט ער

באַדאַרפט האָבן פאַר דער יידישער קאָלאָניאַל־באַנק און פאַרן סולטאַן, אָבער ער האָט קיינעם נישט געקאָנט דערציילן וועגן זיינע צרות און אויך זיין פריינד בעט ער צו שווייגן. ער ווייגט זיך נאָר אויס פאַר אים, ווייל ער האָט אים אַזוי ליב.

לייענט אויך די צוואה וואָס ער האָט איבערגעלאָזן, זיין „בריוו צום יידישן פאָלק", וועלכן ער האָט געשריבן אין די שמערצלעכע טעג פונעם קאַמף אַרום אוגאַנדאַ. אין דעם בריוו פילט מען הערצלס טיפן צער, אָבער מען זעט אויך ווי דאַנקבאַר ער איז געווען דעם יידישן פאָלק, אין דער סאַמע צייט פון זיין גרעסטן פאַרדרוס, פאַר דער ליבע מיט וועלכער ער איז אַרומגערינגלט געוואָרן און וואָס ער האָט נישט פאַרגעסן, ווי ביטער עס איז אים נישט געווען.

דער בריוו הייבט זיך אָן מיט די ווערטער: „דער וועג שפּאַלט זיך, און די שפּאַלטונג גייט דורך דעם מנהיגס ברוסט". ער באַשרייבט נאָכדעם זיין עגמת־נפש און קלערט אויף די חילוקי דעות: „פון דער אַנדערער זייט בין איך רייך באַלוינט געוואָרן, אַ סך מער ווי איך האָב עס פאַרדינט און ווי עס איז מיר געקומען, דורך דער ליבע פון מיין פאָלק, אין אַ מאָס ווי וויניק מענטשן האָבן עס דערגרייכט, וועלכע זענען געווען מער באַרעכטיקט ווי איך. מיר קומט גאָרנישט אַרויס. ס'איז אַ גוט פאָלק, אָבער לײדער אויך אַ טיף אומגליקלעך פאָלק. גאָט זאָל אים ווייטער העלפן".

שטייען מיר הײנט פול מיט דאַנקבאַרקייט און מיט שבר־לב, אָבער אויך מיט דעם באַרעכטיקטן שטאָלץ אַז מיר האָבן זיך נישט אַרויסגעוויזן פאַר אומווירדיק. וואָרום הערצל האָט אונדז געגעבן פופציק יאָר כדי אויפצובויען די יידישע מלוכה און אַז עס זענען פאַריבער די פופציק יאָר, האָבן מיר זיין נבואה מקיים געווען. ער האָט אונדז באַגלייט אין אונדזער נויט און איצט איז ער מיט אונדז אין אונדזער רענעסאַנס. ער וועט בלייבן מיט אונדז, אויב מיר וועלן גיין אויף די וועגן פון אחדות און ברידערלעכקייט, וועלכע ער האָט אונדז אָנגעוויזן. לאָמיר זיך הײנט מתחייב זיין אים אָפּצוהיטן מיט אונדז אין די ווערטער פון הושע הנביא: „איך וועל דיך פאַרקנסן צו מיר אויף אייביק מיט רעכט און מיט גערעכטיקייט, און מיט גענאָד און מיט באַרעמהאַרציקייט".

# אַ מאָנומענט פון „אודים מוצלים מאש“

רעדע געהאַלטן דעם 23סטן אויגוסט 1954 אויף דער פייע־רונג פון הונדערט ביכער „דאָס פוילישע יידנטום“ אין בוענאָס איירעס.

איך באַטראַכט עס פאַר אַ גרויסער זכיה וואָס איך קאָן זיך באַטייליקן אין היינטיקן סיום. עס איז אַ סיום פון אַ גרויסער דערגרייכונג, נישט נאָר פאַר מאַרק טורקאָוו און אברהם מיטעלבערג, נישט נאָר פאַר דעם אַרגענטי־נער צענטראַל־פאַרבאַנד פון די פוילישע יידן און פאַר דער קהילה אין בוע־נאָס־איירעס, נאָר אויך פאַר אונדזער גאַנצן דור.

יעדער דור ווערט גערופן צום ריכטער־שטול פון דער געשיכטע אָפּצו־געבן אַ דין וחשבון איבער זייער מעשים. די דורות זענען פאַרשיידענע אין זייער גורל. ס׳זענען דאָ דורות בלאַסע, וואָס אין זייער צייט האָט כמעט גאָרנישט פאַסירט, דער שטן לאַנגווייליקט זיך אויף זייער משפט און הקדוש ברוך הוא אַליין זאָגט „זכאי“ אָן באַזונדערער התלהבות. ס׳זענען דאָ דורות גרויסע, הייליקע, פרומע, פון זעלטענער דערהויבנקייט. און ס׳זענען דאָ דו־רות פון שטורעם און דראַנג, פון סתירות, פון חייב און זכאי. אונדזער דור איז איינער פון אָט די דראַמאַטישע דורות.

אין דעם היסטאָרישן משפט וועט אונדזער דור שטיין אַקעגן אַ שווערן באַשולדיקונגס־אַקט. וואָרום מיר האָבן אָנגעווירן אַ דריטל פון דעם פקדון וואָס איז אונדז אָנפאַרטרויט געוואָרן, מיר האָבן אָנגעווירן אַ דריטל פון אונדזער פאָלק. און דער שטן וועט האָבן אין וואָס אָנצוקלאָגן אונדז. אָבער מיר האָבן אויך אַ וואָגיקע סנגוריה, אַ פאַרטיידיקונג אָן איינציקאַרטיקע, וואָרום ראשית האָבן מיר פאַרווירקלעכט דורך מדינת ישראל די בענקשאַפט פון דורות, און צווייטנס באַמיען מיר זיך נישט לאָזן אונטערגיין דעם אָנ־דענק פון די זעקס מיליאָן, כדי זייער נאָמען זאָל נישט פאַרטיליקט ווערן פון צווישן זייערע ברידער.

ווי אַזוי געדענקט מען? ווי אַזוי לאָזט מען נישט פאַרגעסן? נישטאָ קיין לייכטערע זאַך ווי אויפשטעלן מאָנומענטן פון שטיין אָדער פון האָלץ. אָבער זעלטן איז דער פאַרבאָט „לא תעשה לך פסל“ — זאָלסט זיך נישט אויסהאַקן אַ דענקמאָל — געווען אַזוי צוגעפּאַסט ווי גראָד צו אונדזער גרויסער אבידה.

איך האָב אַליין געזען ווי אַ דענקמאָל פון שטיין, געווידמעט הייליקע און מאַרטירער, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אָביעקט פון עבודה זרה.

וואָס האָבן געטאָן די אַרויסגעבער? זיי האָבן אויפגעשטעלט אַ מאָנו־מענט פון „אודים מוצלים מאש" — שייטער האָלץ אַרויסגעראַטעוועט פון פייער, שייטער פון דער גרויסער תקופה אשכנז־פוילן, ספרים וועלכע מען קאָן נישט פעלשן, עדות פון אומגליק אָבער אויך פון געדאַנק, שאַפונג און התרוממות הנפש. זייער אַרבעט האָבן זיי נאָך נישט פאַרענדיקט, אפשר שטייען זיי גאָר ביי איר אָנהייב. אָבער דאָס וואָס זיי האָבן שוין געזאַמלט איז גענוג אויף צו לערנען, צו פאָרשן, צו געדענקען די גרויסע מזרח־אייראָ־פעישע תקופה אין דער יידישער געשיכטע. און וועגן „אודים מוצלים מאש" זאָגט דער נביא זכריה, אַז הקדוש ברוך הוא שרייט אָן אויפן שטן און דער פראָקוראָר בלייבט אָן אָן ענטפער.

אויף דעם אופן האָבן די פאַרלעגער מגלגל זכות געווען אויף אונדזער גאַנצן דור. זיי האָבן גלייכצייטיק פאַראייביקט דעם נאָמען פון בוענאָס איי־רעס אויף דער מאַפּע פון דער יידישער געאָגראַפיע, צו אַזעלכע נעמען ווי פעראַראַ, פראָג, אַמסטערדאַם, פּיעטרקאָוו, ווילנע און אַנדערע, וווּ ס'זענען געדרוקט געוואָרן די גרויסע אוצרות פון יידישן גייסט, האָבן זיי צוגעגעבן דעם נאָמען פון בוענאָס איירעס.

זיי פאַרדינען אויך דעם באַזונדערן דאַנק פון מדינת ישראל. ווייל דער ישוב האָט אין די יאָרן פון גרויסן אומגליק געשוווירן „אם אשכחך גולה, תשכח ימיני" — אויב איך וועל דיך פאַרגעסן, גלות, זאָל אָפּגעדאַרט ווערן מיין רעכטע האַנט. דורך זייער ווערק העלפן זיי אונדז געדענקען, העלפן זיי אונדז אָפּהיטן אונדזער שבועה.

לאָמיר דעריבער, אָנקניפּנדיק אין יענעם קאַפּיטל זכריה וואָס איך האָב שוין עטלעכע מאָל ציטירט, זיך פילן ווי מיר וואָלטן זיך אָנגעטאָן ריינע קליי־דער, יום־טובדיקע בגדים און דאַנקען אונדזערע פריינט וואָס זיי האָבן זייער יום־טוב פאַרוואַנדלט אין אונדזער אַלעמענס יום־טוב.

# געדענקען איז אַ פֿאַרבאַרינג פֿונעם היסטאָרישן באַוווסטזיין

רעדע געהאַלטן דעם 16טן סעפּטעמבער 1954 אין סאַנטיאַ־גאָ (טשילע) אויפֿן „יד ושם"־אַקט.

אונדזער דור קומט מיר אָפּט פֿאָר ווי יענע לעגענדאַרישע פֿיגורן, וועלכע ווערן פֿאַרגעשטעלט מיט צוויי געזיכטער. אַזוי האָט אונדזער דור איין פּנים פֿול מיט טרויער וואָס איז געווענדעט צו אונדזער נאָענסטן עבר, און איין פּנים, וועלכער קוקט מיט אַנטשלאָסנקייט אין דער ריכטונג פֿון אונדזער נאָענטער צוקונפֿט. איין געזיכט קאָן נישט אָוועקנעמען דעם בליק פֿון דער גרויסער קאַטאַסטראָפֿע וואָס איז באַפֿאַלן אונדזער פֿאָלק, און דאָס צווייטע קאָנצענטרירט זיך אויף דער גרויסער איבערקערעניש צו וועלכער מיר האָבן דערלעבט אין אונדזער צייט און וועלכע האָט געביטן דעם קורס פֿון אונדזער געשיכטע.

איך זאָג „אונדזער דור", ווייל אין אים דריקט זיך אויס מיט אַ באַזונדערער שאַרפֿקייט די טאָפּלטקייט פֿון דער יידישער נשמה אין גלות, וואָרום ער איז דער דור פֿון טיפֿסטער ירידה און העכסטער עליה. ער איז דערנידעריקט געוואָרן ביז צו די אָפּגרונטן פֿון שפֿלות און איז דערהויבן געוואָרן ביז צו די הימלען פֿון נאַציאָנאַלער רענעסאַנס.

אָבער די טאָפּלטקייט צייכנט אויס אונדזער קאָלעקטיוון „איך" במשך פֿון אַלע יאָרהונדערטער פֿון אונדזער גלות־לעבן. פֿון איין זייט ציט זיך דער טרויער אויף די אומגעקומענע ווי אַ לייטמאָטיוו אין אונדזערע קינדערשע זכרונות. ווער געדענקט נישט זיין מאַמען אָדער זיין באָבען, לייענענדיק אין דער „צאינה וראינה" די געשיכטע פֿון חורבן בית שני מיט האַרצרייסנדיקן געוויין, אַזוי ווי די געשעענישן וואָלטן פּאַסירט ביי איר לעבן און נישט מיט אַכצן הונדערט יאָר צוריק? פֿון דער אַנדערער זייט העדט נישט אויף די פֿאָלקס־פֿאַנטאַזיע זיך צו שפּייזן מיט דער פֿריילעכער פֿאָרשטעלונג פֿון די טעג ווען משיח וועט קומען, פֿון דעם זיג איבער גוג ומגוג און פֿון דעם האָפֿערדיקן מאַרש איבער דער פּאַפּירענער בריק: „ובכל יום אחכה לו" — איך וועל וואַרטן אויף אים יעדן טאָג.

אין אָט דער געמיינזאַמקייט, האָט אונדזער דור זיין באַזונדערקייט און זיין טראַגישע אויסדערוויילטקייט, וואָרום ער האָט אָנגעשריבן אַ נייעם „איכה״, ביטערער און אכזריותדיקער ווי דער ערשטער „איכה״, און האָט אויך מחבר געווען אַ נייעם „בצאת ישראל ממצרים״, מיט נישט ווייניקער נסים ווי דער פריערדיקער. אָבער דער יובעל פון אונדזער „בצאת ישראל״ קאָן דערווייל נישט איבערשרייען דעם געוויין פון אונדזער „איכה״. נישט אונדזער דור איז דער וואָס זיין מויל „וועט פול ווערן מיט געלעכטער״, דאָס איז, זעט אויס, באַשערט אַ צווייטן דור.

צי איז עס גוט, צי איז עס געזונט פאַר אַ פאָלק, ווען עס קאָן נישט אָפּשאָקלען פון זיך דעם אָנדענק פון זיינע אויסגעהרגעטע? נישט נאָר איז עס געזונט, נאָר אָן אַזאַ עקשנות איז אַ פאָלק נאָר אַ סטאַדע, וואָרום נאָר דורך אַזאַ געטריישאַפט קאָן עס אויסבילדן דעם היסטאָרישן באַוווסטזיין וואָס איז זיין לעבנס־נערוו, נאָר אַזוי האָט עס אַ נעכטן און אַן אייערנעכטן, אַ המשכדיקייט, וועלכע באַשטימט זיין וועג אין דער צוקונפט.

און נאָך עפּעס: טרויער קאָן זיך פאַרוואַנדלען אין אַן אינסטרומענט פון גרויסע מעשים. דער פראַנצויזישער מאָנאַרכיסטישער דענקער שאַרל מאָראַס האָט אין 1940 אָנגעקלאָגט דאָס פראַנצויזישע פאָלק, אַז עס האָט נאָך 1870 פאַרטאַכלעוועט צענדליקער יאָרן פון פיין און האָט נישט אויסגענוצט דעם וויטיק פון דער נאַציאָנאַלער מפּלה כדי דאָס פאָלק צו רייניקן. לאָמיר נישט גרינגשעצן, לאָמיר נישט פאַרשווענדן די אוצרות פון אונדזער הייליקן צער.

לאָמיר זיך מודה זיין, אַז מיר האָבן פּרובירט פאַרגעסן דאָס שרעקלעכע וואָס איז מיט אונדז געשען. אַ טייל דורך נישט וועלן וויסן, דורך פאַרשווייגן. אַזוי האָט דער נייער דור אין ישראל, וועלכער איז דערצויגן געוואָרן אין נאָרמאַלע באַגריפן פון נאַציאָנאַלן כבוד, פון ווידערשטאַנד און פאַרטיידיקונג, געזען אין אונדזער אומגליק קודם כל די חרפּה פון הונדערטער טויזנטער, וועלכע זענען געפירט געוואָרן ווי שאָף צו די שלאַכט־בענק, און האָט זיך באַמיט אויסצומעקן דעם גאַנצן מוראדיקן עפּיזאָד פון זיין באַוווסטזיין. אָבער צענדליקער טויזנטער אָרעמס אין ישראל, מיט ציפערן וועלכע דערציילן פון לאַגערן, פון אוממענטשלעכע יסורים און איבערלעבונגען, און אויך פון איבערמענטשלעכן אויסדויער, האָבן געמאָנט גערעכטיקייט און נישט געלאָזט פאַרגעסן.

און אַ טייל האָט געפּרוּווט אַנטלויפן אין דער העלדישקייט, זען נאָר די געטאָ־רעוואָלוציאָנערן און פאַרטיזאַנען, זען נאָר די טעג פון דערהויבנקייט און אָפּווישן די יאָרן פון געפאַלנקייט. אונדזערע טאַטעס זענען געווען ערלעכער. זיי האָבן אויך געהאַט העלדן און מאַרטירער, אָבער ווי האָבן זיי זיך

באַשריבן אין זייערע סליחות: „אנחנו נדחים, נהרגים, ונשחטים ונטבחים; דחופים, סחופים, נתונים לטרוף; עבדים משלו בנו, פורק אין מידם" — מיר ווערן פאַרשטויסן, דערהרגעט, און געשאָכטן און געשלאַכטעט, געדריקט, פאַר־שלעפּט, איבערגעגעבן כדי פאַרצוקט צו ווערן; קנעכט הערשן איבער אונדז, און נישטאָ ווער עס זאָל אויסלייזן פון זייערע הענט.

ס'איז אונדז נישט געלונגען זיך אויסצובאַהאַלטן, וואָרום די שטים פון דעם בלוט פון אונדזערע ברידער שרייט צו אונדז. און ס'העלפט נישט די טענה: „צי בין איך דער היטער פון מיין ברודער?" יאָ, מיר זענען די היטער פון אונדזערע ברידער. אַ פאָלק איז אין יעדער צייט דער פקדון פון דעם באַ־טרעפנדיקן דור, און יעדער דור דאַרף אָפּגעבן דין וחשבון פאַר זיין פקדון.

איך רייד נישט חס וחלילה די דאָזיקע רייד ווי אַ קטיגור. וואָרום אונ־דזער דור האָט דאָס רעכט צו זאָגן, אַז ער האָט אין די ביין לעצטע יאָר זיך גענומען אויסצופירן די אומגעשריבענע צוואה פון אונדזערע אומגעקומענע, און אָט וואָס מיר האָבן דערווייל באַוויזן:

1) מיר האָבן געגעבן אַ מקום מקלט די וואָס זענען אַנטרונען געוואָרן פון דער גרויסער אויסראָטונג. מיר האָבן זיי אַרויסגעריסן פון די ציין פון אַ גלייכגילטיקער וועלט, זיי געבראַכט אין דעם לאַנד פון זייערע אבות און זיי געגעבן אַ ניי לעבן און אַ נייעם אינהאַלט אין לעבן, ברויט און אַ קלייד און אַ דאַך און אַ האָפענונג.

2) כדי דאָס וואָס איז פאַרגעקומען זאָל מער נישט געשען, האָבן מיר געשאַפן די יידישע מדינה, מיטן בלוט און מיט דער גבורה פון אונדזער בעס־טער יוגנט, און אַזוי באַצויגן מיט הויט און פלייש די בענקשאַפט פון דורות און אין איר אַריינגעהויכט אַ נייע נשמה.

3) מיר האָבן אָנגעהויבן אַנצושרייבן די געשיכטע פון יענע יאָרן, אַזוי ווי עס באַפעלט דער חומש, גלייך נאָך אונדזער ערשטער באַגעגעניש מיט עמלק: „כתב זאת זכרון בספר" — שרייב דאָס ווי אַן אָנדענק אין דעם בוך פון אונדזערע דברי הימים.

4) און היינט זענען מיר זיך צוזאַמענגעקומען אַרום דער פערטער אויפ־גאַבע, אַרום דעם חוב פון ברענגען אונדזערע טויטע צו קבר ישראל.

איינע פון די ערגסטע שטראָפן איז אין אונדזער טראַדיציע די שטראָף פון כרת — פון אויסשניידן עמעצן פונעם קערפּער פון פאָלק, אַזוי עס זאָל נישט איבערבלייבן פון אים קיין שפור, קיין צייכן. עס איז געווען די טייוו־לאָנישע כוונה פונעם שונא נישט איבערצולאָזן פון אונדזער פאָלק קיין שריד ופליט, אַפילו נישט קיין קבר, אַפילו נישט קיין מצבה. אַקעגן דעם האָבן די איניציאַטאָרן פון „יד ושם" געזוכט אַ תחבולה: ווי אַזוי ברענגען אונדזערע

טייערע צו אַ גייסטיקן קבר ישראל, ווי אַזוי זיי צו באַווייזן דעם חסד של אמת, אַז זייער נאָמען זאָל בלייבן מיט אונדז אויף אייביק. דעריבער טרעטן מיר צו איינצוזאַמלען יעדן איינציקן נאָמען פון די זעקס מיליאָן אין דעם גרויסן פּנקס, וועלכער וועט זיך געפינען אין דעם „יזכור היכל" פון „יד ושם". יעדן איינציקן ווילן מיר געבן די סימבאָלישע בירגערשאַפט פון דער מדינה, וועלכע זיי האָבן נישט זוכה געווען צו דערלעבן, אָבער וואָס זייער שרעקלע־כער קרבן האָט געהאָלפן אויפצושטעלן.

מיר פאָדערן אייך אויף, יעדן איינציקן פון אייך — וואָרום ס׳איז נישטאָ קיין יידישער מענטש וואָס זאָל נישט האָבן פאַרלוירן לכל הפּחות איין קרוב אָדער איין פריינד, נישטאָ קיין יידיש הויז וואָס דער שונא זאָל האָבן איבער־געהיפּט — ער זאָל אַריינטראָגן אין די „יד ושם" רעגיסטראַציע־ערטער די נעמען פון זיינע אומגעקומענע. איך ווייס, אַז דאָס איז אַ ווייטיקדיקע אויפ־גאַבע, אָבער מיר טאָרן פון איר נישט אַנטלויפן. מיר דוכט, אַז ס׳פירט זיך נאָך אַלץ אין די שולן, אַז די פּרשה פון דער תוכחה ווערט געלייענט שטיל און בחפזון, אַז קיינער זאָל ח"ו נישט הערן, סיידן דער ייד וואָס האָט מסכים געווען מען זאָל אים דערצו אויפרופן. מען פלעגט נישט אָפּשרייען די גזירה, מען פלעגט זי אָפּלחשן, אָבער עס האָט נישט געהאָלפן, און ס׳איז אויף אונדז געקומען אַ תוכחה, אַ סך אַ מוראדיקערע ווי די וועלכע שטייט באַשריבן אין חומש.

אונדזער דור, וועלכער האָט באַוויזן אַז ער איז דערוואַקסן צו גורלדיקע אויפגאַבן, דאַרף אויך באַווייזן זיין רייפקייט אין דעם הייליקן געבאָט פון איינזאַמלען אונדזערע קרבנות, כדי „וכפּר אדמתם עמם" — די ערד פון ישראל, וואָס וועט אויפנעמען זייער גייסט, זאָל מכפּר ויין פאַר זייער פאָלק.

# אַ מינימום-פּראָגראַם פאַרן אַרגענטינער ציוניזם

באַגריסונג פון 21סטן אָקטאָבער 1954 אויפן 8טן צוזאַ־
מענפאָר פון פּועלי־ציון־התאחדות אין אַרגענטינע.

איך האָף, אַז איר וועט נישט נעמען פאַר אומגוט וואָס איך בין געקומען שפּעט און וועל באַלד מוזן אַוועקגיין, און וועט פאַרשטיין אַז מיין איילעניש איז נאָר אַ דרוק־פעלער. איך פאַררוף זיך אויף מרדכי דוד בראַנדשטעטער, וואָס בעת מען האָט פאַר אים אויסגערעכנט די חסרונות פון מזרח־אייראָ־פּעישע יידן, האָט ער געזאָגט, אַז דאָס זענען אייגנטלעך נאָר „דרוק־פעלערן", צו וועלכע עס האָט גורם געווען דער כסדרדיקער דרוק אונטער וועלכן זיי האָבן געלעבט.

## פּאַרטיי און באַוועגונג

און איצט צום עצם ענין. אַ צוזאַמענפאָר איז נאָר דעמאָלט באַרעכטיקט ווען ער שטעלט מיט זיך פאָר אַ חשבון הנפש. איך לייג פאָר, אַז איר זאָלט אין אייער חשבון הנפש אַריינעמען די אַלט־נייע באַטראַכטונג וועגן דעם אונטערשייד צווישן אַ פּאַרטיי און אַ באַוועגונג. מען קאָן זאָגן, אַז דער כוח פון אַ פּאַרטיי איז אין איר קוואַליטעט, און פון אַ באַוועגונג אין איר קוואַנ־טיטעט. אַ באַוועגונג זוכט אַרומצונעמען וואָס מער מענטשן און איז נישט זייער איבערקלייבעריש אין זייער אויסוואַל, אַבי זי קאָן גרופּירן מאַסן. פאַר אַ פּאַרטיי איז וויכטיק די איכות פונעם איינציקן חבר, זיין געטריישאַפט, דער פּערזענלעכער צושטייער וואָס ער קאָן ברענגען. אַ באַוועגונג קאָן זיך באַנוגענען מיט אָנהענגער וואָס ווען זיי זאָגן, ז א ג ן זיי; אין אַ פּאַרטיי איז דאָ אַ פּלאַץ נאָר פאַר אַזעלכע חברים וואָס ווען זיי זאָגן, ט ו ע ן זיי.

איך וויל דאָ נישט אויפוועקן אַ דיסקוסיע אויף דער טעמע צי איז ציוני־זם אידענטיש מיט עליה. אָבער אויב איך געדענק ריכטיק די תורה פון מיינע פריערדיקע יאָרן, האָט אַרבעט־ציוניזם געפאָדערט הגשמה, ד. ה. פאַרווירק־לעכונג, ד. ה. פאַרוואַנדלונג פון דעם טעאָרעטישן אויסגאַנג־פּונקט אין פּער־זענלעכע מעשים. איך וועל פאַרטייטשן הגשמה ווי געטריישאַפט צו דעם נאָמען און צו די צילן פון דער פּאַרטיי, ערלעכקייט מיט זיך אַליין, פאַר־

ווירקלעכונג דורך פאַרבונדנקייט מיטן יידישן פאָלק, דורך קענטעניש און געברויך פון די נאַציאָנאַלע שפּראַכן, דורך דער יידישער דערציאונג פון די קינדער, דורך דער יידישקייט פון דער היים, דורך שותפות מיט ארץ ישראל אין דער אָדער יענער פאָרם, פון וועלכער עליה איז די העכסטע און די קרוינונג.

## אויפשטעלן אַ צענטראַלע ציוניסטישע אויטאָריטעט אין אַרגענטינע

דערלויבט מיר איצטער פאָרלייגן אייער צוזאַמענפאָר אַ מינימום־פּראָ־גראַם פאַרן ציוניזם אין אַרגענטינע און אויסדריקן די האָפענונג, אַז איר וועט זוכן וועגן און מיטלען זי דורכצופירן.

1. ס'איז דוכט מיר די העכסטע צייט צו שאַפן אַן אומבאַשטרייטלעכע צענטראַלע אויטאָריטעט אין דער ציוניסטישער באַוועגונג אין אַרגענטינע, אָדער לכל הפּחות צו שטאַרקן די צענטראַלע אויטאָריטעט וועלכע עקזיסטירט. אינסטרומענטן פון ציוניסטישער אַרבעט אָדער פון אַרבעט לטובת ישראל, ווי וויכטיק זיי זאָלן נישט זיין, ווי חשוב און געטריי עס זאָלן נישט זיין זייערע עסקנים, קאָנען נישט פאַרנעמען דעם אָרט פון אַזאַ צענטראַלער אוי־טאָריטעט. אַ פאַרטיי, ווי אייער פאַרטיי, קאָן זיך נישט באַפרידיקן מיט דער טענה, אַז זי אַליין היט אָפּ אַלע ציוניסטישע מצוות און אַז די עבירות דאַרף מען זוכן ביי אַנדערע. אַזוי ווייט ווי איך געדענק, האָט די ציוניסטישע אַר־בעט־באַוועגונג קיינמאָל נישט געפונען קיין סאַטיספאַקציע אין עפּעס אַ געפיל, אַז זי האָט דעם מאָנאָפּאָל פון אחריות. זי האָט געזוכט מיט אַלע מיטלען שותפים פאַר אָט דער אחריות דורך צוזאַמענאַרבעט מיט אַנדערע פאַרטייען און סעקטאָרן, צאָלנדיק אָפט פאַר דער צוזאַמענאַרבעט אַ שווערן פּרייז אין פּרעסטיזש און פּערזענלעכע פּאָזיציעס.

דערביי וועל איך מיר דערלויבן צו באַמערקן, אַז יידישע דעמאָקראַטיע אין גלות איז אַ דעמאָקראַטיע פון אַ באַזונדערן מין און אַז זי באַשטייט נישט בלויז פון שטימען וואָס מען ציילט. דער יסוד פון אונדזער געזעלשאַפטלעכן גלות־לעבן איז פרייוויליקייט, און אַ פּאָזיציע איז דעריבער אָפּטמאָל נאָר אַזויפיל ווערט, וויפל ס'איז ווערט דער וואָס פאַרנעמט זי. אויב פּאָזיציעס ווערן באַזעצט דורך פיגוראַנטן, גייט אָפט די אמתע השפּעה אַריבער אין אַנדערע הענט. געווינען, אויסבילדן ווערטפולע עסקנים איז אַ וויכטיקע ציו־ניסטישע אויפגאַבע.

## 2 פּראָצענט און 5 פּראָצענט

2. אַ צווייטע באַלדיקע אויפגאַבע פאַרן אַרגענטינער ציוניזם באַשטייט אין אויסבעסערן אַ סטאַטיסטישן שײנהייט־פעלער אינעם פּרט פון דער עקאָנאָמישער הילף פאַר ישראל. אויב דער ישוב צייכנט זיך אויס מיט זיינע אויפטוען אויפן געביט פון קהילה־לעבן, פון שול־וועזן, פון זיין פּרעסע, זיין פאַרלעגערישער אַרבעט, זיין געטרײַשאַפט צו דער יידישער שפּראַך, או״וו, איז ער אָבער הינטערשטעליק בנוגע זיין עקאָנאָמישן צושטייער לטובת ישראל. די ציפערן רעדן דאָ אַ קלאָרע שפּראַך.

אין די פינף ערשטע יאָר פון איר זעלבסטשטענדיקייט האָט ישראל, כדי צו לייגן די פונדאַמענטן פון דער מדינה, אַבסאָרבירן די גרויסע עליה, געבן אַ דאַך, אַ קלייד, אַרבעט־אינסטרומענטן די ניי־אָנגעקומענע, פּראָדוצירן אַ טייל פון די נייטיקסטע שפּייזן, זיכערן די גרענעצן פון לאַנד או״וו, אויסגעגעבן 1300 מיליאָן דאָלאַר מער ווי דאָס פאָלק אין ישראל האָט אין דער צייט פאַרדינט, און דאָס, נישט געקוקט אויפן שטרענגן רעזשים פון צנע, אויף דער שווערער האַרעוואַניע פון ישוב, אויף די קרבנות וואָס יעדער איינציקער האָט געבראַכט אין זיין טאָגטעגלעכן לעבנסשטייגער. צו דער אויבנדערמאָנטער גרויסער סומע האָבן די יידישע ישובים פון גאָר דער וועלט בייגעשטייערט 500 מיליאָן דאָלאַר דורך די פאַרשיידענע קאַמפּיינען און דורך דער באָנדס־הלוואה.

ריין סטאַטיסטיש, שטעלט מיט זיך אַרגענטינע פאַר 5% פון יענע יידישע ישובים, וועלכע קאָנען העלפן ישראל (ד. ה. אחוץ די מזרח־אייראָפּעישע לענדער און נישט אַריינגערעכנט ישראל, וואָס טוט סיי ווי סיי איר חלק), אָבער דער אָנטייל פון יידישן אַרגענטינע אין די 500 מיליאָן איז געווען נאָר 2%. און ווען איך זאָג, אַז ריין סטאַטיסטיש שטעלט אַרגענטינע מיט זיך פאָר 5% פון יענער יידישער וועלט, אויף וועלכער ישראל קאָן זיך שטיצן, איז אָבער קלאָר, אַז זי שטעלט מיט זיך פאָר אַ סך מער ווי 5% פון שטאַנדפּונקט פון אירע מעגלעכקייטן און פון איר ציוניסטישער באַוווסטזיניקייט. די דיסקרעפּאַנץ צווישן די 5% און די 2% איז נישט אין איינקלאַנג, נישט מיט דעם ווי אַרגענטינע וויל אַז ישראל און די תפוצות זאָלן אויף איר קוקן און נישט מיט דער אַכטונג פון וועלכער זי געניסט אין ישראל און אין די תפוצות.

אריה לעאָן קובאָווי

## 433 אויף 360 טויזנט

3. און וועגן נאָך אַ שיינהייט־פעלער דאַרף דער דאָזיקער קאָנגרעס זיך פאַרטראַכטן. די ישראל־לעגאַציע האָט אין לעצטן יאָר אַרויסגעגעבן 433 וויזעס פאַר עולים, דערפון 180 פאַר יוגנטלעכע חלוצים. אויב מיר וועלן אָננעמען די קאָנסערוואַטיווע צאָל פון 360 טויזנט יידן, וואָס דער אַמעריקאַנער יידישער יאַרבוך גיט אָן פאַר דער היגער יידישער באַפעלקערונג, באַדייט דאָס, אַז אויף יעדע 1000 אַרגענטינער יידן האָט אין לעצטן יאָר נאָר איין און איינציקער ייד געהאַלטן, אַז ער דאַרף זיך באַזעצן אין ישראל און מיטהעלפן מיט די אייגענע כוחות די גרויסע איבערקערעניש וואָס קומט פאָר אין דער יידישער געשיכטע, איין און איינציקער ייד אויף טויזנט האָט באַשלאָסן מיטצולעבן אין ישראל דעם גרויסן מעשה בראשית פון דער נייער יידישער מלוכהשאַפט. אָדער לאָמיר זיין גאַנץ געניי, נישט איינער, נאָר 1,2 פראָצענט ד. ה. אויף יעדע 5000 יידן — גאַנצע זעקס, אויף יעדע 10.000 איין טוץ.

איך קום חס וחלילה נישט פאָדערן קיין מעשר, נישט אין געלט און נישט אין מענטשן, נאָר ווען יעדן יאָר וואָלטן געווען עולה קיין ישראל נאָר 1% פון אַרגענטינער יידן, ד. ה. 3.600, וואָלט די דאָזיקע עליה קום אָנגערירט דעם נאַטירלעכן צוזוואוקס פון דעם היגן ישוב, וועמענס צאָל וואָלט זיך נישט פאַרמינערט. פון 433 ביז 3600 איז אַ גרויסער מהלך. ווי אַזוי גובר זיין די דאָזיקע צווייטע דיסקרעפּאַנץ איז איינע פון אייערע אויפגאַבן אין דער איצטיקער שעה.

### שלום־וואָרט

געוויינלעך קלינגט אַ באַגריסונגס־וואָרט אַנדערש, אָבער איך האָב געהאַט דעם באַדאַרף זיך אַדורכצושמועסן מיט ציוניסטישע חברים. און אויב איך האָב צו אייך גערעדט אַזוי ערנסט און אַזוי דירעקט, קומט דאָס פון מיין אַכטונג צו אייער פאַרטיי. פאַראַן ביי ר׳ נחמן בראַצלאַווער אַ ווונדערבאַר וואָרט, אַז דורך דעם אופן ווי אַ מענטש זינגט קאָן מען דערקענען צי ער האָט אויף זיך גענומען דעם עול פון דער תורה. איך וועל פאַראַפראַזירן און וועל זאָגן, אַז פון דעם אופן ווי אַ פאַרשטייער פון ישראל רעדט צו אַ גרופּע יידן, קאָן מען אַרויסדרינגען צי ער האַלט אַז זיי האָבן אויף זיך גענומען דעם עול פון מלכות ישראל. איך ווייס אַז איר האָט אויף זיך דעם עול גענומען מיט אַ געפיל פון אחריות און מיט אַנטשלאָסנקייט.

# יוסף שפּרינצאַק

אַ באַגלייט־וואָרט צו דער יידישער אויפלאַגע פון זיין בוך „אין וואָרט און שריפט״, דערשינען אין פאַרלאַג „קיום״, בוענאָס איירעס (געשריבן דעם 25סטן פעברואַר 1955).

יוסף שפּרינצאַק האָט הינטער זיך כמעט אַ האַלבן יאָרהונדערט פון עסקנות, פירערשאַפט און פובליציסטישער אַרבעט, און אַלץ וואָס מיר פאַרמאָגן פון אים אין בוך־פאָרם איז דער דאָזיקער ספר „בכתב ובעל פה״, וואָס איז דערשינען מיט דריי יאָר צוריק און וואָס דער פאַרלאַג „קיום״ גיט איצט אַרויס אין אַ יידישער איבערזעצונג. אָט דער פאַקט אַליין ווייזט אויף דער אמתער, טיפער באַשיידנקייט פונעם מחבר. קיינער איז נישט מער איבערקלייבעריש ווי ער אַליין וועגן דעם, וואָס ער האָט געזאָגט און געשריבן. אין אַ צייט ווען די פּאָליצעס פון אונדזערע ביבליאָטעקן זענען פול מיט די „געזאַמלטע ווערק״ פון גרעסערע און קלענערע שרייבער און מנהיגים, ווו אַלץ וואָס איז אַריבער זייערע ליפּן אָדער זייער פען איז אויפגענומען געוואָרן אָן קריטיק און אָן אויסוואַל, באַזיצן מיר פון שפּרינצאַקן נאָר אָט דעם איינציקן באַנד, אַ באַשיידענעם אָפּגלאַנץ פון אַ לעבן, וואָס איז געווען פול מיט זוכענישן און חשבונות הנפש.

## אהבת ישראל און אהבת הבריות

און אפשר טאַקע צוליב דעם קאָן אַ בלויזע זאַמלונג פון אַרטיקלען און רעדעס נישט באַפרידיקן יוסף שפּרינצאַקס חסידים. זיין גייסטיקע פערזענלעכקייט דריקט זיך גיכער אויס אין אַפאָריזמען, שלאַג־ווערטער און וואָרטבליצן, אין משלים און דעפיניציעס. ביי אים זאָגט אַ שורה אָפטמאָל מער ווי אַ גאַנצע רעדע, און דעריבער וואָלט אפשר אַן אַנטאָלאָגיע פון שפּרינצאַקס ווערטער און גלייכווערטער געגעבן אַ ריכטיקער בילד פון אים ווי דאָס דאָזיקע בוך. איך האָב אינזינען אַן אויסקלייב, וואָס וואָלט אַרומגענומען נישט נאָר זיינע רעדעס און אַרטיקלען, נאָר אויך די אומצאָליקע בריוו וואָס ער האָט אָנגעשריבן, און דער עיקר זיין שיחת־חולין. אין אַזאַ אַנטאָלאָגיע וואָלט זיך אפשר איינגעגעבן אַרויסצוברענגען דעם עיקר־שטריך פון יוסף

שפּרינצאַקס פּערזענלעכקייט, וואָס גייט דאָ פאַרלוירן אינעם שלל פון גע־שעפטישן און באַטראַכטונגען — זיין אהבת ישראל און אהבת הבריות. און אַזוי וואָלטן מיר געוועז געטריי דעם אמתן שפּרינצאַק, וואָרום אויך ער זוכט ביי אַנדערע קודם כל זייער וועג אין לעבן, הליכותיהם בחיים.

שפּרינצאַק איז אַן אוהב ישראל, אָבער אויך אַ מענטשן־פריינט. אַ צאָל פון אונדזערע מנהיגים האַלטן באַשיימפּערלעך, אַז אין אַ שווערער צייט פון אויפבוי און פאַרווירקלעכונג, פאַרלאַנגט דער טובת הכלל דעם קרבן פון דעם יחיד, און אַז די מצוות פון בין איש לרעהו מעגן אָפּגעלייגט ווערן אויף בעסערע און נאָרמאַלערע צייטן. שפּרינצאַק האָט קיינמאָל נישט אויפגעהערט זיך צו אינטערעסירן מיטן יחיד און טאָן דאָס זייניקע לטובת דעם יחיד, און הגם ער האָט געענוג פאַרדינסטן וועלכע פאַרזיכערן זיין חלק און זיין אָרט אין דער געשיכטע פון די בויער פון ישראל, ווי אַ פירער פונעם אַרבעט־ציוניזם, אַ לערער פון דעם ישוב און דער פורעמער פון דעם ישראל־פּאַרלאַמענט, וואָלט איך געוואָלט, אַז ער זאָל אַריבערגיין אין דער געשיכטע קודם כל ווי אַ מענטש וואָס איז געווען גוט צו אַנדערע, וואָס האָט באמת געשטרעבט צו אַ דערנעענטערונג פון די הערצער, און וואָס האָט תמיד, סיי אין לעבן פון כלל און סיי אין לעבן פון פּרט, געשטעלט דאָס מאָראַלישע איבער אַלע דערגרייכונגען און איבער אַלע אַנדערע ווערטן.

ווען מען לייענט אדורך דאָס בוך, זעט מען איין, אַז עטלעכע לייט־מאָטיוון האָבן שפּרינצאַקן באַגלייט במשך פון זיין גאַנצן לעבן.

## „זיי שטאַרק!" אָבער אויך: „זיי ריין!"

דער שטאַרקסטער לייט־מאָטיוו איז, דוכט זיך, די שטרעבונג אַז ארץ ישראל זאָל זיין (כדי צו באַנוצן זיך מיט דער גאָרדאָניסטישער טערמינאָ־לאָגיע) דאָס לאַנד פון דעם ייד־מענטש און פון אַ פאָלק־מענטש. דאָס איז געווען זיין זאָרג, בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, בעת דעם באַפרייאונג־קריג און איז עס געבליבן ביז היינטיקן טאָג. „אין דער צייט פון דער גרויסער בהלה פון מעשים" — שרייבט ער אין 1918 — „טאָרן מיר נישט פאַרוואָרלאָזן אויף קיין רגע דאָס פּאַמעלעכ־דיקע אויסבילדן פון דעם נייעם ייד־מענטש" (ז' 108, 161). די דאָזיקע איינ־שטעלונג האָט ער קיינמאָל נישט געביטן. געוויס, ס'זענען פאַראַן וואָגיקע ענינים, ביטערע ענינים, וועלכע שלינגען איין אונדזער גאַנצע צייט, אָבער ס'איז פאַראַן אַ געבאָט וואָס שטייט העכער פון אַלצדינג: ווי קוקט אויס אונדזער לעבן אין אונדזערע אייגענע אויגן און אין די אויגן פון פרעמדע,

גראָד אין שווערע צייטן, דאַרפן מיר קאָנען באַווייזן אַז מיר האָבן ריינע הערצער און ריינע הענט, ווייל מיר וועלן געמשפט ווערן לויט דעם ווי מיר פירן זיך אויף אין צייטן פון קאַמף און פון קריזיס. „די יידישע יוגנט איז גערופן געוואָרן צו דערפילן איר שליחות ווי דער היטער פון דעם כבוד פון ישראל, סיי אין צייטן פון שלום און סיי אין צייטן פון מלחמה, און צו באַשיצן אונדזער לעבן און אונדזער צוקונפט. צו דער פּאַראָל פון דער הגנה „זיי שטאַרק!" וועלן מיר צוגעבן: „זיי ריין!" (ז' 202, 232).

און נאָך מיט אַ פּאָר חדשים צוריק נוצט ער אויס די יובל־פייערונגען פון דער צווייטער עליה, כדי פונדאַסניי צו פאַרטייטשן דעם באַגריף „הגשמה עצמית". דער טייטש איז: אַליין מקיים זיין די מצוות וואָס מען האָט אויף זיך גענומען. די צווייטע עליה האָט געראַטעוועט דעם ציוניזם, איצט דאַרף קומען אַ נייע עליה. און שפּרינצאַק שטרייכט אונטער, אַז ער מיינט נישט קיין נייע עולים, ער מיינט עליה — אויפשטייג, אויפשטייג אין דער מידה פון יושר, אין אונדזערע קעגנזייטיקע באַציאונגען, אין אונדזער שטייגער לעבן.

אין זיין אַנאַליז פון דער מאָראַלישער ירידה פון דעם פאָלק אָדער פון דער באַוועגונג אין געוויסע צייטן, קאָן שפּרינצאַק זיין זייער שאַרף, אויפגעבראַכט און אומברחמנותדיק, און עס טרעפט, אַז אין זיינע פּריוואַטע בריוו און שמועסן הערן זיך קלאַנגען פון כמעט־יאוש, אָבער אין תוך גענומען איז ער אַ מלמד זכות און אַ מליץ יושר. ער זוכט אַלץ וואָס קאָן באַרעכטיקן אַ שטעלונג פון גם זו לטובה, וועלכע איז נישט דער רעזולטאַט פון אַ בלינדן אָפּטימיזם, נאָר פון גוטהאַרציקייט און פון אַ ווילן צו פאַרשטיין און מוחל צו זיין. אויסגעפינען דאָס גוטע וואָס קומט אַרויס פון דאָס שלעכטע אין אַן אַנדער לייט־פאָדעם פון זיין געדאַנקענגאַנג, אָנהייבנדיק פון גירוש יפו אין דער צייט פון דער טערקישער הערשאַפט (1917) ביז אַצינדער. „און פונדעסטוועגן", שרייבט ער דעמאָלט, „האָט אונדז דער אומגליק, בעל כרחו, געבראַכט אויך נישט ווייניק פאָזיטיוועס" (ז' 16, 34), און אַזוי עד היום הזה. נאָך די שטראָף־רייד הייבט ער אָן צו פאַרענטפערן; עס קומט אים אָן זייער שווער זיך צו אַנטשליסן צו אַ פּסק־דין פון כולו חייב. קריטיק איז ביי אים אַ וועג ווי אַזוי צו דערגיין צום מוסר השכל, זיך קלאָר מאַכן וואָס דאַרף ווייטער געטאָן ווערן. קיין זאַך איז נישט פאַרפאַלן, דער וועג פון תשובה און פון תיקון איז שטענדיק אָפן.

ארי' לעאָן קובאָווי

# אַ אהבת ישראל וואָס נעמט אַרום אַלץ וואָס איז יידיש

איך ווייס נישט וואָס עס איז ביי אים מוקדם ומאוחר, צי זיין אהבת ישראל איז אַ קאָנסעקווענץ פון זיין הומאַניטאַריזם, אָדער צי איז זיין פריינטשאַפט צו מענטשן אַ רעזולטאַט פון זיין ליבשאַפט צו יידן. זיין אהבת ישראל נעמט אַרום אַלץ, אין צייט און אין רוים, אַלע יידישע שבטים און אַלע יידישע כיתות, ישראל און די תפוצות.

ציוניזם האָט אין אים נישט אויסגעלאָשן זיין וואַרעם געפיל צום גלות, ער שרעקט זיך נישט צו נעמען איינעם פון די הייליקסטע און, דוכט מיר, עקסקלוזיווסטע פסוקים פון תנ״ך און אים געבן דעם רירנדיקן פאַראַלעל — „אם ישכחך גולה״. ער פאַרטיידיקט קעגן משה סמילאַנסקין דאָס קלאָגע־דיקסטע פון דעם יידישן געטאָ. אין ארץ ישראל, זאָגט ער, טאָר דער באַגריף „נאַלעווקעס״ נישט זיין קיין זידלוואָרט, וואָרום אויך פון די „נאַלעווקעס״ זענען געקומען חלוצים און בויער, אויך די „נאַלעווקעס״ האָבן געשאַפן אַן אָריגינעלן יידישן שטייגער, מיט וועלכן עס איז נישטאָ וואָס צו שעמען זיך. אויב ער איז בייז אויפן „בונד״, איז דאָס דער עיקר צוליב דעם וואָס ער האָט נישט צוגעלאָזן אַז די יידישע אַרבעטער פון דעם גלות און פון ארץ ישראל זאָלן געפינען אַ געמיינזאַמע שפּראַך. אָבער נישט שפּרינצאַק וועט פאַרליי־קענען דאָס אָרט וואָס עס געהערט דעם „בונד״ אין דער יידישער און מענטש־לעכער געשיכטע.

ער האָט נישט באַדאַרפט וואַרטן ביז עס וועט קומען די מדינה און די גרויסע עליה פון אונדזערע מזרח־שבטים, כדי צו אַנטדעקן די ספרדים און די ראָל וואָס זיי וועלן אַמאָל שפּילן אין דער נייער יידישער רענעסאַנס. שוין אין 1919 נעמט ער זיי אַרום מיט זיין אינטערעס און זיין זאָרג, פּונקט ווי ער הערט נישט אויף זיך צו קימערן וועגן די תימנער און זיך צו מיען פאַר זיי.

נישט ביי אים וועט איר געפינען אַ באַציאונג פון ביטול לגבי די ראשו־נים פון ציוניזם און פון דער קאָלאָניזאַציע. ער געדענקט דעם חסד נעורים, סיי פון פריינט ווי פון קעגנער. קומט קיין ישראל אין 1918 דער ועד הצירים מיט ווייצמאַנען בראש, פרייט ער זיך וואָס מ׳האָט זיי אויפגענומען מיט ערן־טויערן. ער גיט אָבער גלייך צו, אַז נישט נאָר לכבוד די שליחים וואָס זענען געקומען פון לאָנדאָן זענען די טויערן אויפגעשטעלט געוואָרן, „נאָר פאַר אַלץ דאָס טייערע וואָס ליגט פאַרבאַהאַלטן אין די טיפענישן פון אונדזערע הער־צער, פאַר הערצלען, פאַר באַזעל, פאַרן גאַנצן ציוניזם״ (ז׳ 109, 161), און אַזוי ביז צום היינטיקן טאָג. נישט ער וועט זיך אַנטשליסן אַוועקצוואַרפן

דעם אויסגעדינטן ציוניסטישן אינסטרומענט. ער זוכט כסדר ווי אַזוי צו אַנטפּלעקן פאַר דער ציוניסטישער באַוועגונג נייע מענטשן, ווי אַזוי צו באַנייען אירע ראַמען, ווי אַזוי זי אַנצופילן מיט אַ נייעם אינהאַלט.

## נישטאָ קיין לייכטער און שנעלער שניט

פון דעם וואָס איז דאָ שוין געזאָגט געוואָרן, איז קלאָר וואָס עס איז שפּרינגצאָקס וועג אין דעם אויפבוי פון ארץ ישראל. ער גלויבט אין אַ וועג פון טאָגטעגלעכע מעשים און מאָראַלישע געבאָטן, אין אַ וועג פון גוטן ווילן, פון אָרדענונג און פון אַ לאַנגזאַמען פּראָגרעס. איר געפינט ביי אים ווייצמאַנישע פאָרמולירונגען נאָך פאַר ווייצמאַנען. ער גלויבט נישט, אַזוי שרייבט ער אין אָנהייב פון 1918, אַז פּראָבלעמען קאָנען געלייזט ווערן בלויז מיט איבערהאַקן עפּעס אַ גאָרדישן קנופּ. ער גלויבט אין אַ פּראָגראַם פון בהדרגה־דיקע דערגרייכונגען שריט ביי שריט, אַ שטאַפּל נאָך אַ שטאַפּל. קריזיסן וועלן מיר קיינמאָל נישט אויסמיידן. קיינמאָל וועט נישט אויפהערן די דיסקרעפּאַנץ צווישן דעם וואָס מיר מוזן און דאָס וואָס מיר קאָנען. די קריזיסן פון אונדזער אויפבוי קומען דער עיקר צוליב דעם וואָס מיר נעמען אויף זיך די ריזיקע פון אַ נייעם, געוואַגטן שריט, „אָבער אַזוי איז אונדז געבאָטן געוואָרן: זיך שטעלן כסדר אין סכנה כדי צו שאַפן אַ נייעם לעבן (ז׳ 143, 194).

בהלה און בחיפזונדיקייט זענען אים דערווידער. איר געפינט דעריבער ביי אים אַט אַזאַ טראַגישן אויסגעשריי: „פון וואַנען נעמט זיך צו אַ פאָלק, וואָס איז אָנגעזעטיקט מיט די דערפאַרונגען פון לאַנגע דורות, דער דאָזיקער יצר־הרע פאַר אַזאַ לייכטן און שנעלן שניט?" (ז׳ 137, 190). און ווייל ער גלויבט אין כסדרדיקייט, איז ער אין תוך אַ לעגיסלאַטאָר, אַ געזעצגעבער. וואָרום דאָס געזעץ איז אַ פּשרה צווישן די לעקציעס פון דער דערפאַרונג און דעם ענדציל וואָס מען האָפט אַמאָל צו דערגרייכן. איז טאָקע געזעצמעסיקייט נאָך איינער פון זיינע לייט־מאָטיוון. אָבער נישט געזעצמעסיקייט ווי פאַרגליווערטקייט, נאָר געזעצמעסיקייט ווי סטאַביליטעט, האַרמאָניע, אָרדענונג. בכלל איז אַלצדינג נאָר אַ מיטל צו אַ לעבן פון שבת אחים גם יחד און שלום און גערעכטיקייט. אַפילו ווען ער רעדט וועגן באָדן, וועגן לאַנד־אַרבעט איז זיין הויפּטזאָרג נישט דאָס עקאָנאָמישע, דאָס מאַטעריעלע, נאָר דאָס גייסטיקע. „די ערד אַליין, ווען מיר וועלן זי באַרירן, זיך מיט איר מטפּל זיין, וועט געבן דעם פאָלק שטאַנדהאַפטיקייט, פעסטקייט, אינעווייניקע רוּאיקייט, און זי וועט באַהויכן מיט יושר אונדזער גאַנצע באַנעמונג" (ז׳ 37, 63).

א ר י ה   ל ע אָ ן   ק ו ב אָ ו ו י

## דער ציוניזם ציט זיין יניקה פון אונדזער ליטעראַטור

ס׳איז ווייניק באַקאַנט, אַז דער פאָרזיצער פון דער כנסת, וועלכער זוכט קיינמאָל נישט צו גלאַנצן מיט זיינע קענטעניש, איז אַ מענטש וואָס לייענט אָן אַ שיעור. ער לייענט כדי צו לערנען, פונקט ווי ער גייט צו די געשעענישן נישט ווי אַ לערער, נאָר ווי אַ תלמיד. זיין רעאַקציע אויף יעדער פאַסירונג איז „צא ולמד״: לאָמיר פאַרגלייכן מיט ענלעכע סיטואַציעס אין עבר און לאָמיר געפינען דעם מוסר השכל וואָס מיר דאַרפן זיך דערפון אַראָפּנעמען. ער גרייפט קודם כל צוריק אין זיינע זכרונות און איבערלעבענישן, אין דער גרויסער, פילזייטיקער ביבליאָטעק, וואָס איז זיין מוח. „מען פאַרשטייט אונדז נישט״, זאָגט ער סוף 1943: „...אָבער וועגן דער דאָזיקער אומפאַרשטענדעניש האָט נאָך דערציילט אין זיין צייט פילון האלכסנדרוני, איבערגעבנדיק פּרטים וועגן אַ דעלעגאַציע פון רוימישע יידן אין נאָמען פון די יידן פון אַלעקסאַנדריע. דער רוימישער קיסר האָט זיי אויפגענומען בעת זיין שפּאַציר און זיי זענען אים נאָכגעלאָפן... די דאָזיקע באַשרייבונג איז דער עלטערזיידע פון די בילדער וועגן דער אומפאַרשטענדעניש לגבי אונדז״ (ז׳ 60, 107).

זיין אָנגעלייענטקייט גיסט אויס אַ באַזונדערן חן אויף שפּרינצאַקס רייד. ער האָט ליב צו נעמען אַ פּסוק אָדער אַ פּערז, אָדער אַ טייל פון אַ פּסוק אָדער אַ פּערז, און אויסטייטשן אים, צופּאַסן אים צו דעם געדאַנק, וועלכן ער דאַרף קלאָר מאַכן. ער גלויבט, אַז נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע באַוועגונגען האָבן זייערע וואָרצלען אין דער ליטעראַטור. ציוניזם, זאָגט ער ערגעצוו, ציט זיין יניקה פון די קינות פון תשעה באב און פון די לידער פון יהודה הלוי און ח. נ. ביאַליק. ער שעמט זיך נישט מיט זיין געטריישאַפט צו די דיכטער פון זיינע קינדער־יאָרן, באַזונדערס צו שמעון פרוגן, דעם „דיכטער פון יידישן צער״, וועלכן ער ציטירט מיט אומענדלעכער ליבע.

אַנדערע וועלן געפינען גענוג מאַטעריאַל אין דעם דאָזיקן ספר אויף אַרויסצוברענגען דאָס בילד פון דעם ציוניסטישן מנהיג, דעם אַרבעטער־פירער, דעם וואָרטזאָגער פון דער כנסת, דעם פּאַרלאַמענטאַריער און דעם לעגיסלאַטאָר. נאָך אַנדערע וועלן שרייבן וועגן זיין פּקחות, זיין הומאָר, זיינע איינפאַלן, וועלן דערציילן וועגן דעם וווּנדערבאַרן בעל־יועץ, און וועגן זיין אַנטשיידנדיקער ראָל, הינטער די קוליסן, אין צייטן פון קריזיס. מיר וועט קלעקן, אויב ס׳איז מיר געלונגען צו געבן אַ באַגריף וועגן דעם גוטן מענטשן, דעם יידנפריינט, וועלכער האָט באַוויזן במשך פון אַ פול לעבן, אין אַ תקופה פון

**שטורעם און דראַנג, צו בלייבן געטריי יענע אידעאַלן, וועלכע האָבן נישט קיין אָנהאַלט אין דער ווירקלעכקייט, „ביז עס וועט קומען זייער טאָג“ (ז׳ 85, 132).**

---

פון די ציפערן אין קלאַמערן, באַציט זיך די ערשטע אויפן העברעישן טעקסט אין „בכתב ובעל פה“; די צווייטע אויפן יידישן אין „אין וואָרט און אין שריפט“.

# יציאה העכער ווי עליה

רעדע געהאַלטן דעם 9טן אַפּריל 1955 אויפן דריטן סדר
פון פּועלי־ציון־התאחדות, אין בוענאָס איירעס.

## דער אומקער צו זיך גיט אונדז גאַנצקייט און צופרידנקייט

אַזוי ווי פאַראַיאָרן, שפּיר איך אויך הייַנטיקס יאָר אַ געפיל פון אמתער דאַנקבאַרקייט לגבי די וואָס האָבן מיך איינגעלאַדן צו טיילן מיט אייך דעם גרויסן יום־טוב פונעם דריטן סדר. מיר האָבן ווידעראַמאָל איבערגעלעבט מאָמענטן פון אַ באַזונדער סאָרט דערהויבנקייט, פון השתפכות הנפש, און איך וועל וואַגן צו זאָגן אַפילו פון גליק. און אויב איך פרעג זיך, וואָס אַזוינס האָט גורם געווען דאָס דאַזיקע ווילגעפיל, די דאַזיקע התרוממות, וועל איך ענטפערן: מיר האָבן זיך אין געוויסע מאָמענטן צוריקגעפונען, מיר האָבן זיך איבערגעבעטן מיט די טיפסטע בענקענישן אין אונדז. און מיט וועלכע מיט־לען האָבן מיר דאָס דערגרייכט? מיט לחם עוני, מיט אָרעם ברויט, מיט ביטערע קרייטעכער, אָבער דער עיקר מיט געוויין, און מיט געזאַנג, און מיט זכרונות. יאָ, מיט אָט די פשוטע מיטלען האָבן מיר געשאַפן אויגנבליקן פון טיפער באַגייסטערונג. וואָרום אַזוי איז אונדזער אופן פון זיך אויסלעבן; אָט די טראַדיציאָנעלע אינגרעדיענטן האָבן אַ כישוף קעגן וועלכן מיר קאָנען זיך נישט ווערן.

איך האָב געזאָגט: מאָמענטן אַפילו פון גליק. אונדזער לעבן באַשטייט פון אַ זוכעניש נאָך גליק, פאַר זיך אַליין, פאַר אונדזערע קינדער, פאַר די וואָס זענען אונדז טייער. און ווי לייכט קערן מיר זיך אָפּ פון די אויסגע־טראָטענע וועגן, וועלכע קאָנען אונדז פירן צו דער צופרידנקייט צו וועלכער מיר שטרעבן, וועגן וועלכע באַדייטן אומקער צו זיך, שלום מיט זיך אַליין. ס'איז דעריבער גוט וואָס די לעצטע יאָרן קומט דער סדר צו אונדז צוריק, און העלפט אונדז דערגרייכן גאַנצקייט און אינעווייניקע רואיקייט.

אונדזער דור איז נישט דער ערשטער וואָס האָט צוריקגעפונען דעם יום־טוב פון פסח נאָך יאָרן פון גלייכגילטיקייט. נעכטן, אין אַ שול פון דער דייטשער געמיינדע, האָב איך פאַרגעלייענט פון דער הפטורה ווי אַזוי יאשיהו, וועלכער איז געווען מלך פון יהודה מיט אַ 2.500 יאָר צוריק, האָט באַנייט

דעם פסח, און דער תנ״ך דערציילט, אַז אַזאַ פסח ווי דער וואָס איז געפייערט געוואָרן אין דעם אַכצנטן יאָר פון זיין קעניגן איז נישט פאָרגעקומען, נישט אין די צייטן פון די שופטים און נישט פון די קעניגן פון ישראל און יהודה ד. ה. במשך פון אַ קיימא לן פון 500 יאָר. אמת, ס'איז דאָ ספקות וועגן אָט דער כראָנאָלאָגיע, אָבער דער עצם פאַקט, אַז פון צייט צו צייט פאַרגעסן מיר אין אונדזערע טייערסטע ווערטן און קערן זיך אום צו זיי נאָך לאַנגע תקופות פון שכחה, איז אַ פערמאַנענטע דערשיינונג אין אונדזער געשיכטע.

און איצט אַ פּאָר ווערטער וועגן די צוויי לייטמאָטיוון פון אייער היינ־טיקן דריטן סדר: יציאת מצרים און צווייטע עליה.

## בצאת ישראל ממצרים — אַ נאַציאָנאַלער הימן און אַ תמצית פון ציוניזם

איר זענט זיך נוהג מכבד צו זיין דעם פאָרטרעטער פון ישראל מיט דעם קאַפּיטל „בצאת ישראל ממצרים״. איך נעם אָן, אַז איר טוט עס נישט כדי צו פאַרהערן זיין עברי, נאָר אַז איר האָט עפּעס אַ מיין דערביי. און דער אמת איז, אַז דער דאָזיקער קאַפּיטל תהילים איז אַ וווּנדערבאַרער הימן און אַן אומפאַרגלייכלעכער אויסדרוק פון דעם יידישן צוגאַנג צו דעם נס פון פסח. „בצאת ישראל ממצרים״ — אַז ישראל איז אַרויס פון מצרים, איז וואָס איז געשען? וואָס איז דאָס גרויסע וואָס דער משורר האָט וועגן דעם צו דער־ציילן? „היתה יהודה לקדשו״ — יהודה איז געוואָרן גאָטס הייליקטום און ישראל זיין הערשאַפט. דער ים איז אַנטלאָפן, דער ירדן איז אָפּגעטראָטן אַהינטער. צוליב וואָס? צוליב די גבורים פון ישראל? צוליב די ששים רבוא פון די שבטים? ניין, פאַר דעם גאָט פון יעקב. און וואָס איז דאָס געוואַלטיקע פון דעם גאָט פון יעקב? ער „פאַרקערט דעם פעלדז אין אַ טייך וואַסער, קיזל־שטיין אין אַ וואַסערקוואַל״. וואָס פאַר אַ גראַנדיעזער תמצית פון אונדזערע נאַציאָנאַלע אַספּיראַציעס!

אויך דער דאָזיקער קאַפּיטל תהילים רעדט מיט דער טראַדיציאָנעלער באַשיידנקייט וועגן די יוצאי מצרים. ערגעצוווּ שרייבט זיי דער תנ״ך נישט צו דעם מינדסטן פאַרדינסט אין די עפּאָכע־מאַכנדיקע געשעענישן. זיי זענען אַרויסגעפירט געוואָרן און ביד חזקה, מיט אַ שטאַרקער האַנט. די טראַדי־ציאָנעלע הגדה וואָס מיר לייענען, נישט די קאָרעגירטע, איז נישט עפּעס אַנדערש ווי אַ געדענק־בוך אין אונדזער אַמאָליקער מערכה פון שקלאַפן. „עבדים היינו״ — דאָס וואָרט איבערגעחזרט און איבערדערציילט אויף אומ־צייליקע אופנים. עס ווערט דערציילט מיט פרייד, מיט צניעות און מיט פליכט־

באָוווסטזיין. די גאַנצע יידישע איינשטעלונג פון יושר און גערעכטיקייט איז געבויט אויף יציאת מצרים און אויף „עבדים היינו״. ווייל מיר זענען געווען שקלאַפן, טאָרן מיר נישט קריוודען קיין פרעמדע, טאָרן מיר נישט פאַרדרייען דעם משפט, מוזן מיר האָבן אַ רו־טאָג — שבת, נישט נאָר פאַר זיך אַליין, נאָר פאַר דער גאַנצער משפחה און פאַר דער דינערשאַפט און פאַר די בהמות וועלכע אַרבעטן מיט אונדז.

## יציאה — אַ גרעסערער נסיון און אַ גרעסערער נס ווי עליה

היינטיקס יאָר האָט איר פאַרבונדן דעם יום־טוב פון יציאת מצרים מיט דער צווייטער עליה. פון איין זייט יציאה, פון דער אַנדערער עליה. אין פאַר־גלייך מיט יציאה, דאָס הייסט מיטן פשוטן אַרויסגיין פון אַ לאַנד, איז עליה, וועלכע באַדייט אויפשטייג, נישט קיין עניוותדיק וואָרט. אָבער אין אמתן זענען די מענטשן פון דער צווייטער עליה געווען זייער באַשיידענע מענטשן. ווען בערל קאַצענעלסאָן שרייבט זיין סך־הכל וועגן דער צווייטער עליה, גע־פינט ער די גבורים גראָד אין דער ערשטער עליה, אין די בילויים, אין די מענטשן פון זכרון יעקב און פון ראשון לציון. מיר קאָנען זיך נישט פאַר־גלייכן מיט זיי — זאָגט ער — אין הינזיכט פון מענטשלעכער גבורה.

אָבער אויך אין דער צווייטער עליה איז דער גרויסער נס און דער גרוי־סער נסיון געווען די יציאה, דאָס אַרויסרייסן זיך מיט געוואַלט פון דער אַלטער היים און איר צוציאונג און אירע צוזאָגן. די מענטשן פון דער צווי־טער עליה זענען אַוועק פון רוסלאַנד אין אַ צייט ווען דאָס לאַנד האָט גע־זשומעט מיט האָפענונגען, און מען האָט שוין געפילט דאָס אָנקומען פון דער רוסישער רעוואָלוציע, ערב דער גרויסער רענעסאַנס פון דער יידישער ליטע־ראַטור, אין אַ צייט ווען עס זענען אויפגעשטאַנען יידישע שרייבער, וועלכע זענען געווען געגליכן צו ריזן, אין אַ תקופה פון אויפבלי פון העברעישע און יידישע צייטונגען, פון יידישן פאָלקלאָר, פון יידישן פאָלקסליד. זיי זענען אַוועק פון דער ציוניסטישער הילפלאָזיקייט אין גלות, אַוועק פון דער צערי־סענער יידישער נשמה, אַוועק פון די משפחות צבי. זייער אַוועקגיין איז גע־ווען אין לופבאַנס ווערטער „אַ גרויסע פאַרניינונג וואָס האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ גרויסער באַיאָאונג״. אין אייראָפּע האָט קיינער נישט צוגערייט זייער אָפּפאָר און אין ארץ ישראל האָט זיי קיינער נישט אָפּגעוואַרט. און די דאָ־זיקע באַשיידענע מענטשן האָבן באַוויזן וווּנדער. זיי האָבן געמאַכט פון דער אייגענער אַרבעט דעם יסוד פון דער נייער ישראל, דורך דער שמירה האָבן זיי געלייגט די פונדאַמענטן פון דער הגנה און שפעטער פון דעם צבא הגנה לישראל. זיי האָבן געמאַכט פון העברעיש די שפראַך פון טאָגטעגלעכן לעבן,

זיי האָבן אַריינגעגאָסן אין די ארץ ישׂראלדיקע קערפּערס דעם שטאָל פון תנ"כישער האַרטנעקיקייט.

אָבער נישט געקוקט אויף דעם אַלעמען, זאָגט בערל קאַצענעלסאָן, מיט באַשיידנקייט: „אויב מיר וועלן מאַכן דעם חשבון פון דער תקופה, וועלן מיר זיך וווּנדערן: וואָסערע מעגלעכקייטן ליגן נאָך פאַרבאָרגן אין ארץ ישׂראל, אויב ווייניקע און שוואַכע ווי מיר האָבן געקענט שאַפן דאָס אַלץ".

ווען מיר דערמאָנען זיי היינט מיט יראת הכבוד און פאַרבינדן זיי מיט יציאת מצרים, איז אונדזער טיפע תפילה, אַז די צווייטע עליה, און די מדינת ישׂראל, צו וועלכער זי האָט דערפירט, זאָלן זיין אין דער מענטשלעכער געשיכטע אַ המשך פון יציאת מצרים. וואָרום ביי זייער גאַנצער באַשיידנקייט, האָבן די מענטשן פון דער צווייטער עליה געטראָגן אין זיך די ברענענדיקע האָפענונג, אַז זייערע מעשים וועלן באַפרייען נישט נאָר דאָס יידישע פאָלק, נאָר וועלן אויך זיין אַ צושטייער צו דער באַפרייאונג פון דער גאַנצער מענטשהייט. יציאת מצרים האָט דורך יאָרטויזנטער אָנגעצונדן דאָס פייער פון באַפרייאונג אין מיליאָנען פאַרשקלאַפטע און אונטערדריקטע און דאָס פייער האָט צעשמאָלצן זייערע קייטן. הלוואַי זאָלן מיר זוכה זיין, אַז אויך אונדזער באַפרייאונג אין היינטיקער צייט זאָל דינען ווי אַ סימבאָל און דערמוטיקונג פאַר אַנדערע געדריקטע און דערנידעריקטע, און אַז דאָס וואָס מיר שאַפן אין ישׂראל זאָל זיין אַ ליכט פאַר די פעלקער.

# אונדזערע קדושים זאָגן אונדז: „זכור את אשר עשית לך“ — געדענק וואָס דו האָסט זיך אַליין אָנגעטאָן

רעדע געהאַלטן דעם 19טן אַפּריל 1955 אין סאַלאָן „פּרינ־סיפּע“ אין בוענאָס איירעס, אויף דעם צענטראַלן אזכרה־אַקט צום אָנדענק פונעם אויפשטאַנד פון וואַרשעווער געטאָ.

## דער צער און ווייטיק זענען ווערטפולע קנינים

דער מנהג אויפצוהאַלטן דעם זכר פון אונדזער גרויסן נאַציאָנאַלן אומ־גליק איז איינער פון די ווירדיקסטע מנהגים פון יידן אין אַרגענטינע. עס איז נישט קיין לייכטער מנהג. מיר אַנטלויפן פון טרויער, פון אָנגעווייטיקטע זכרונות, באַזונדערס פונעם אָנדענק פון מפּלות. מיר גיבן אַרויס אַ גרויסע און וויכטיקע חורבן־ליטעראַטור, אָבער, דעם אמת געזאָגט, זי ווערט ווייניק געלייענט. אונדזער דור — מיטן אויסנאַם פון די געראַטעוועטע — וואָלט זייער געוואָלט איבערשרייבן די געשיכטע, זי צופוצן אַביסל. עס איז אַ פּאַר־שטענדלעכער סענטימענט, אָבער פון נאַציאָנאַלן שטאַנדפונקט איז עס אַ קורצזיכטיקער צוגאַנג. לאָמיר זיך אַ פרעג טאָן וואָס וואָלט געוואָרן פון אונדז, ווען מיר וואָלטן במשך פון אַכצן הונדערט יאָר נישט געזאָגט קיין קינות, נישט געלייענט קיין „איכה“. און וואָלטן דערציילט נאָר וועגן דער העלדיש־קייט פון די חשמונאים, וועגן דער גבורה פון מסדה, וועגן דער עפּאָפּייע פון בר־כוכבא. איך פרעג זיך צי מיר וואָלטן אויפגעשטאַנען תחית המתים ווי אַ פאָלק.

אין אונדזער רענעסאַנס האָבן געשפּילט אַ גרעסערע ראָל ווי מען שטעלט זיך פאָר, די טרערן וואָס עס האָבן פאַרגאָסן אונדזערע מאַמעס, בעת מיר זענען געווען קינדער, ווען זיי האָבן געלייענט די געשיכטע פון חורבן בית שני מיט אַזאַ טיפן ווייטיק, ווי עס וואָלט פּאַסירט אין זייער צייט, ווי אויך אונדזער באַגער אָפּצעווישן די טרערן פון זייערע באַקן. מיר האָבן געביילט אונדזערע קליינע פויסטן און האָבן זיך שטילערהייט געגעבן אַ הייליקע שבועה. צער טאָר מען נישט פאַרטאַכלעווען, ווייטיק טאָר מען נישט ביליק האַלטן, אַפילו דאָס געפיל פון רעטראָספּעקטיווער שאַנד קאָן זיין אַ ווערט־פולער קנין. זיי זענען אַלע אינגרעדיענטן פון נאַציאָנאַלן אויפבוי; ווען זיי

צעפלאַקערן זיך אין אַ יונג האַרץ, אין אַ יונגער ברוסט, קאָנען זיי אַראָפּ־רייסן ווענט און גראַטעס.

## קדושים וועלכע זענען געבליבן לעבן

ס׳איז היינט כ״ז ניסן, דער יום השואה והגבורה, דער טאָג פון קאַטאַס־טראָפע און פון העלדישקייט, פוןביידע זאַכן. ווער עס רעדט בלויז פון איין אַספּעקט, איז נישט געטריי דעם היסטאָרישן אמת. און וויבאַלד ס׳איז היינט אַ טאָג פון חשבון הנפש, פון זיך מתיחד זיין מיט זיך אַליין, און ווער ווען — זיך אַליין קאָן קיינער נישט אָפּנאַרן, לאָמיר זיך אָפּשטעלן אויף ביידע באַגריפן פון שואה וגבורה.

און לאָמ׳יר קודם כל ריידן וועגן גבורה, אָדער ריכטיקער געזאָגט פון גבורה און קדושה. ווען מיר זאָגן גבורה, מיינען מיר געוויינטלעך די אויפ־שטאַנדן פון די געטאָס, אָן וועלכע ווי עס זאָגט דער דיכטער, מיר וואָלטן געשטאָרבן פאַרשעמטערהייט; מיר זעען פאַר אונדזערע אויגן רעוואָלווערס, באָמבעס, האַנט־גראַנאַטן, גבורה כלפּי חוץ. און ווען מיר זאָגן קדושה זעען מיר טויטע. מיר זאָגן 6 מיליאָן קדושים, ווייל מיר האָבן געהאַט 6 מיליאָן טויטע. מיר האָבן מער און מער אַ טענדענץ צו פאַרבינדן גבורה און קדושה מיט טויט. און ווער וועט זיין דער וואָס וועט וואַגן אָפּצונעמען ביי אונדזערע טייערע, אומגליקלעכע זעקס מיליאָן דעם טיטל קדושים?

אָבער איך קען קדושים, וועלכע זענען געבליבן לעבן, און מסתמא זיצן עטלעכע אַזעלכע צווישן אונדז. און איך קען גבורים אָן כלי זין, וואָס זענען געשטאָרבן טויזנטער טויטן און זענען געבליבן לעבן, און זענען געבליבן ריין, און געוויס זיצן אויך אַזעלכע צווישן אונדז. אין אמתן וועלן מיר קיינמאָל נישט קענען די נעמען פון אַלע שטילע, באַשיידענע קדושים און גבורים פון אונדזער פאָלק אין דער צווייטער וועלט־מלחמה. צענדליקער טויזנטער פון זיי בויען איצט ישראל. זיי זענען ממשיך זייער גבורה טאָג־איין טאָג־אויס, וואָרום זיי לעבן פיר און צוואַנציק שעה אַ מעת־לעת מיט זייערע שרעקלעכע איבערלעבענישן. זיי לייגן זיך שלאָפן יעדע נאַכט מיט דעם וואָס זיי האָבן געזען און וואָס זיי האָבן געטאָן. יעדן טאָג אַנטבלויזן זיי די ציפער וואָס איז אויסגעקריצט אין זייער אָרעם, און בלייבן לעבן. און אַרבעטן. דער גרעסטער טייל פון זיי איז געווען אין די געטאָס און אין די לאַגערן, אָבער אַ טייל פון זיי האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין די אָקופּירטע לענדער פון מערב־אייראָפּע. זיי פירן אַן אומבאַקאַנט לעבן. מיר באַגעגענען זיי, און רעדן מיט זיי, און ווייסן נישט ווער זיי זענען.

און ווייל מיר זענען אַרומגערינגלט מיט אומבאַקאַנטע קדושים און גבורים, ווייל דער וואַרשעווער אויפשטאַנד און דער ווילנער אויפשטאַנד זענען געווען נאָר עפּיזאָדן וואָס האָבן אויפגעבליצט אינמיטן פון דער שטילער גבורה פון צענדליקער טויזנטער, דעריבער קאָנען מיר נישט אָפּטיילן גבורה פון שואה, ווייל ביי דעם אַלעמען איז פאַרט אַ דריטל פון אונדזער פאָלק אויסגעהרגעט געוואָרן.

## די קאַטאַסטראָפע איז באַשטאַנען אין הילפלאָזיקייט

און נישט נאָר איז אָט דער דריטל אין זיין גרויסער מערהייט געגאַנגען כצאן לטבח, ווי שאָף צו דער שחיטה, נאָר אויך אין די איבעריקע לענדער, זענען די אַנדערע צוויי דריטל פונעם יידישן פאָלק געווען כמעט פולשטענדיק מאַכטלאָז. וואָרום היסטאָריש גענומען, נאַציאָנאַל־פּאָליטיש גענומען, איז די קאַטאַסטראָפע באַשטאַנען אין דער נישט־צוגעגרייטקייט, אין דער הילפלאָזיקייט פון גאַנצן אַלוועלטלעכן יידישן כלל. און אויך אין די פרייע לענדער זענען געווען יידן וואָס זענען געשטאָרבן צען טויטן אַ טאָג, צוליב זייער אָפּהענטיקייט, בעת זייערע טייערע זענען אומגעבראַכט געוואָרן.

איך האָב געזען די הילפלאָזיקייט, די צעטומלטקייט פונעם גרויסן, טייערן יידישן פאָלק פון נאָרד־אַמעריקע. איך האָב געזען ווי צוויי נשמות האָבן זיך אַרומגעריסן אין זייער האַרץ. איך האָב געזען זייער דערשראָקנקייט, ווען מיר זענען אַריבערגעקומען ענדע 1940 קיין אַמעריקע און דערציילט וואָס עס קומט פאָר אין אייראָפּע. „וואָס ווילט איר", האָבן זיי געציטערט. „צי זאָלן מיר שיקן אונדזערע קינדער אין דער מלחמה? זאָלן אויך מיר אונטערגיין?" איך האָב געזען ווי זיי האָבן זיך אָנגעקלאַמערט אין דעם געדאַנק, אַז אפשר זענען זיי די שארית הפליטה, אַז אפשר איז זייער מיסיע זיך אַליין אָפּצוהיטן, כדי דאָס גאַנצע יידישע פאָלק זאָל חלילה נישט אָפּגעמעקט ווערן פון אונטער די הימלען. ביז זיי האָבן זיך דערשלאָגן צו דער איבערצייגונג, אַז זאָל זיין וואָס ס'זאָל זיין, מעג אויך זיי דער גורל נישט שאַנעווען, זיי מוזן ראַטעווען וואָס עס לאָזט זיך ראַטעווען פון זייערע ברידער־יידן.

## אַפילו אונדזערע זאָרגערס זענען געווען זאָרגלאָז

ווען מיר קוקן איצט צוריק מיט אונדזערע אויגן פון 1955 אויפן יאָר 1940, דאָס הייסט אויף 15 יאָר צוריק, זעען מיר איין ווי אומרייף, ווי אומערנסט, ווי אומרעאַל מיר זענען געווען. אויך אונדזערע גרויסע זאָרגערס און שוואַרצזעער זענען אין תוך געווען זאָרגלאָז. מיר דערמאָנען זיך אין דעם

וויכּוח איבער חלוקה אין יאָר 1937 אויפן צוואַנציקסטן ציוניסטישן קאָנ־גרעס אין צירִיך, פיר יאָר נאָך היטלערס קומען צו דער מאַכט, צוויי יאָר פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווי מיר האָבן אַריינגעשפּעקולירט, ווי מיר האָבן זיך מפלפל געווען, ווי מיר האָבן געשטימט קעגן חלוקה, און איך בתוכם, ווי ווייניק מיר די ציוניסטן, האָבן דעמאָלט פאַרשטאַנען דעם ווערט פון אַן אייגענעם ברעג ים, ווו ס׳קאָן אָנקומען אַ לאָדקע מיט געראַטעוועטע יידן, פון אַן אייגן שיפל וואָס פאָרט איבערן גרויסן ים, פון אַן אייגענעם פּאַס־פּאָרט, אַן אייגענער דיפּלאָמאַטישער פּאָסט. מיר האָבן אַרויסגערעדט די ווער־טער „מקום מקלט״, אָבער מיר זענען נישט דורכגעדרונגען צו דעם טראַגישן מיין דערפון. אַ נישט־יידישער שטאַטסמאַן, דער טשעכאָסלאָוואַקישער פּרעזי־דענט בענעש, ער האָט יאָ פאַרשטאַנען. „נעמט״, האָט ער אונדז געראַטן, „נעמט וואָס עס לאָזט זיך. אַבי אַן אייגן שטיקל ערד, אייגענע סוווערעני־טעט, נעמט מיט ביידע הענט״.

אין 1940 האָבן מ׳ר אָנגעהויבן פאַרשטיין, און מיר האָבן פאַרשטאַנען מער און מער אין 1941, און אין 1942, און אין יענע יאָרן ווען דאָס גאַנצע יידישע פאָלק אין דער וועלט האָט געקאָנט דעפינירט ווערן מיט דעם פּסוק פון תהילים „פרשתי ידי אליך״ — כ׳האָב אויסגעשפּרייט מיינע הענט צו דיר, „נפשי״ — מיין נשמה „כארץ עייפה לך״, ווי אַ לאַנד וואָס איז מיד נאָך דיר, וואָס דאַרשט נאָך דיר, און ווי אַ פאָלק וואָס איז מיד נאָך אַ לאַנד.

## געשטאָרבן אויף קידוש השם, כדי מיר זאָלן לעבן אויף קידוש השם

דעריבער איז גוט וואָס כ״ז ניסן קומט אַכט טעג פאַר ה׳ אייר, ס׳איז גוט וואָס מיר האָבן שמונת ימ׳י הגבלה, אַכט טעג אָפּגרענעצונג, כדי מיר זאָלן האָבן צייט זיך צוצוגרייטן צום גרויסן נס, זיין ראוי דעם גרויסן נס. איך האָב ערגעצווו געלייענט, אַז מיר דאַרפן היינט זאָגן „על הגבורות״. געוויינלעך זאָגט מען „על הגבורות״ איבער אַ נצחון. אָבער אַפילו דעמאָלט זאָגט מען ביידע: „על הניסים ועל הגבורות״. וואָרום אויב מיר קענען נישט אַלע די צו וועמען עס געהערן די גבורות, זענען אָבער מיט יעדן איינציקן פון אונדז געשען ניסים, שוין דורכדעם וואָס מ׳ר זענען דאָ היינט פאַרזאַמלט, און עס איז נישטאָ קיין איינציקער פון די וואָס זיצן דאָ, וואָס זאָל נישט קענען בעסערע פון אים, בילכערע פון אים, וועלכע זענען מער נישטאָ צווישן די לעבעדיקע, כדי צו געדענקען די ניסים און צו דערציילן די גבורות.

אָבער זייער גרויסער שאָטן איז דאָ היינט מיט אונדז און איך הער זיי נישט זאָגן „זכור אשר עשה לך עמלק״, געדענק וואָס עס האָט מיר דיר

געטאָן עמלק, נאָר איך הער זיי זאָגן, „זכור את אשר עשית לך״, געדענק וואָס דו האָסט זיך אַליין געטאָן, מיט פּירוד הלבבות, מיט לייכטזיניקייט, מיט באַקוועמלעכקייט, מיט גראָשעוודיקייט, מיט נישט־צוגעגרייטקייט, מיט קורצזיכטיקייט, מיט זען נאָר דעם היינט, היינט, היינט.

יאָ, עס איז אַ גרויסער מנהג וואָס מיר היטן היינט אָפּ און מיר מוזן אים אויפהאַלטן, וואָרום יעדן כ״ז ניסן העלפן אונדז די טייערע טויטע ריכ־טיקער צו לעבן, בעסער צו פאַרשטיין. און אין אונדזערע יזכור־אָוונטן שטאַרבן זיי נאָכאַמאָל אויף קידוש השם, כדי מ׳יר זאָלן פאַרשטיין ווי צו לעבן אויף קידוש השם.

# עס שטעלט זיך פונדאַסניי צוזאַמען אין ישראל די מאָזאַיק פון דער יידישער געשיכטע און קולטור

רעדע געהאַלטן אין שפּאַניש אין בוענאָס איירעס דעם 14טן מאַי 1955 אויף דער פייערונג פון דעם 30סטן אַניווער־סאַר פון דער העברעישער אוניווערזיטעט אין ירושלים.

## אַנערקענונג פאַר סער פּראַנסיס עוואַנס

עס איז אַ הויכע און ווירדיקע פּריווילעגיע צו נעמען דאָס וואָרט נאָך דעם ענגלישן אַמבאַסאַדאָר) סער פּראַנסיס עוואַנס. אויב עס איז דערלויבט צו באַנוצן דעם אַביסל אָפּגענוצטן ווירגיליאַנישן אויסדרוק, וואָלט איך געזאָגט וועגן סער פּראַנסיס: Verus incessu patuit diplomatus — שוין אין זיין אויפטריט דערקענט מען דעם אמתן דיפּלאָמאַט, און שוין אין זיינע רייד דערקענט מען דעם האַרציקן מענטשן, וואָרום נאָר אַ מאַן, וועמענס מעשים ווערן דיקטירט פון גוטן ווילן, פון דעם ווונטש צו פאַרשטיין, פון סימפּאַטיע לגבי אַנדערע, נאָר אַזאַ מענטש האָט געקאָנט אויפטאָן דאָס וואָס עס איז געלונגען סער פּראַנסיסן: קומען אין אַ לאַנד וואָס האָט נאָך געהיילט די ווונדן פון דער מלחמה, אַ ישראל פול מיט תרעומות, מיט חשד, מיט אומ־צוטרוי, אוןביים פאַרלאָזן דאָס לאַנד, נאָך דער פאַרענדיקטער מיסיע, אי־בערלאָזן נאָר געטרייע פריינט. דער פאַקט, אַז ער איז איינגעלאַדן געוואָרן היינט צו ריידן צו אונדז איז דער בעסטער באַווייז, אַז ישראל און יידן זעען אין אים אַן אויפריכטיקן פריינט און אַן אויסגעצייכנטן בעל יועץ. איך מוז צוגעבן, כדי צו זיין גערעכט, אַז אין זיין אונטערנעמונג צו געווינען די הער־צער האָט סער פּראַנסיס געהאַט אַן אומפאַרגלייכלעכן מיטאַרבעטער, יענע הויכע דאַמע פון דער דיפּלאָמאַטישער קאָרפּאָראַציע, וועלכע הייסט ליידי עוואַנס.

## אַ נייער אָנהייב און אַ המשך

ביים ערשטן אָנבליק קאָן עס אויסזען מאָדנע, וואָס מען פייערט דעם 30טן געבורטסטאָג פון אַן אוניווערזיטעט בעת עס זענען פאַראַן אַזויפיל אַלטע און באַרימטע הויכשולן, וועלכע געדענקען נאָר זייער פופציקסטן אָדער

הונדערטסטן יאָרטאָג. אָבער די דאָזיקע אויבערפלעכלעכע כראָנאָלאָגיע גאָרט קיינעם נישט אָפּ. די ירושלימער אוניווערזיטעט, ווי יעדע זאַך אין ישראל, איז אַ נייער אָנהייב און אַ המשך. עס וועט נישט זיין גענוג, אויב זי וועט איבערפלאַנצן אויף דעם באָדן פון ישראל דאָס נייעסטע און דאָס אַמביציעזסטע אין דער וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג פון אונדזער צייט. זי מוז גלייכצייטיק אַזוי טיף צוזאַמענוואַקסן מיט דעם געניוס פון דעם לאַנד און מיט די טויזנטיעריקע זאָרגן פון דעם פאָלק, אַז זי זאָל ווערן אויטענטיש און ערווירדיק, פונקט ווי זי וואָלט קיינמאָל נישט פאַרלאָזן ירושלים זייט די צייטן פון קהלת און פון רבי הלל. און אַזוי וועט זי אויך באמת זיין איינע פון די עלטסטע אוניווערזיטעטן אויף דער וועלט.

עס איז אַ פאַקט, און די פריינט פון דער העברעישער אוניווערזיטעט שטרייכן עס אונטער מיט אַ געוויסן שטאָלץ, אַז די ירושלימער אוניווערזיטעט איז אַלט דרייסיק יאָר, בעת מדינת ישראל איז נאָר אַלט זיבן. דער דאָזיקער כראָנאָלאָגישער פּאַראַדאָקס איז אַ כבוד פאַר ביידן. די אוניווערזיטעט איז עלטער פון דער מדינה, זי איז געקומען פאַר איר. אין אָנהייב פון דער מדינה איז געווען דאָס וואָרט, דער געדאַנק, די פאָרשונג. און דאָס צוליב צוויי טעמים: ערשטנס, ווייל איינער פון די גרונט־פּרינציפּן פון ציוניזם, ווי בכלל פון יעדער גרויסער מענטשלעכער אונטערנעמונג, איז געווען דער אַקסיאָם, אַז די פאַרווירקלעכונג האָט איר מקור אין דעם ווילן, אַז זי גייט אַרויס פון דעם ווילן, פונקט ווי מינערוואַ איז אַרויס באַוואָפנט פון יופּיטערס מוח; צווייטנס, ווייל דער שטאַט, ד. ה. די ראַמען און די אינסטרומענטן וועלכע דערמעגלעכן אַ געמיינזאַמע, רעגולירטע טעטיקייט, און אויב ס'איז נייטיק צווינגען זיי דערצו, דער שטאַט איז פאַרן ציוניזם שטענדיק געווען נאָר אַ מיטל. דער אמתער ציל איז געווען די געזעלשאַפט, דאָס הייסט אַ כלל פון מענטשן, וועלכע היטן אָפּ גוטווויליק און פרייוויליק אַ קאָדעקס פון מאָראַלישע געבאָטן, וואָס זענען דער פועל־יוצא פון אַן איינהייטלעכן באַנעם פון דעם לעבן און פון דער וועלט.

די אויפגאַבן וועלכע האָבן געוואַרט אויף דער העברעישער אוניווערזיטעט זענען אין אָנהייב נישט געווען אַזוי קלאָר ווי עס קאָן זיך אויסדוכטן פון מיינע רייד. דער גרויסער גרינדער פון דער אוניווערזיטעט, חיים ווייצמאַן, האָט קודם כל געקלערט וועגן אַ פאָרשונג־צענטער, וועלכער זאָל געבן אַ פאַרוואָרלאָזט לאַנד, אָרעם אין נאַטירלעכע אוצרות, די וויסנשאַפטלעכע אינסטרומענטן, וועלכע עס האָט נייטיק געהאַט כדי זיך עקאָנאָמיש צו אַנטוויקלען.

גלייכצייטיק האָט די אוניווערזיטעט געדאַרפט שטעלן דאָס צוריקגע־

קערטע פּאָלק אין דער לאַגע, צו געבן דער אַלוועלטלעכער וויסנשאַפט ביי־שטייערונגען, וועלכע זאָלן מער נישט זיין אַנאָנים. אַחוץ דעם האָט זי באַדאַרפט באַווייזן דער וועלט, אַז ציוניזם יאָגט זיך נישט נאָך מאַטעריעלע גי־טער, נאָר זוכט צו געבן אַ גערודפטן פּאָלק די רואיקייט וואָס עס באַדאַרף, כּדי זיך צו קאָנעןווידמען, מיט אַ פרידלעכן געמיט, דער פאָרשונג פון די אייביקע אמתן און פון די סודות וועלכע רינגלען אונדז אַרום.

## נייע אַנטדעקונג פון ישראל

אָבער אַ לאַנד איז נישט קיין אומבאַוועגלעך רוישטאָף, וואָס אַ שטאַטס־מאַן, אַפילו אַ גאון, קאָן עס שמידן לויט זיין פּערזענלעכער וויזיע, באַזונ־דערס ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ לאַנד וואָס טראָגט די שפּורן פון אַזוי פיל נאַטירלעכע און מענטשלעכע איבערקערענישן, פון אַזויפיל שלאַכטן פון מענטשן און געדאַנקען. וואָס מער די יידן האָבן זיך איינגעוואָרצלט אין ישראל, אַלץ מער האָט די אַלטע ערד פאַרכאַפּט זייער פאַנטאַזיע, זייער גאַנצן איך. ווען עס זענען אָפּגערוימט געוואָרן די גרויסע שטיינער־בלאָקן, וואָס האָבן זיך געהאַט אָנגעזאַמלט דורך דורות פון מענטשלעכער פאַרוואָרלאָזונג, האָט מען זיך ארומגעזען, אַז דאָס לאַנד, וואָס מען האָט דוכט זיך געקענט אויף אויסנווייניק, איז געווען זייער ווייניק באַקאַנט, און אַז לוינט זיך עס ווידער צו אַנטפּלעקן. פונקט אַזוי האָט די געשיכטע, ווען מען האָט אָפּגע־רוימט די זאַמדן וואָס האָבן זי באַדעקט אין משך פון יאָרהונדערטער, פאַר־לאַנגט, מען זאָל זי לערנען און אינטערפּרעטירן פונדאָסניי. און אַזוי האָט פּאַסירט, אַז די העברעיִשע אוניווערזיטעט איז געוואָרן נישט נאָר אַ צענטער פון עקזאַקטע לימודים, נאָר אויך אַן אויסערגעוויינלעכער זאַמלאָרט פון היס־טאָרישע, געאָגראַפישע און אַרכעאָלאָגישע פאָרשונגען.

ווי ווייט די געאָגראַפיע פון ישראל האָט זיך געגרענעצט מיט דער פאַנ־טאַזיע, דאָס קאָן מען לערנען פון אַ זאַפטיקן ליטעראַרישן אַנעקדאָט. מען קען די וואונדערבאַרע פּאָעמע פון וויקטאָר הוגאָ „דער איינגעשלאָפענער בועז" און דעם האַרמאָנישן פערז וועלכער לייענט זיך: Tout reposait dans Ur et Jérimadeth (אַלץ האָט גערוט אין אור און אין יערימאַדע). זוכט נישט יערימאַדע אין אַן ארץ ישראל אַטלאַס: עס האָט קיינמאָל נישט עק־זיסטירט. עס איז צוגעפּראַוועט געוואָרן דורך הוגאָן, וועלכער האָט זיך גע־נייטיקט זיך אין אַ גראַם פאַר: Ruth se demandait. יערימאַדע (זשערימאַדע) באַשטייט פון פיר פראַנצויזישע ווערטער און באַדייט: „איך האָב אַ גראַם פאַר דע".

ווען יידן זענען צוריקגעקומען קיין ארץ ישראל, האָבן זיי געפונען, אַז אויפן לאַנד שוועבט אַ נעפּל פון יערימאַדעס, וואָס זענען געווען נאָר נעמען, זכרונות און מוח־פאַנטאַזיעס. אָבער היינט צו טאָג גייט נישט פאַרביי קיין מאָנאַט, אַז אַ צאָל אַלטע ערטער, וועלכע זענען אַמאָל באמת באַשטאַנען, ווו מענטשן האָבן אַמאָל געלעבט, געקלערט, געליטן און געשאַפן, זאָלן נישט אויפשטיין פון זייער שלאָף, פאָדערנדיק זייער אָרט אויף דער מאַפּע, אָדער אין דער כראָניק, ברענגענדיק זייער באַשיידענע אָדער וויכטיקע אויסבעסערונג, אָדער פּרעציזירונג, צו דעם וואָס מיר האָבן געוווּסט, אָדער מיר האָבן געגלויבט אַז מיר ווייסן.

אָבער נישט נאָר דאָס ווידערגעבוירענע לאַנד און דאָס ווידערגעבוירענע פאָלק פאַרלאַנגען זייער פּלאַץ אונטער דער זון פון דער פאָרשונג. דאָס היינטיקע ישראל באַשטייט פון שבטים, וועלכע זענען געקומען פון אַלע ווינקלען ערד און פון אַלע יאָרהונדערטער. די שבטים האָבן געבראַכט מיט זיך זייערע טראַדיציעס און מנהגים, וועלכע זענען באַאיינפלוסט געוואָרן פון דער קולטור פון זייער פריערדיקער סביבה. מיר זעען דעריבער צוויי פּאַראַלעלע אַנטוויקלונגען. פון איין זייט, קומט פאָר אַן אייניקונג־פּראָצעס דורך דער געמיינזאַמער בירגער־שפּראַך — העברעיש, דורך דער געמיינזאַמער שול, דורך די געמיינזאַמע געזעצן און באַדערפעניש. פון דער אַנדערער זייט באַמיט זיך יעדע גרופּע צו ראַטעווען עלעמענטן פון איר פריערדיקער אייגענער קולטור, בעת וויסנשאַפטלער שטודירן די דאָזיקע עלעמענטן, כדי מיט זייער הילף צו רעקאָנסטרואירן די גרויסע מאָזאַיק פון דער געשיכטע און פון דער קולטור פון יידישן פאָלק אין גלות.

די העברעישע אוניווערזיטעט שטייט דעריבער יעדן טאָג פּנים אל פּנים מיט נייע פאָדערונגען. די געאָגראַפיע, די פאַרוועגדונג פון די פיזישע אוצרות, די עקאָנאָמישע נויטווענדיקייטן פון אַ מדינה וואָס איז אָפּגעשניטן פון איר נאַטירלעכן הינטערלאַנד, די געשיכטע און דער געדאַנק פון פאָלק, די נייע מאַנוסקריפּטן פון די הייליקע שריפטן, די ליטעראַטור און דער פאָלקלאָר פון זיבעציק שבטים, דאָס אַלץ קלאַפּט אין די טויערן פון דער אוניווערזיטעט און זאָגט: פאָרשט אונדז, זייט אונדז מפרש, אַנטדעקט אונדז פונדאַסניי. דאָס אַלץ, אין צוגאָב צו די אומצאָליקע געביטן, וועלכע די וויסנשאַפט פון אונדזער צייט האָט געעפנט פאַרן מענטשלעכן גייסט. ווי זאָל מען זיך נישט פרייען איבער אַזעלכע פאָדערונגען? ווי זאָל מען נישט באַגריסן אַזאַ דרוק? ווי זאָל מען נישט מקנא זיין די פּריינט פון דער העברעישער אוניווערזיטעט, וואָס עס וואַרטן אויף זיי אַזעלכע אויפגאַבן?

די העברעישע אוניווערזיטעט איז צו גלייכער צייט אַן אַרויספאָדערונג

און אַן ענטפער אויף אַן אַרויספאָדערונג. ישראל האָפט, אַז די פריינט פון דער העברעיִשער אוניווערזיטעט וועלן איר געבן די מעגלעכקייט צו געבן אַן ענטפער, וואָס זאָל זיין אַזוי ברייט, אַזוי אַלוועלטלעך, אַז עס זאָל זיין אין איינקלאַנג סיי מיטן עבר פון ישראל און סיי מיט דעם וואָס עס דערוואַרטן פון אונדז די פריינטלעכע פעלקער, וואָס מיר האָבן דעם גרויסן פאַרגעניגן צו זען דאָ היינט צווישן אונדז עטלעכע פון זייערע פראָמינענטע פאָרשטייער.

# ישראל-מוזיק, פּראָדוקט פון אַ מיקראָקאָזם

רעדע געהאַלטן אין שפּאַניש איבער דער מלוכהשער ראַדיאָ אין בוענאָס איירעס, דעם 16טן יולי 1955, ביי דער ז׳ערעפּע־נונג פון די טראַנסמיסיעס פון ישראל־מוזיק.

עס איז פאַר מיר אַ כבוד און אַ גרויס פאַרגעניגן וואָס איך בין איינגעלאַדן געוואָרן צו דערעפנען דעם דאָזיקן נייעם עטאַפּ אין דעם קולטור־אויסטויש צווישן ישראל און אַרגענטינע, און איך וויל אויסדריקן מיין אָנערקענונג דער שטאַטלעכער ראַדיאָ, וואָס זי האָט אונדז אָנגעבאָטן אַזאַ דאַנקבאַרע געלעגנהייט. ס׳האָט אפשר נאָך קיינמאָל נישט אַזוי ווי היינט געהערשט אַזאַ אוניווערסאַל און טיף געפיל, אַז די צוקונפט פון דער מענטשהייט איז אָפּהענגיק פון אַ דערנענטערונג צווישן די פעלקער און פון זייער צוזאַמענלעבן אין אַ גייסט פון גוטן ווילן און פון שלום. די פאַרברידערונג פון די אומות פון דער וועלט געהערט צו די עלטסטע און דויערהאַפטיקסטע שטרעבונגען פון דעם יידישן געדאַנק. אָבער פאַרברידערונג הייסט קענען איינער דעם צווייטן, און דער אויסטויש פון קולטורעלע ווערטן איז איינע פון די פאָרבאַדינגונגען כדי זיך קעגנזייטיק צו פאַרשטיין און זיך קעגנזייטיק רעספּעקטירן.

עס פרייט מיך דער געדאַנק, אַז די רעגולערע פּראָגראַמען פון „קול ישראל" וועלן פון איצט אָן געבן דעם ראַדיאָ־צוהערער אין ישראל די מעגלעכקייט זיך צו באַקענען מיט דער אַרגענטינער מוזיק און אָפּשאַצן אירע אָריגינעלע עלעמענטן, אין וועלכע עס וויברירן די אומענדלעכע שטחים פון די פּאַמפּאַס, אַ פאָלקלאָרישע טראַדיציע פון אַן איינציקאַרטיקן צויבער און אַ פאָלקס־נשמה, וואָס איז געבליבן אַזוי געטריי צו איר אורשפּרונג. די דאָזיקע מוזיק, וואָס האָט געפונען, כדי זי צו פאַרטייטשן פאַר דער אויסערלעכער וועלט, קאָמפּאָזיטאָרן פון עכטער אינספּיראַציע און פון אמתן טאַלאַנט, איז מיר געוואָרן נאָענט און איך האָב זי אַזוי ליב באַקומען, אַז איך פיל זיך צייטנווייז געפאַנגען פון איר כישוף.

עס איז אויך אַ טיפע סאַטיספאַקציע צו קאָנען ברענגען דעם אַרגענטינער צוהערער אַן אַנטאָלאָגיע פון ישראלדיקער מוזיק.

אויבנאויפיק קאָן עס אויסקוקן אַביסל אומבאַשיידן שוין צו ריידן פון ישראלדיקער מוזיק, בעת מדינת ישראל איז נאָך אַזוי יונג און אַפילו זייט ס׳איז אַנטשטאַנען די „יידישע נאַציאָנאַלע היים״, וואָס איז געווען פאַר איר, זענען פאַרביי קוים 35 יאָר. אָבער מיר טאָרן נישט פאַרגעסן, אַז ישראל איז אַ מיקראָקאָזם, וואָס ברויזט אין אַ נייעם בראשית־פראָצעס, פיזיש ווי אינטעלעקטועל, אין וועלכן די פאַרשיידנסטע און סתירותדיקסטע קולטור־עלעמענטן טרעפן זיך און פאַרגלייכן זיך, שטויסן זיך אָן און פאַרברידערן זיך, פאָרן זיך און לייזן זיך אויף. עס איז אַ לאַנד, ווו מזרח און מערב טשעפּען אָן זייער אַקעראייזן אין דעם זעלביקן שטערן, ווו דער צפון באַהעפט זיך מיטן דרום אין די זעלביקע לאַבאָראַטאָריעס, און ווו רעשטן פון דער פעאָדאַלער עפּאָכע קומען אין באַריר מיט די אָנהייבן פון דער אַטאָמישער ציוויליזאַציע.

אין ישראל לעבט אַ טויזנט־יעריקע ליטורגישע מוזיק זייט ביי זייט מיט די אַבסטראַקטסטע שאַפונגען, און דאָס פאַרבענקטע ליד פון די אייראָפּעישע געטאָס אַנטדעקט אַ שוועסטער אין דער שלוותדיקער צעצויגנקייט פון אַ תימנער תחינה. קלאַנגען און ריטמען פון אַלע ראַסן, פון די גרילצנדיקסטע ביז צו די סאַמע זיסטע, גיבן דער מענטשלעכער שטים אַן אומגעהייערן פאַר־נעם, און עס איז נישטאָ קיין גרענעץ צו דער פאַרשיידנאַרטיקייט פון די אינסטרומענטן מיט וועלכע עס קאָן זיך באַנוצן דער אָרקעסטער, פון די סאַמע פרימיטיוווסטע ביז צו די עלעקטראָנישע פאַנטאַזיעס. דער מוזיקער לעבט אין אַ ליידנשאַפטלעכער און אינספּירירטער אַטמאָספער, אין אַ קאַ־ראַהאָד פון ניגונים און מעלאָדיעס אָפּשטאַמיקע פון אַלע געגנטן און אַלע יאָרהונדערטער, און איז ער אַן עילוי אָדער פאַרמאָגט ער בלויז טאַלאַנט, האָט ער פאַר זיך אַן אויסערגעוויינלעכע קאַנווע אויף וועלכער זיין פאַנטאַ־זיע און זיין וויסן קאָנען אויסוועבן אָט די פילפאַרביקייט אין שאַפונגען פון העכסטער האַרמאָניע. ס׳איז פאַר אונדז אַ קוואַל פון טיפער סאַטיספאַקציע, וואָס ישראל האָט שוין אַרויסגעגעבן קאָמפּאָזיטאָרן, וועלכע האָבן צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון די מוזיקאַלישע קרייזן.

מיר גלויבן, אַז די מוזיק פון ישראל האָט עפּעס וואָס צו זאָגן אין דער וועלט פון קולטור און מיר האָפן, אַז אונדזערע פראָגראַמען וועלן נישט אָפּ־שטיין לגבי די גרויסע אוידיציעס, וואָס ראַדיאָ דעל עסטאַדאָ באַט אָן אַ פּוב־ליקום, וואָס צייכנט זיך אויס מיט זיין חוש און מבינות.

# מיט אַ שליסל פון האַרציקייט און דערמוטיקונג

רעדע געהאַלטן דעם 1טן אויגוסט 1955 אויף דער פייע־
רונג פון דעם 70־יאָריקן יובליי פון מ. רעגאַלסקי.

איך געדענק נישט וויפל יאָרן איך קען רעגאַלסקין. איך האָב זיך באַ־קענט מיט אים אויף ציוניסטישע קאָנגרעסן און יידישע אַלוועלטלעכע צוזאַ־מענפאָרן, און דער איינדרוק וואָס איך האָב מיט זיך מיטגענומען פון אים איז געווען פון אַ מענטשן וואָס האָט געשטראַלט מיט פריינטשאַפט און מיט אהבת ישראל. קענען געלערנט האָב איך אים אייגנטלעך ערשט מיט ניין יאָר צוריק, בעת מיין ערשטן באַזוך אין אַרגענטינע. „ווער דעם דיכטער וויל פאַרשטיין, מוז אין דיכטערס לאַנד גיין", האָט געטע געזאָגט. און דאָס איז אויך ריכטיק וועגן דעם וואָרטזאָגער פון אַ כלל און דערציער פון אַ ישוב: כדי אים אָפּצושאַצן דאַרף מען זיך באַקענען מיט דער סביבה אין וועלכער ער ווירקט. דאָ אין בוענאָס איירעס האָב איך זיך אַרומגעזען ווי כאַראַקטע־ריסטיש אַרגענטיניש רעגאַלסקי איז, אַז ער פאַרקערפּערט אַ ריי אייגנשאַפטן פון דער יידישער אַרגענטינע. אָבער אויך דער היגער פּייזאַזש, די אַרגענטי־נער ערד, דאָס אַרגענטינער פאָלק, האָבן זיך אויסגעמישט אין רעגאַלסקין און גיבן צו פאַרשטיין זיין אייגנאַרטיקייט: די גוטסקייט וואָס צעגיסט זיך אין צערטלעכקייט; דער גלויבן אינעם מענטשן, אין דער גערעכטיקייט פונעם גורל, אין נצח ישראל; די רחבותדיקייט, דער ברייטער צוגאַנג, דער פאַרנעם, דאָס אַרומנעמען אַלץ וואָס איז שיין, אַלץ וואָס איז יידיש און אַלץ וואָס איז מענטשלעך. און ער איז מיר מיטאַמאָל אויסגעקומען ווי אַ תלמיד פון יענע וואונדערלעכע מענטשן וואָס האָבן געגרינדעט דעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, וואָס ביי אונדז איז ענלעך געווען צו זיי נחמן סירקין.

מיט אָט די אייגנשאַפטן איז רעגאַלסקי צוגעגאַנגען צו דער עבודת הקודש פון העלפן פורעמען דעם היגן ישוב, מאַכן פון אים אַ גרויסן יידישן כלל. מיט זיין פען און מיט זיין צונג האָט ער געפונען דעם שליסל צו די הערצער פון דעם ישוב. דער שליסל איז געווען אַ שליסל פון האַרציקייט און פון דערמוטיקונג. אין די דערציילונגען אַרום דעם קאַרלינער, איז דאָ די שרעקלעכע מעשה פון אַ יידן וואָס איז געקומען אים בעטן, ער זאָל אים

ווייזן אַ וועג צו ווערן גוט און פרום. דער קאַרלינער האָט גערעדט מיט אים און גערעדט און צום סוף געזאָגט: „איך האָב נישט קיין שליסל צו דיר״, און פון דעם ייד איז אַרויס אַ טראַגישער אויסגעשריי: „טאָ עפן מיך מיט אַ טשוואָק!״. רעגאַלסקי האָט נישט נייטיק געהאַט קיין טשוואָק, ער איז געווען אַ טרייסטער, ער האָט געגעבן האָפענונג און בטחון. מען זאָגט מיר אַז יידישע לייענער בענקען שטאַרק נאָך זיין דערמוטיקנדיק וואָרט.

מיט זיין פען און מיט זיין וואָרט איז ער געוואָרן איינער פון די הויפּט־בויער פון דעם דאָזיקן גרויסן יידישן ישוב. און דאָס באַשטיין פון אַ יידישער טאָג־פּרעסע אין אַרגענטינע האָט אים שטאַרק צוגעהאָלפן אין דער דאָזיקער מיסיע. איך האָב ביי אים געפונען אַן אַרטיקל פון יאָר 1932, ווו ער שטרייכט אונטער „די ראָל פון דעם יידישן אַרגענטינישן זשורנאַליזם אין דער באַשאַפונג פון אונדזער גאַנצן געזעלשאַפטלעכן פאַרמעגן״ און מיט רעכט. די יידישע פּרעסע אין אַרגענטינע איז שטענדיק געווען אַ גרויסער יש אינעם היגן לעבן. און מיט דער פען און מיט דער צונג האָט ער געהאָלפן פורעמען דעם דאָזיקן ישוב, מיט זיין צוגעבונדנקייט צו ישראל; מיט אַ קהילה וואָס לייגט אַזאַ שטאַרקן טראָפּ אויף יידישן חינוך; מיט אַ יידישער פאַרשטייערשאַפט אין געזעלשאַפטלעכע ענינים און אין באַציאונגען מיט דער אויסערלעכער וועלט, וועמענס קאָמפּעטענץ ווערט נישט באַשטריטן; מיט זיין געטריישאַפט צו די יידישע שפּראַכן, צו דעם יידישן המשך; מיט זיין יידישן פּאַטריאָטיזם און עמפּינדלעכקייט פאַר יידישן כבוד.

אַז דער ישוב זעט אויס אַזוי ווי ער זעט אויס, אַט דאָס איז רעגאַלסקיס גרויסע באַלוינונג. דער חלק, וואָס ער האָט אין די מעלות פון דעם ישוב ווערט דורך יעדן איינציקן אָנערקענט. ער האָט דעם גרויסן זכות וואָס נישט געקוקט אויף דעם ווערטל „אין נביא בעירו״ — נישטאָ קיין נביא אין דער אייגענער שטאָט, ווערט ער פון דעם דאָזיקן קהל געאַכטעט און באַוואונדערט. איך הער אַז ער קלייבט זיך ווידעראַמאָל צו באַזוכן ישראל. ער וועט געפינען תלמידים און חסידים נישט נאָר אין די פּונקטן באַוווינטע דורך אַרגענטינער יונגעלייט און לאַטיין־אַמעריקאַנער עולים, וואָס ווער ווייס, אויב נישט אַ וואָרט פון רעגאַלסקין, געהערט אָדער געלייענט, האָט אין דעם אָדער אין יענעם אָנגעצונדן דאָס פייער וואָס האָט אים באַוויגן אויפן וועג פון פאַרווירקלעכונג. נאָר אומעטום ווו ער וועט זיך קערן און ווו מען קען די געשיכטע פון ציוניזם און פון דער ציוניסטישער אַרבעט־באַוועגונג.

צווישן די וועגן אין וועלכע אַ מענטש דאַרף זיך באַהעפטן, האָט רעגאַלסקי אויסגעקליבן דעם וועג פון רבי אלעזר בן ערך — אַ גוט האַרץ. ס׳איז אונדזער ווונטש, אַז דאָס דאָזיקע האַרץ, זאָל נאָך שלאָגן לאַנגע יאָרן מיט אונדז, פאַר אונדז, פאַר יידן, פאַר ישראל.

# דער רמב״ם, לעגיסלאַטאָר און שטאַטסמאַן

רעפעראַט געהאַלטן דעם 6טן סעפטעמבער 1955 אויף דעם
געדענק־אָוונט פון זיין 750סטן יאָרצייט.

איך וועל זיך כמעט נישט אָפּשטעלן אויף רמב״ם דעם פילאָזאָף, וואָ־
רום איך האָב נישט די נייטיקע קאָמפּעטענץ. איך וועל רעדן, אויב ס׳איז
דערלויבט צו באַנוצן דעם אויסדרוק, וועגן רמב״ם דעם רעוואָלוציאָנער, וועגן
דעם מנהיג וואָס איז געווען אַ שטאַטסמאַן אין העכסטן זין פון וואָרט, וועגן
דעם גרויסן רעפאָרמאַטאָר, וועגן דעם קאָדיפיקאַטאָר, וועמענס אַרבעט איז
געווען אַזוי שעפעריש, אַז זי איז כמעט געוואָרן געזעץ, וועגן דעם מאַן, וואָס
לויט דער דעפיניציע פון שמעון דובנאָוו איז ער געווען דער „גייסטיקער אָר־
גאַניזאַטאָר פון יידנטום״. איך וועל זיך באַמיען צו דערציילן ווי ער האָט דער־
הויבן יידישקייט און זי געשטאַרקט מיט זיין גרויסן וויסן, מיט געשיקטקייט
און חכמה, מיט יענער אויסערגעוויינלעכער דרייסטקייט וואָס מיר האָפן צו
געפינען ביי די אָרטאָדאָקסישע תלמידי־חכמים פון אונדזער צייט.

### זיין דאָפּלטע מיסיע: רעפאָרמאַטאָר און שטאַטסמאַן

ווען דער רמב״ם אַנאַליזירט די וועגן פון דעם בורא עולם, די מעטאָדן
מיט וועלכע ער פירט דעם מענטשן, באַנוצט ער דאָס וואָרט „ערמה״, וואָס
באַדייט קלוגשאַפט, אָבער כמעט מיט דעם באַגריף פון כיטרעקייט. אָט מיט
אַזאַ מין שאַרפזיניקייט, מיט אַן אויסערגעוויינלעכער געשיקטקייט, האָט דער
רמב״ם פאַרשטאַנען צו אָרגאַניזירן דעם גרויסן קאָמפּלעקס פון יידישן וויסן
וואָס האָט זיך געהאָט אָנגעזאַמלט ביז זיין צייט, און שמידן דערפון אַ גאַנ־
צער און אַ שילד פאַר זיין פאָלק. ער האָט זיך אונטערגענומען, ווי אחד העם
האָט ריכטיק געזאָגט, „צו מאַכן פון יידישקייט סיי אין איר אינהאַלט און
סיי אין איר פאָרם אַ מעכטיקע פעסטונג״.

זאָל איך זאָגן, אַז איך וואָלט געקאָנט רעדן וועגן רמב״ם דעם נביא?
לויט זיין אייגענער דעפיניציע איז ער עס געווען, וואָרום פאַר אים באַשטייט
דער עיקר שליחות פון די נביאים אין פאַרשרייבן געזעצן. אין זיינע אויגן
האָט די תורה אַ דאָפּלטן ציל: זי באַצוועקט דעם תיקון פון דעם קערפּער נישט

ווייניקער ווי דעם תיקון פון דער נשמה. און אויב דער צווייטער ציל ווערט דערגרייכט דורך גייסטיקער פּאַרפולקומונג, באַדייט דאָס ערשטע אַריינ־ברענגען אָרדענונג אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט. דער רמב״ם האָט בכן אויף זיך גענומען די דאָפּלטע מיסיע פון אַ רעליגיעזן רעפאָרמאַטאָר און אַ בירגערלעכן מנהיג, און צוליב דעם האָט ער קאָדיפיצירט דעם יידישן גע־דאַנק וואָס האָט זיך געהאַט אַנגעקליבן במשך פון יאָרהונדערטער. ער האָט אַרויסגערופן אַ העפטיקע קעגנערשאַפט, אָבער עס איז אים אויך באַשערט געוואָרן דער טראַגישער זכות, אַז מער ווי זיבן הונדערט יאָר נאָך זיין טויט האָבן פרומע ישיבה־בחורים מאַרשירט צו די גאַז־קאַמערן ביים געזאַנג פון איינעם פון זיינע „אני מאמין״ס.

ס׳איז וויכטיק, מיר זאָלן שטודירן ווי אַזוי עס איז געשען, אַז זיין אינ־טערפּרעטאַציע איז סוף־כל־סוף אָנגענומען געוואָרן אפילו פון די מחמירים אין דער יידישער אָרטאָדאָקסיע. עס גייט דאָ נישט אין אַן אַבסטראַקטן פאַר־שלאַג, וואָרום די טעמע איז זייער אַן אַקטועלע. אונדזער דור נייטיקט זיך אין אַ גרויסער אויטאָריטעט, וואָס זאָל אונדז געבן אַ נייע קאָדיפיקאַציע פון די געדאַנקען וואָס אונדזער פאָלק האָט געקלערט זייט דער ווייטסטער פאַרגאַנ־גענהייט, כדי זי זאָל ווערן די „משנה תורה״ פון אונדזער צייט ווי דעם רמב״מס „יד החזקה״ איז עס געווען פון זיין צייט. מעגלעך אַז אין אונדזער תקופה קאָן נישט איינאונאיינציקע פיגור נעמען אויף זיך אַזאַ אחריות און דערשלאָגן זיך צו אַזאַ צושטימונג, אָבער ס׳איז דערלויבט צו האָפן, אַז עס וועט קומען אַ טאָג, ווען אַ צווייטע כנסת גדולה וועט אָנצייכענען אַ נייעם וועג פאַר אונדזער גייסטיקן צוזאַמענלעבן.

## ער האָט געלעבט אין אַ שטורמישער רעליגיעזער עפּאָכע

דער רמב״ם געהערט כמעט אינגאַנצן צום צוועלפטן יאָרהונדערט, דאָס הייסט אַז ער האָט געלעבט אין דער שטורמישער צייט פון די קרייצצוגן. ער איז געבוירן געוואָרן זעקס און דרייסיק יאָר נאָך דעם ווי ירושלים איז גע־פאַלן אין די הענט פון גאָדעפרואַ דע בוליאָן און ער איז אַלט געווען צוויי און פופציק יאָר ווען דער סולטאַן סאַלאַדין, וועמענס לייב־דאָקטער ער איז גע־ווען, האָט איינגענומען די הייליקע שטאָט און האָט דערלויבט יידן זיך דאָרטן ווידער צו באַזעצן. ער איז געווען אַ עדות נישט נאָר פון קריסטלעכע רדיפות, נאָר אויך פון מאָכמעדאַנישער אומטאָלעראַנץ. ער האָט געזען די ערשטע אנו־סים, קרבנות פון דער פאַנאַטישער אַראַבישער דינאַסטיע פון די אַלמאָהאַדן, וואָס האָבן איינגענומען אַנדאַלוזיע, און אפשר איז ער געווען איינער פון זיי. דרייצן יאָר איז ער אַלט געווען, ווען זיין פאַמיליע האָט פאַרלאָזט קאָרדאָבאַ

צוזאַמען מיט דעם גרעסטן טייל פון דער יידישער קהילה און האָט געפירט אַ וואַנדער־לעבן, ביז ער איז אין 1160 אָנגעקומען קיין פעז וואָס אין מאַראָקאָ. דאָרט האָט ער זיך געטראָפן פנים־אל־פנים מיט פאַרבאַהאַלטענע יידן וועלכע פלעגן גיין דאַווענען אין די מאשייען, און אין עלטער פון 25 יאָר האָט ער אָנגעשריבן זיין באַרימטע „איגרת השמד", ווו ער פאַרטיידיקט די, וועמען געוואַלד האָט געצוווּנגען אַרויסברענגען איבער זייערע ליפּן ווערטער פון אַפּטריניקייט, אָבער וואָס אין האַרצן זענען זיי געבליבן געטרייע יידן. פינף יאָר שפּעטער, נאָך דעם ווי ער איז אַדורכגעפאָרן ארץ־ישראל, האָט ער זיך אַנידערגעלאָזט אין מצרים און דאָרטן האָט ער געפירט במשך פון פיר און דרייסיק יאָר דאָס צווייפאַכיקע לעבן פון אַ מעדיקער און אַ פילאָזאָף.

אומטאָלעראַנץ איז געווען דער אויסערלעכער אויסדרוק פון די גרויסע רעליגיעזע פלוגתות וועלכע האָבן צעריסן די דעמאָלטיקע מערב־וועלט. צען יאָר איז דער רמב"ם אַלט געווען, ווען דער הייליקער בערנאַרד, דער גרינדער פון דעם קלאַראַוואַלער קלויסטער, האָט אָנגעהויבן צו שיטן אויף די אַפּיקורסישע קאַטאַרן יענע העפטיקע דרשות וועלכע האָבן זעכציק יאָר שפּעטער געפירט צו אַן אומברחמנותדיקער מלחמה קעגן דער קריסטלעכער אַל־ביזשואַ־סעקטע. אָבער די עפּאָכע פון די דיספּוטן איז אויך געווען אַ צייט פון פאַרטיפונג פון רעליגיעזן געדאַנק. די גלייביקע האָבן באַדאַרפט נישט נאָר קאָנען פאַרטיידיקן זייער רעליגיע קעגן אָנפאַלן פון דרויסן, נאָר אויך זיין געענוג פעסט ביי זיך כדי צו קאָנען פאַרטרייבן די אייגענע ספיקות. דער רמב"ם האָט אויף זיך גענומען די שליחות צו געבן די יידן אינעווייניקע און אויסערלעכע זיכערקייט, אַריינפלאַנצן אין זיי אַ באַגרינדעטן צוטרוי אין זייער גייסטיקער ירושה און שטאַרקן זיי מיט לאָגישע תשובות אויף דער קריטיק פון די אָפּאָנענטן.

## ער האָט געשטאַרקט יידישקייט, האַרמאָניזירנדיק זי מיטן שכל פון זיין צייט

מיט וועלכע מיטלען האָט ער זיך באַנוצט?

ע ר ש ט נ ס : ער האָט זיך באַמיט צו ברענגען אין איינקלאַנג די יסודות פון יידישקייט מיט די אינטעלעקטועלע באַגריפן פון זיין צייט. ער האָט אָבער נישט מוותר געווען אויף יענע פּאָסטולאַטן וועלכע וואָלטן אָפּגעשוואַכט די יידישע אמונה לגבי אירע קעגנער. אָט די דאָפּלטע זאָרג קאָן מען לייענען אין דעם אַכטן אני מאמין: „איך גלייב, באמונה שלמה, אַז די גאַנצע תורה וועלכע געפינט זיך אין אונדזערע הענט, איז די וועלכע איז געגעבן געוואָרן משה רבנו ע"ה". ער האָט בכן אויפגעהאַלטן די דאָגמעס סיי פון

התגלות און סיי פון „משה קבל תורה מסיני״. אַ רעליגיע וואָס איז גישט נתגלה געוואָרן וואָלט נישט געקאָנט ביישטיין די אמונות וועלכע האָבן זיך באַרופן אויף זייער געטלעכן אורשפּרונג. אַחוץ דעם האָט יידישקייט זיך גע־נייטיקט אין משהס אימפּאָזאַנטער פּערזענלעכקייט, ווי אַ קעגנגעוויכט צו די הערשנדע פיגורן פון קריסטנטום און איסלאַם.

צוויי טנס: ער האָט סיסטעמאַטיש אָרגאַניזירט דאָס גאַנצע יידי־שע וויסן פון צוועלפטן יאָרהונדערט, נישט נאָר די עיקרים, נישט נאָר די תורה שבכתב און שבעל פּה, נאָר אויך די יידישע עטיק און מעטאַפיזיק, די מנהגי ישראל און די כללים פון דרך־ארץ. אלץ האָט ער זיך באַמיט קלאָר מאַכן, דורכשניידנדיק דעם גוואַלדיקן שטאָף מיט וועגן און קאָנקאָרדאַנציעס, ברענגענדיק דעם סך־הכל אין האַרמאָניע מיט דער אידייען־וועלט פון זיין עפּאָכע, און באַווייזנדיק אַז נישט נאָר דערגאַנצן זיך דאָס רעליגיעזע געזעץ און דאָס נאַטירלעכע געזעץ, נאָר זיי זענען אייגנטלעך איינס און דאָס זעלבע.

דריטנס: אויף דער דאָזיקער אַרבעט פון קאָאָרדינאַציע און קאָנ־סאָנאַנץ האָט ער געלייגט אַ קרוין פון אָפּטימיזם און האָפענונג אין די דריי לעצטע פון זיינע דרייצן עיקרים. דאָס זענען די „אני מאמינס״, וועלכע שטאַרקן און טרייסטן. זיי פּראָקלאַמירן אַז גאָט באַלוינט פאַר גוטע מעשים און באַשטראָפט דאָס שלעכטס; אַז משיח וועט קומען, אַפילו אויב ער פאַר־שפּעטיקט זיך, און אַז מען דאַרף אויף אים וואַרטן יעדן טאָג; אַז די נשמה איז אומשטערבלעך און אַז די טויטע וועלן אויפשטיין תחית המתים.

מיר דוכט דעריבער, אַז דער ציל פון דעם רמב״ם איז געווען ווייניקער אַ פילאָזאָפישער איידער אַ דערציערישער, ווייניקער אַ מעטאַפיזישער איי־דער אַ געזעצגעבערישער.

## דער רמב״ם איז געווען אַ מאַן פון זיין צייט

ווען דער רמב״ם האָט זיך אונטערגענומען איבערצובעטן די יידישע אמונה מיטן שכל איז ער נישט געווען קיין אויסנאַם. אמת דער מענטש פון מיטלאַלטער האָט איבערגעפּורעמט דאָס בילד פון גאָט אין גייסט פון זיין אייגענער אומזיכערקייט, און דער רעליגיעזער געדאַנק פון מיטלאַלטער איז געווען באַהערשט פון דער מימרא Creo quia absurdum (איך גלויב דווקא ווייל עס לייגט זיך נישט אויפן שכל) וועלכע ווערט צוגעשריבן על פי טעות דעם הייליקן אַוגוסטין. מען טאָר אָבער נישט פאַרגעסן, אַז דער רמב״ם איז אַלט געווען זעקס יאָר ווען דער קאָנציליום פון סאַנס האָט זיך געזען געצווונ־גען צו פאַראורטיילן דעם קאַטוילישן טעאָלאָג פּעטרוס אַבעלאַרדוס. דער דאָ־זיקער דענקער, וואָס מען ווייסט ווייניקער וועגן זיין גרויס וויסן איידער וועגן

זיין ליבע־ראָמאַן מיט עלאָיסאַ, האָט דערקלערט, אַז מען קאָן גלייבן נאָר דאָס וואָס מען פאַרשטייט, אַז ס׳איז לעכערלעך צו פּריידיקן דאָס וואָס מ׳קאָן נישט באַווייזן, און אַז די אמתע אמונה דאַרף מען קאָנען באַנעמען מיטן מוח. ביי יידן אָבער, איז דער רמב״ם, זייט פילאָן דעם אַלעקסאַנדרינער, געווען דער ערשטער וואָס איז צוגעגאַנגען צו דער אמונה און די מצוות מיטן פּרווו־שטיין פון שיקול הדעת, נישט אָנרירנדיק די דאָגמע פון דער רעוועלאַציע, אָבער אויך זיך נישט פאַרלאָזנדיק נאָר אויף איר אַליין. כדי צו באַגרייפן ווי גע־וואַגט ער איז געווען, איז גענוג אים צו פאַרגלייכן מיט דעם אומדערייסטן סעדיה גאון, ווען דער רמב״ם רימט אַזוי שטאַרק צוליב זיין טיפקייט און קלאָרקייט.

ווער קאָן וויסן, אין וואָסער מאָס די מיינונגען פון אַבעלאַרדוסן און זיין שולע האָבן געפונען אַן אָפּקלאַנג אין דער וועלט פון רמב״ם? אָבער מען קאָן זיך משער זיין, אַז זיי זענען דערגאַנגען צו אים, פונקט ווי ס׳איז נישטאָ קיין ספק, אַז דער רמב״ם האָט אינספּירירט אַ טייל פון דער קאַטוילישער פי־לאָזאָפיע פון דרייצנטן יאָרהונדערט, ווי צום ביישפּיל דעם דאָמיניקאַנער אַל־בערטוס מאַגנוס און דעם הייליקן טאָמאָס אַקינאַס, דעם מחבר פון דער „סומאַ טעאָלאָגיקאַ״. איין זאַך איז קלאָר: אין דער גאַנצער רעליגיעזער וועלט האָט דעמאָלט געהערשט אַ שטאַרקער דראַנג איבערצובעטן רעליגיע מיט שכל און צוליב דעם האָט דער רמב״ם געמוזט נעמען אויף זיך די זעלביקע אויפגאַבע בנוגע יידישקייט. ער האָט נישט געקאָנט דערלאָזן, אַז אַחוץ די שוואַכע, וואָס אומטאָלעראַנץ און רדיפות האָבן זיי אָפּגעריסן פון יידישן כלל, זאָלן אויך אָפּפאַלן די צווייפלער און די בלאָנדזשער, — די נבוכים.

## אַן אומאָפּהענגיקער און פעסטער גייסט

ווי מיר ווייסן, איז דער רמב״ם געווען שטאַרק אונטער דער השפּעה פון אַריסטאָטעלעס, וועמענס שפּורן זענען אויך צו דערקענען ביי סעדיה גאון, און אין וועמען ער האָט געזען, נאָך די נביאים, דעם אידעאַלסטן טיפּ צו וועלכן אַ מענטש קאָן זיך דערהייבן. אָבער ער איז נישט געווען גרייט אָנצו־נעמען לכתחילה אַלץ וואָס זיין גרויסער גריכישער אינספּיראַטאָר האָט גע־זאָגט. זיין פעסטקייט איז נישט קיין אָפּטע דערשיינונג אין די באַגעגענישן צווישן דעם יידישן און נישט־יידישן געדאַנק. נחמן סירקין באַשרייבט, אין איינעם פון זיינע עסייען, דעם מינדערווערטיקייט־קאָמפּלעקס וואָס נעמט אַרום דעם יידישן וויסנשאַפטלער און פאָרשער, ווען ער טרעפט זיך מיט די טעזיסן און מסקנות פון זיינע גויישע קאָלעגן אויף די געביטן פון חכמת היהדות. מיר אַלע זענען געווען עדות, אין אַ נאָענטן עבר, פון דעם יידישן

זעלבסט־ביטול לגבי גויישע ביבל־קריטיקער, גראַמאַטיקער, אַרכעאָלאָגן, היס־טאָריקער, הגם אַ צאָל פון זיי זענען געווען פאַרבלענדעט פון פאָראורטיילן, אָדער זייער האַרץ האָט זיי נישט דערלאָזט אָנערקענען יידישע מקורותדי־קייט. דער רמב״ם איז געווען ביי אונדז איינער פון די ווייניקע, וואָס האָט געהאַט אַ צוגאַנג פון גלייכוועריטקייט. ער האָט זיך באַנוצט מיט אַריסטאָ־טעלעסעס שיטות און מעטאָדן, ווען זיי האָבן באַלויכטן זיין יידישן קוק אויף דער וועלט. האָט ער אָבער איינגעזען, אַז זיין לערער שטייט אין סתירה מ׳ט זיינע אייגענע איבערצייגונגען, האָט ער זיינע טעאָריעס אָפּגעוואָרפן און אַפילו שאַרף געטאַדלט יענע פאַנאַטיקער וועלכע האָבן נישט געקאָנט תופס זיין, אַז מען מעג האָבן אַן אַנדער מיינונג ווי די פון אַריסטאָטעלעס.

## זיין טעזע: פילאָזאָפיע און יידישע רעליגיע זענען אידענטיש

כדי צו פאַרטיידיקן און באַוואָפענען יידישקייט האָט, ווי געזאָגט, דער רמב״ם זיך אונטערגענומען צו באַווייזן, אַז פילאָזאָפיע און יידישע רעליגיע זענען אידענטיש. נישט בלויז אַז מען קאָן זיי ברענגען אין האַרמאָניע, נאָר אַז זיי זענען איינס און דאָס זעלבע. רעליגיע טאָר נישט זיין אין סתירה מיט דער לאָגיק; איז בכן די יידישע אמונה די אמתע אמונה, טאָר דער שכל נישט געפינען אין איר דעם מינדסטן פעלער. דאָס הייסט, אַז נישט נאָר איז זי די אמתע אמונה, נאָר אויך די איינציקע פילאָזאָפיע.

אָבער ווי קאָן דער רמב״ם טענהן, אַז ס׳איז נישטאָ קיין סתירה צווישן געוויסע יסודות פון זיין אמונה און יענע פילאָזאָפישע טעאָריעס וועלכע ער האַלט פאַר ריכטיק? אין זיין ענטפער געפינען מיר אַ דערקלערונג פאַרוואָס די יידישע רעליגיע איז אַזוי דויערהאַפטיק און פאַרוואָס זי איז געבליבן די זעלביקע, הגם זי האָט געהאַלטן אין איין עוואָלוציאָנירן. עס דוכט זיך נאָר, זאָגט דער רמב״ם, אַז עס זענען פאַראַן סתירות. עס זענען נאָר דאָ מ׳ספאַר־שטענדענישן, צוליב דעם וואָס מען פאַרשטייט דעם אָדער יענעם פסוק פון דער תורה בוכשטעבלעך, אַנשטאָט צו געפינען זיין פאַרבאַהאַלטענעם, דאָס הייסט ריכטיקן טייטש.

אָט די רמב״מישע תשובה איז דער ענטפער פון די ענטפערס. די תשובה איז אַ שליסל צו יעדער נייער אַנטפּלעקונג וואָס ברענגט אַריין אַ צעטומלע־ניש, צו יעדער נייער אַפּיקורסות וואָס פאַררופט זיך אויף טעקסט־קריטיק. אויב עפּעס אַ פּראָגרעס פון דער וויסנשאַפט רופט אַרויס ספיקותביים גליי־ביקן, ווייל עס דוכט זיך אַז די תורה האָט געזאָגט עפּעס אַנדערש, איז דער ענטפער: נישט דער תנ״ך האָט געהאַט אַ טעות, נאָר דער פסוק איז פאַלש פאַרטייטשט געוואָרן. מיט איין וואָרט, מ׳דאַרף פאָלגן וואָס בן־בג־בג זאָגט

אין פּרקי אָבות: הפוך בה והפוך בה דכולה בה" — לערן די תורה איין מאָל און נאָכאַמאָל, ווארום אַלץ איז אין איר דאָ (פּרק ה׳, כ"ה).

## פאַראַן זאַכן וועלכע מען קאָן נישט משיג זיין

אָבער עס איז פאַראַן אַ גרענעץ אַפילו צום לערנען. דער שכל איז באַשרענקט און מען קאָן נישט אַלץ באַווייזן. מיר קאָנען נאָר פאַרשטיין ביז צו אַ געוויסן גראַד, און נישט נאָר קאָנען מיר נישט משיג זיין וואָס גאָט איז, נאָר אויך נישט דאָס וואָס אונדזערע חושים קאָנען נישט אַרומנעמען. אָט דעם סיג פאָרמולירט דער רמב"ם אין זיין דריטן אני מאמין: „דער באַשעפער איז נישט קיין קערפּער, און מ'ען קאָן אים נישט משיג זיין מיט קערפּערלעכע אָרגאַנען, און ער האָט בכלל נישט קיין פאַרגלייך". אין דעם אני מאמין געפינט מען אַן אָפּקלאַנג פון דעם פּסוק אין ישעיה (מ׳, י"ח) „ואל מי תדמיון אל ומה דמות תערכו לו" — און צו וועמען קאָנט איר צוגלייכן גאָט און וואָסער געשטאַלט קאָנט איר אים גלייכשטעלן?

ווען דער רמב"ם דערקלערט אַז גאָט פאַרמאָגט נישט קיין פּאָזיטיווע אַטריבוטן, ווייל מען קאָן נאָר באַשרייבן וואָס ער איז נ י ש ט, בלייבט ער געטריי דעם אַלטן יידישן צוגאַנג, אַז ס'איז נישטאָ קיין קאָנקרעטער אופן ווי גאָט צו כאַראַקטעריזירן, און אַז יעדער פאַרזוך אים פאַרצושטעלן מיטן האַמער אָדער מיטן פּענדזל איז פאַרמשפּט דורכצופאַלן. דער פאַרבאָט „לא תעשה לך פסל וכל תמונה אשר בשמים ממעל" (שמות כ׳, ד׳) — זאָלסט דיר נישט מאַכן אַ געשניץ אָדער אַ שום געשטאַלט פון וואָס אין הימל אויבן, איז נישט נאָר אַ פאַרווער, ס'איז אויך אַ פעסטשטעלונג אַז דער מענטש איז באַשרענקט. אַלבערט איינשטיין האָט זיך זיבן הונדערט יאָר נאָכן רמב"ם אָנגעשטויסן אין דער זעלביקער וואַנט, נישט געקוקט אויף זיינע פאָרשונגען, וועלכע האָבן געמאַכט אַזאַ איבערקערעניש אין דער וויסנשאַפט. ווען עמיצער האָט אים געפרעגט, ווי שילדערט ער זיך גאָט, וויבאַלד ער גלייבט אין אים, „דווקא ווייל איך קאָן זיך מיר איר נישט פאַרשטעלן" — האָט ער געענטפערט — „גלייב איך אין גאָט. וואָלט איך אים געקאָנט אָפּמאָלן, וואָלט איך נישט געגלייבט אין אים". סיי אינעם רמב"ם, סיי אין איינשטיינען, איז דאָ אַן אָפּקלאַנג פון דער באַשרענקטקייט פון משה רבינו, ווען ער האָט געבעטן אַז גאָט זאָל זיך אים ווייזן און דער ענטפער איז געווען: „וועסט קאָנען זען דעם רוקן, אָבער מיין פּנים קאָן נישט געזען ווערן" (שמות ל"ג, כ"ג).

## דער אויסטייטש פון תנ"ך ווי אַן אינסטרומענט פון עוואָלוציע און דויערהאַפטיקייט

כדי צוצופאַסן יידישקייט צום שׂכל פון זיין צייט, האָט זיך דער רמב"ם גישט באַנוצט מיט אַ נייער שיטה. ער האָט געלערנט תורה, ווי מען האָט עס תמיד געטאָן ביי יידן. דער אויסגאַנגס־פונקט פון דער שיטה איז: „דיברה תורה כלשון בני אדם" (ברכות ל"א) — די תורה האָט גערעדט אויף דער שפּראַך פון מענטשן, אָבער פון דער אַנדער זייט: „המתרגם פסוק כצורתו הרי זה בדאי" (קידושין מ"ט) — דער וואָס איבערזעצט אַ פּסוק בוכשטעב־לעך, איז אַן אָפּנאַרער. בקיצור, די תורה האָט זיך באַנוצט מיט דער שפּראַך פון אַ גאַנץ יאָר, די ווערטער קענען מיר אַלע, אָבער מיר טאָרן נישט פאַר־געסן צוויי וויכטיקע כללים: „מקרא אחד יוצא לכמה טעמים (סנהדרין ל"ד) — איין און איינציקער פּסוק האָט עטלעכע פּירושים, אָבער, און אין דער זעלביקער צייט, „אין מקרא יוצא מידי פשוטו" (שבת ס"ג) — אַ פּסוק פאַר־לירט קיינמאָל נישט זיין פשוטן טייטש. יעדער דור דאַרף דעריבער זוכן און געפינען דעם טייטש וואָס באַפרידיקט זיין מוח און רירט דערביי נישט אָן די יסודות פון דער אמונה.

אָט די שיטה האָט באַשיצט יידישקייט אַנטקעגן יעדן פּאַראַליז, אַנט־קעגן די געפאַרן פון פאַרשטיינערטקייט. געוויסע דורות האָבן עס נישט פאַר־שטאַנען, און דעריבער איז ביי זיי פאָרגעקומען אַ שאַרפער קאַמף צווישן די בוכשטעבלעכע און די אויסטייטשער, צווישן די פּרושים און די צדוקים, צווישן די תלמודיסטן און די קראים. די ריגאָריסטן אַליין פלעגן פון דור צו דור זיין ווייניקער געטריי דעם מקורדיקן פּשט, וואָרום זיי האָבן דאָך אינצווישן געהאַט אַקצעפּטירט די פּירושים פון די פריערדיקע דורות, אָבער זיי פלעגן זיך שטענדיק נאָכשלעפּן נאָך די נייע אויסטייטשערס. צום גליק פלעגן זיי במעט תמיד אָנווערן, וואָרום ווען יעדער דור וואָלט נישט געהאַט דאָס רעכט צו זוכן ווידעראַמאָל דעם פאַרבאָרגענעם טעם פון דעם פּסוק, נישט פאַר־געסנדיק דערביי דעם פּשט, וואָלטן מיר נישט געהאַט קיין מקובלים און נישט קיין חסידים, און פאַרשטייט זיך אויך נישט די געדאַנקען־וועלט און די באַ־וועגונגען וואָס זיי האָבן באַשאַפן.

מיט יאָרן צוריק האָט מען געהאָפט אַז אונדזערע פרומע לומדים וועלן אָנווענדן דעם רמב"מס שיטה, כדי צו איבערטייטשן אין אַ מער אַקטועלער פאָרם יענע כללים וואָס זענען צו ווייט פון די סאָציאַלע באַגריפן פון אונ־דזער צייט. מיר וואָלטן אַזוי פאַרשווינט געבליבן פון דעם „קולטור־קאַמף", וואָס קאָן אפשר קומען אין ישראל, אויב געוויסע חומרות פון דער אמונה

וועלן נישט געמילדערט ווערן אין ליכט פון דעם וואָס עס פאַרלאַנגט אַ מלוכה און אַ מאָדערנע געזעלשאַפט.

## מצוות מיינען אַ וועג צו אמת און גערעכטיקייט

באַוואָפנט מיט דער דערמאָנטער שיטה, האָט דער רמב״ם זיך פאָרגענומען צו באַווייזן, אַז „יעדע מצווה פון די תרי״ג מצוות האָט אַלס ציל אָדער צו שאַפן אַ ריכטיקע מיינונג אָדער אָפּשאַפן אַ פאַלשע, אָדער איינצופירן אַ גערעכטע אָרדענונג, אָדער אָפּצושאַפן אומגערעכטיקייט, אָדער זיך לערנען גוטע מידות, אָדער זיך אָפּהיטן פון שלעכטע״ (מורה נבוכים טייל ג׳, קאַפּ. ל״א). וואָרום ווי שוין געזאָגט, די תורה וויל מתקן זיין סיי די נשמה און סיי דעם קערפּער. כדי גאַנץ צו מאַכן די נשמה דאַרף מען פאַרשפּרייטן דעם אמת, אָבער דער מאָסע דאַרף מען צוטיילן דעם אמת לויט אירע פעאיקייטן, ד״ה אַ טייל דורך קלאָרע דיבורים און אַ טייל אויפן וועג פון משלים. דער גוף ווערט גאַנץ, ווען עס פאַרשפּרייטן זיך מידות וואָס זענען נוצלעך פאַר דער געזעלשאַפט, ווען מען שאַפט אָפּ רויב און עוולות און מען שטעלט איין אַן אָרדענונג וואָס איז לטובת הכלל (דאָרטן, טייל ג׳, קאַפּ. כ״ז).

דער מוסר השכל איז, אַז ווען עס דוכט זיך אונדז אויס, אַז ס׳איז דאָ אַ סתירה צווישן דער חכמה פון אונדזער צייט און געוויסע מצוות, בעת מיר ווייסן דאָך אַז זייער ציל איז אַזאַ הויכער, איז עס אַ סימן אַז אָדער מיר פאַרשטייען נישט דעם פאַרבאַהאַלטענעם אָבער אמתן טייטש פון אַ פּסוק, אָדער מיר האָבן פאַרגעסן, אַז דער בורא עולם נוצט „ערמה״, בריהשאַפט אין זיין אָנפירונג פון דער וועלט, און אַז די מענטשהייט אַנטוויקלט זיך בהדרגהדיק, אַדאַנק אַ געזעלשאַפטלעכער געשיקטקייט וועלכע מיר פאַרשטייען נישט שטענדיק.

דער רמב״ם גיט אונדז אייגנטלעך צו פאַרשטיין, אַז עס זענען דאָ סעקונדאַרע מצוות, וואָס האָבן אַ דערציערישן און דעריבער פאַריבערגייענדיקן צוועק. דאָס איז די מסקנה, וואָס מען מעג צום ביישפּיל ציען פון דעם רמב״מס צוגאַנג צום ענין קרבנות. דער רמב״ם לייקנט נישט, אַז עס איז פאַראַן אַ סתירה צווישן די קרבנות וואָס זענען געבראַכט געוואָרן אין בית המקדש און די שאַרפע רייד פון אַ צאָל נביאים. האָט דאָך ירמיהו בפירוש געזאָגט: „כי לא דיברתי את אבותיכם״ — איך האָב נישט גערעדט מיט אייערע עלטערן, „ולא ציוויתים״ — און האָב זיי נישט באַפוילן, „ביום הוציאי אותם ממצרים״ — דעם טאָג וואָס איך האָב זיי אַרויסגעצויגן פון לאַנד מצרים, „על דברי עולה וזבח״ — וועגן קרבנות וועלכע מען פאַרברענט אָדער שעכט (ז׳ כ״ב). שטימט טאַקע, זאָגט דער רמב״ם. אייגנטלעך האָבן זיך צווישן די אָריגינעלע מצוות נישט געפונען קיין קרבנות, אָבער, ווען משה האָט געקראָגן די מיסיע

צו פאַרוואַנדלען די יידן אין אַ ממלכת כהנים וגוי קדוש, אין אַ קעניגרייך פון פריסטער און אַ הייליק פאָלק, האָט דעמאָלט געהערשט אין גאָר דער וועלט אַ מנהג, אַז מען זאָל ברענגען קרבנות. ווי אַזוי וואָרצלט מען בכן אויס געצנדינערײַ? ווערט עס געטאָן שטופנווייז, און קרבנות זענען אַ שטאַפּל, אַ דערציערישער איבערגאַנג. „און אַזוי איז דערגרייכט געוואָרן, אַדאַנק דער דאָזיקער געטלעכער כיטרעקייט, אַז ס'איז אויסגעמעקט געוואָרן דער אָנדענק פון דער עבודה זרה, און ס'איז אויפגעשטעלט געוואָרן דער אמתער גרויסער ווינקלשטיין פון אונדזער אמונה, אַז גאָט באַשטייט און אַז ער איז איינאונ־איינציק. אַנדערש וואָלטן מענטשן אַנטלאָפן פון דער תורה, וואָרום זיי וואָלטן זיך געוווּנדערט, פאַרוואָס עס ווערן אָפּגעשאַפט די עבודות צו וועלכע זיי זענען צוגעוווינט און וועגן קיין אַנדערע האָבן זיי נישט געוווּסט" (דאָרטן, טייל ג' קאַפּ. ל"ב).

כדי צו פאַרשטיין דעם רמב"מס דרייסטקייט, וויל איך מיר דערלויבן צו באַמערקן, אַז מיט אַ פּאָר טעג צוריק, האָב איך דערהאַלטן אַ חיבור, וואָס איז גראָד דערשינען אין ניו־יאָרק, און ווו עס ווערט איבערגעדרוקט דאָס וואָס דער טעלזער ראש ישיבה האָט געשריבן וועגן דעם ענין מיט דרייסיק יאָר צוריק. דער טעלזער ר' יוסף יהודה לייב בלאָך פאַרטיידיקט דעם רמב"ם אַקעגן אַ שווערער באַשולדיקונג. ס'איז נישט אמת, זאָגט ער, אַז ער האָט געהאַלטן אַז מען דאַרף די קרבנות אָפּשאַפן, און ער אַליין געפינט אַ טעם פּאַר קרבנות, נעמלעך, אַז זיי הייבן אויף די נשמה פון דער בהמה, הגם, גיט ער צו, מיר ווייסן נישט ווי אַזוי די נשמה פון דער בהמה ווערט אַזוי אַרום דערהויבן. דער ראש ישיבה פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָט נישט פאַרמאָגט די דרייסטקייט פון געדאַנק וואָס עס האָט אַרויסגעוויזן דער גרויסער אָדלער פון צוועלפטן יאָרהונדערט.

## די מיסטיקער און די לאָגיקער זענען אומצופרידן

אויב, אינעם אָרטאָדאָקסישן לאַגער, זענען די קריטיקער לאַנגזאַמער־הייט אַנטשוויגן געוואָרן, קאָן מען נישט זאָגן דאָס זעלביקע וועגן די מיס־טיקער און די ריינע לאָגיקער. דער רמב"ם שליסט אויס פון גאָטס מהות יעדע אַנטראָפּאָמאָרפישע ניואַנס, אָבער דער מיסטיקער נייטיקט זיך אַדורכצושמועסן זיך מיט זיין באַשאַפער. פאַר אַ ברענענדיקער נשמה ווי ר' לוי יצחק באַר־דיטשעווער, וועלכער דוצט זיך מיט גאָט, וואָס הייבט פירט ער מיט אים אַ דין תורה און מאָרגן זינגט ער אים אַ דודעלע, איז שווער צו אָטעמען אין דעם רמב"מס סטראַטאָספער. פון דער אַנדערער זייט קאָן אַ ריינער לאָגיקער ווי אחד העם נישט אַקצעפּטירן דעם רמב"מס באַהויפּטונג, אַז זיין טעאָלאָ־

גיע איז אידענטיש מיטן שכל. פאַר אים איז קלאָר, אַז דער נאַציאָנאַלער סענטימענט האָט געבראַכט דעם רמב״ם דערצו, אַז ער זאָל אָפּווייכן פון דער אמתער פילאָזאָפיע און געשטרויכלט ווערן מיט סתירות וואָס האָבן נישט קיין ראַציאָנעלן יסוד, ווי צום ביישפיל דער גלויבן אין משיח און אין תחית המתים. אָבער, דערקלערט אחד העם, דער רמב״ם האָט געפילט, אַז די האָפענונג אַז דאָס פאָלק וועט אַמאָל אויפשטיין צו אַ נייעם נאַציאָנאַלן לעבן איז אַ פאַרבאַדינג פאַר זיין ווייטערדיקער עקזיסטענץ.

ווייל די דרייצן עיקרים האָבן קודם כל געהאַט אַ פּראַגמאַטישן ציל, בעמען זיי נישט אַרום אַלע גרונט־יסודות פון דער אמונה. אַזוי איז צום ביישפיל נישטאָ קיין אני מאמין וואָס פאָדערט צו גלויבן, אַז די וועלט איז געשאַפן געוואָרן ווי אַ יש מאין, ווארום אַזאַ איבערצייגונג וואָלט מיט גאָרנישט פאַרשטאַרקט דעם נאַציאָנאַלן פאַנצער. אָבער דער אני מאמין אַז משיח וועט אַמאָל קומען האָט געהאַט אַזאַ געוואַלדיקע באַדייטונג, אַז ווי שוין געזאָגט, איז ער מיט אַ סך יאָרן שפּעטער געוואָרן דאָס ליד מיט וועלכן יידן זענען געגאַנגען צום קרעמאַטאָריום, אַזוי פיל קראַפט און רואיקייט האָט ער אַריינגעגאָסן אין די, וואָס עס האָט זיך געדוכט, אַז זיי האָבן פאַרלוירן יעדע האָפענונג.

## דער רמב״ם האָט געוווּסט אַז זיין אַרבעט איז נישט קיין ענדגילטיקע

ווי יעדער אמת גרויסער מענטש, האָט דער רמב״ם זיך נישט געהאַלטן פאַר אַ פּוסק אַחרון און געוווּסט אַז, ווי וויכטיק זיין אַרבעט זאָל נישט זיין, איז זי געבונדן מיט דער צייט. ער האָט זיך נישט איינגערעדט, אַז ער פאַרטרייבט אַלע ספקות. אים איז געווען גענוג, אויפצוקלערן די מערסטע און די שווערסטע.

אין זיין אַריינפיר צום „מורה הנבוכים״, פאַרגלייכט ער זיך מיט עמעצן וואָס אין אַ טיפער נאַכט דערזעט ער פון צייט צו צייט אַ בליץ. „זאָלסט נישט גלויבן״, שרייבט ער צו זיין תלמיד, „אַז ווער עס איז פון אונדז קען ביז צו זייער ברעג די דאָזיקע געוואַלטיקע סודות. ניין, אָבער פון צייט צו צייט, גיט דער אמת אַ בליץ אויף פאַר אונדז, ביז עס דוכט זיך אונדז אויס אַז עס איז טאָג, אָבער דערנאָך ווערט ער פונדאָסניי פאַרשלייערט דורך דער מאַטעריעלער וועלט און די געוווינהייט, און מיר זענען ווידער אין דער פינצטערער נאַכט, כמעט ווי מיר זענען געווען פריער״.

דער גרויסער דענקער גיט צו, אַז ווען עמעצער פון די אויסדערווײלטע וויל עפּעס געדענקען פון דעם וואָס ער האָט פאַרשטאַנען פון די סודות, קאָן ער נישט דערקלערן אַפילו אַ קליין ביסל פון דעם וואָס ער האָט באַגריפן,

און אַז אויב ער אַליין — דער רמב״ם — באַמיט זיך אָנצושרייבן זיינע געדאַנקען, איז ס׳איז אַ „עת לעשות לה׳״, אַ צייט זיך אָנצונעמען פאַרן אייבערשטן.

עס וועט מיר דעריבער דערלויבט זיין צו זאָגן, אַז דער רמב״ם האָט פאָרויסגעזען, אַז ס׳וועט אַמאָל נייטיק זיין אַ נייע סינטעז צווישן דעם דע־מאָלט אָנגעזאַמלטן יידישן געדאַנק און דער פילאָזאָפיע און דער וויסנשאַפט פון יענער צייט. היינט איז די אונטערנעמונג אַ סך קאָמפּליצירטער ווי אין זיין עפּאָכע, פונקט ווי דער רמב״ם האָט אויף זיך גענומען אַ סך אַ שווערערע אויפגאַבע ווי די פון פילאָן פון אַלעקסאַנדריע, וועלכער האָט געזוכט צו ברענגען די תורה אין האַרמאָניע מיט די טעאָריעס פון פּלאַטאָן. ווארום די 750 יאָר וועלכע זענען פאַרביי זייט דעם רמב״מס טויט זענען געווען זייער פּרוכטבאַר, נישט נאָר אין דער אַלגעמיינער אידייען־וועלט, נאָר אויך אין אונדזערע תפוצות. אָבער ביי מיר איז נישט קיין ספק, אַז אין אַ נישט צו ווייטער תקופה וועט אויפשטיין אין ישראל אַ דענקער אָדער אַ שולע, וואָס וועט שאַפן אַ נייע אחדות אין יידישן געדאַנק אין צייט און אין רוים און וועט אפשר געבן דער וועלט אַ נייע און וויכטיקע בשורה.

# די אויפגאַבן פון אַ יידישער רעפּרעזענטאַטיווער קערפּער־שאַפט זענען: רעפּרעזענטירן, אָריענטירן, צוגרייטן

רעדע געהאַלטן דעם 12טן נאָוועמבער 1955 צום 20סטן אַניווערסאַר פון דער „דאַיאַ".

איך בין געקומען צו דער פייערונג פון 20טן אַניווערסאַר פון דער „דאַיאַ", ווי מ׳קומט צו אַ משפּחה־פייערונג. איך האָב אָפּגעגעבן אַ גרויסן טייל פון מיין לעבן דער פּראָבלעם, וועלכע איז אייגנטלעך די גרונט־פּראָבלעם פון דער „דאַיאַ" און פון ענלעכע רעפּרעזענטאַטיווע יידישע אָרגאַניזאַציעס, דער פּראָגע ווי אַזוי, ווען מען פאַרמאָגט נישט קיין מיטלען פון דרוק און צוואַנג, אָרגאַניזירט מען אַ יידישן ישוב, פאַרן שוץ פון זיינע רעכט און פון זיין סאַמער עקזיסטענץ. איך בין באַזונדערס גערירט דערפון, וואָס איך געפין זיך דאָ צוזאַמען מיט חברים וואָס איך האָב מיט זיי צוזאַמענגעאַרבעט, נאָך איידער איך בין געוואָרן אַ דיפּלאָמאַטישער פאָרשטייער פון מדינת ישראל און מיט וועמען איך האָב זיך באַגעגנט אויף ערנסטע און אַמאָל טראַגישע וועלט־באַראַטונגען. איך האָב נישט געחלומט וועגן דעם, אין יענע יאָרן, אַז עס וועט מיר אַמאָל אויסקומען צו באַגריסן, אין נאָמען פון מדינת ישראל, די רעפּרעזענטאַטיווע קערפּערשאַפט פון אַרגענטינער יידישן ישוב, די „דאַיאַ", וועלכע גילט ווי אַ שול־ביישפּיל (אפשר איז עס אַביסל איבערטריבן) פון אַ פרייוויליקער כלל־אָרגאַניזאַציע, וואָס ווערט אָנערקענט פון אַ גאַנצן וויכטיקן ישוב, אַזוי אַז אַ סך אַנדערע ישובים זענען איר מקנא און זעען איז איר אַ מוסטער.

## יידישע דעמאָקראַטיע אין גלות איז די ריינסטע, ווייל איר צעמענט איז דער פרייער ווילן

די פּראָבלעם ווי אַזוי צו אָרגאַניזירן און דיסציפּלינירן די יידן פון אַ שטאָט, אָדער פון אַ געגנט, אָדער פון גאָר דער וועלט, פאַר דער פאַרטיידיקונג פון זייערע אינטערעסן, האָט פאַרנומען די מוחות פון יידישע עסקנים במשך פון יאָרהונדערטער. עס איז אַ שווערע פּראָבלעם, ווייל ווי שוין געזאָגט, עס האַנדלט זיך וועגן שאַפן, אָן קיין שום צוואַנג פון דרויסן, אַ באַ־

זונדערס דעליקאַטן אינסטרומענט פון שוץ און רעפּרעזענטאַנץ, וואָס זאָל האָבן אויטאָריטעט און זיין ווירקזאַם. אָבער די אויפגאַבע טראָגט אין זיך איר אייגענע באַלוינונג, וואָרום אין דער דאָזיקער זייער שווערער אונטער־נעמונג פורעמען זיך אויס ווערטפולע כאַראַקטערס פון יידישע פירער. און אַ ישוב וואָס ווערט דערצויגן אין דעם גייסט פון פרייוויליקער קאָאָרדינאַציע פון כוחות און פרייוויליקער דיסציפּלין קאָן אויך דערצויגן ווערן צו ברענגען די גרעסטע קרבנות פאַר די איבערצייגונגען מיט וועלכע ער איז אדורכגע־דרונגען געוואָרן.

אַזוי זעט אויס די יידישע רעפּרעזענטאַנץ אין גלות: אַן אָרגאַניזאַציע, וועלכע הענגט אָפּ אין יעדן מאָמענט פון דער פרייער צושטימונג פון אירע חברים און צוגעהעריקע, אַן אָרגאַניזאַציע געבויט נאָר אויף איבערצייגונג, וועלכע איז שטענדיק אין געפאַר צוליב די עגאָאיסטישע אינטערעסן, דער קאַרגשאַפט אָדער דער קורצזיכטיקייט פון יחידים. צוליב דעם טאַקע איז די יידישע דעמאָקראַטיע די ריינסטע דעמאָקראַטיע, נישט נאָר ווייל איר צעמענט איז דער פרייער ווילן, נאָר ווייל עס זענען פאַראַן ווייניק דעמאָקראַטיעס, וועלכע פאַרלאַנגען פון זייערע טרעגער אַזויפיל קרבנות און גיבן זיי אַזוי ווייניק מאַטעריעלע סאַטיספאַקציע. ווי קאָן מען פאַרגלייכן דעם אינסטרומענט וואָס עס שטעלט מיט זיך פאַר די יידישע רעפּרעזענטאַטיווע קערפּערשאַפט מיט יענעם מעכטיקן אַפּאַראַט וואָס רופט זיך אַן שטאַט, מיט זיין כוח, זיין ווירקזאַמקייט און זיין מעגלעכקייט שנעל צו האַנדלען. אונדזער וועלט באַ־שטייט פון פיזישע אייגנהייטן, ס׳איז אַ וועלט פון לענדער, מלוכות, רעגירונ־גען, און פאַר קערפּערשאַפטן וועלכע זענען נישט קיין רעגירונגען זענען נאָר איבערגעבליבן שפּאַלטן אין דער סטרוקטור פון אונדזער הייגטיקער וועלט. איך וויל דערביי נישט לייקענען, אַז אויך מדינות זענען אָפּהענגיק אין אַ גע־וויסער מאָס פון דער צושטימונג פון זייערע בירגער, און ווי שטאַרק עס זאָלן נישט זיין זייערע רעזשימען, מוזן זיי געפינען וועגן און מיטלען צו געווינען די איבערצייגטע הסכמה פון זייערע אונטערטאַנען, כדי צו קאָנען ווייטער באַשטיין.

אָבער דער פאַרגלייך מיטן שטאַט האָט אין מיינע איצטיקע רייד נאָר דעם צוועק צו אונטערשטרייכן די שוועריקייטן פון אַ פרייוויליקער אָרגאַני־זאַציע, וואָרום רעפּרעזענטאַטיווע יידישע אָרגאַניזאַציעס קאָנען נישט און ווילן נישט אויסאיבן מלוכהשע פונקציעס, זייער אַרבעטס־געביט איז אַ גאַנץ אַנדערער.

אויך אין פאַרגלייך מיט אַנדערע יידישע קערפּערשאַפטן איז די מערכה פון אַ „דאַיאַ“ נישט קיין לייכטע. דאָס יידישע פאָלק האָט אַ לאַנגע טראַדי־

ציע פון פרייוויליקע, אָדער כמעט פרייוויליקע אָרגאַניזאַציעס, ווי די קהילה, די חברה קדישא, צדקה־אינסטיטוציעס, חינוך־אַנשטאַלטן, אָבער זיי אַלע האָבן זייערע וואָרצלען אָדער אין דעם רעליגיעזן באַדאַרף אָדער אין אַ טראַ־דיציאָנעלן אימפּעראַטיוו וואָס פאַרוואַנדלט די פרייוויליקייט אין אַ געוויסן מוז. יידישע רעפּרעזענטאַנץ, דער שוץ פון יידישע רעכט, איז ערשט אין די לעצטע הונדערט יאָר געוואָרן אַן ענין פון דעם גאַנצן כלל. ביז דעמאָלט פלעגט די יידישע דעמאָקראַטיע זיך פאַרלאָזן, וואָס באַטרעפט די דאָזיקע פונקציעס, אויפן יחיד, אויפן שתדלן, פון וועלכע משה מאָנטעפיאָרע איז אפשר דער באַקאַנטסטער ביישפּיל. ווען עס וואָלט געקאָנט באַשטיין איין און איינציקע יידישע כלל־אָרגאַניזאַציע, וועלכע זאָל אַרומנעמען אַלע קהלשע אויפגאַבן, די פון דער קהילה, ווי פון דער חברה קדישא, צדקה און חינוך, וואָלט איר געווען אַ סך לייכטער אויך צו איבערנעמען פונקציעס פון רעפּרע־זענטאַציע און פון שוץ. אונדזער יידיש לעבן האָט זיך אָבער די לעצטע יאָרן מער און מער ספּעציאַליזירט און דיפערענצירט, און עס ווערט אַלץ שווע־רער אַרומצונעמען אַלע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן פון אַ יידישן ישוב אין איין און איינציקן ראַם.

## הערצל — דער טעאָרעטיקער פון דער נויטווענדיקייט פון אַ יידישער רעפּרעזענטאַנץ

ווייל איך בין אַ ציוניסט, האָט מיך די פּראָבלעם פון יידישער אָרגאַ־ניזאַציע אינטערעסירט נאָך פון מיינע יונגע יאָרן. און איך בין געקומען דער־צו לויטנענדיק הערצלען. איך זע אין הערצלען דעם גרינדער נישט נאָר פונעם ציוניסטישן קאָנגרעס ווי דעם אינסטרומענט צו שאַפן די יידישע מדינה, נאָר אויך דעם טעאָרעטיקער פון יידישן וועלט־קאָנגרעס און פון יידישער רעפּרע־זענטאַציע בכלל, ווייל פאַר דעם הערצלען, וועלכער שרייבט דעם „יידנשטאַט", איז אפשר די הויפּט־פּראָבלעם געווען די יידישע נישט־אָרגאַניזירטקייט. אין איר זעט ער דעם וואָרצל פון אונדזער מאַכטלאָזיקייט; אין דער אומגעבע־טענער פירערשאַפט זעט ער די סיבה פון דער יידישער פּאָליטישער מינדער־יעריקייט.

אָבער דער הערצלשער יחוס פאַרענטפערט נישט אַלץ. ווער ווי איך ווייס ווי שווער עס איז געווען, און איז געבליבן, דעם יידישן וועלט־קאָנגרעס אַדורכצודרינגען מיט זיין פּלאַטפאָרם, געפינען צוטרוי און אָנערקענונג. איך בין געווען איינער פון די מיטאַרבעטער פון דעם גרויסן יידן וואָס האָט גע־הייסן סטיפען ווייז, אין די יאָרן פון דער גרויסער יידישער קאַטאַסטראָפע,

און איך וועל נישט פאַרגעסן יענע זיצונג, אויף וועלכער, אין איינער פון די טראַגישסטע וואָכן פון דער וועלט־מלחמה, האָט ער געזוכט ביי רייכע יידן אין נאָרד־אַמעריקע, די מיטלען דורכצופירן אַ גרויסע און געוואַגטע רעטונגס־אַרבעט. די מיטלען האָט ער נישט באַקומען. דעם צוטרוי פון די רייכע יידן האָט געהאַט אַ צדקה־געזעלשאַפט, וועמען עס האָבן געפעלט די העזה און די פאַנטאַזיע וואָס יענע צייטן האָבן געפאָדערט.

## די אָנערקענונג פון דער „דאַיאַ" — אַ באַווייז פון דער רייפקייט פון יידישן ישוב אין אַרגענטינע

און ווייל איך ווייס ווי שווער עס איז די מערכה פון אַן אָרגאַניזאַציע ווי די „דאַיאַ", דערפאַר באַטראַכט איך די אָנערקענונג, פון וועלכער זי געניסט כמעט אַן אויסנאַם אין דעם דאָזיקן ישוב, ווי עפּעס אַ ווונדערלעכע זאַך, כמעט אַ נס, און דעם פאַקט וואָס זי איז געבליבן אָנערקענט, אין יענע שווערע צייטן, ווען אומגעבעטענע שתדלנים האָבן געהאַט די אויבערהאַנט, באַטראַכט איך ווי אַ באַווייז פון אויסערגעוויינלעכער רייפקייט פונעם ישוב. איך הער איצטער די אָדער יענע קריטיק איבער דער אָדער יענער האַלטונג פון דער „דאַיאַ" אין די פאַרגאַנגענע יאָרן. איך האָב געהאַט אַ פריינד וואָס פלעגט זאָגן, אַז ווען ער וואָלט געווּוסט צוויי מינוטן פריער, וואָס זיין פרוי וועט צוויי מי־נוטן נאָכהער, וואָלט ער געווען אַ יידי אַ גביר. כלל־טוער זענען נישט קיין מלאכים, אפשר זענען עטלעכע פון זיי צדיקים. וועגן מלאכים זאָגט מען, אַז זיי זענען ווייס ווי שניי, אַן דעם מינדסטן פלעק. אָבער עס טרעפט, אַז צדי־קים האָבן מאָזאַליעס אויף די הענט, און אַז זייער מלבוש ווערט אַמאָל פאַר־קויטיקט, ווען זיי דאַרפן אַדורכגיין אַ בלאָטע לשם מצווה. דער פּרוּוו־שטיין איז אויב די מעשים זענען געווען לטובת הכלל און זענען געטאָן געוואָרן מיט אַ ריין האַרץ.

צו די שוועריקייטן וועלכע איך האָב שוין אויסגערעכנט פון אַ קערפּער־שאַפט ווי די „דאַיאַ", קומט צו נאָך איינע, דאָס איז דער געבאָט פון דיס־קרעציע. מיט די אויפטוען פון אַ „דאַיאַ" קאָן מען נישט מאַכן קיין אויס־שטעלונג און ס'איז זייער שווער צו פּובליקירן וועגן דעם סטאַטיסטיקעס און דיאַגראַמען.

פאַר אַ יידישן כלל־טוער אויפן געביט פון שוץ און פאַרטיידיקונג, פּאַסט באַזונדערס דאָס וואָרט וואָס חיים אַרלאָזאָראָוו האָט געזאָגט וועגן דעם פּאָלי־טיקער בכלל, אַז ער איז געגליכן צו אַ שיפס־קאַפּיטאַן ווען עס ווייזט זיך אַן אייזבאַרג אויף זיין וועג: אויפן שיף איז פריילעך, די פּאַסאַזשירן טאַנצן און

טרינקען, מאַכן זיך לוסטיק, אָבער ער מיט זיינע אַדיוטאַנטן און מאַטראָזן קירעווען און קירעווען די שיף אין טויט־אַנגסטן, כדי אויסצומיידן די שרעקלעכע געפאַר וואָס קאָן באַדייטן אונטערגאַנג פאַר אַלעמען. ווען אַלץ וועט זיין פאַרביי, וועט קיינער פון די פּאַסאַזשירן נישט וויסן, אַז ער איז אַנטרונען געוואָרן פון אַ גרויסער סכנה.

## רעפּרעזענטירן, אָריענטירן, צוגרייטן

די וועלכע האָבן גערעדט פאַר מיר, האָבן שוין גערעדט וועגן די צילן פון דער „דאַיאַ", און אויב איך מעג זיי רעזומירן וועל איך זאָגן, אַז זיי באַשטייען ערשטנס אין רעפּרעזענטירן, צווייטנס אין אָריענטירן און דריטנס איז צוגרייטן. דאָס יידישע פאָלק איז נישט געווען צוגעגרייט אין 1933, עס איז אויך נישט געווען צוגעגרייט אין 1939 און אין 1940. אין 1955 באַשטייט דער געוואָלטיקער יש פון מדינת ישראל, מיט נייער יידישער גבורה, מיט אַ מקום מקלט פאַר די געפּלאָגטע און היימלאָזע, מיט אַ היים פאַר די, וועלכע ווילן זיך אומקערן קיין ציון. אָבער איך בין נישט זיכער, אַז מחוץ מדינת ישראל האָט דאָס יידישע פאָלק פּראָגרעסירט אויפן געביט פון צוגעגרייטקייט, סיי אַלוועלטלעך און סיי לאָקאַל. צוליב אונדזער נישט־צוגעגרייטקייט, טרעפט, ווי עס האָט געטראָפן לעצטנס, אַז יידישע פירער פילן זיך מיטאַמאָל אין אַ שטימונג פון אומבאַהאָלפנקייט. דער דאָזיקער צושטאַנד האָט צוויי סיבות: מיר ווילן נישט טאָן די שוואַרצע אַרבעט פון דער צוגרייטונג, מיר האָבן נישט קיין ריכטיקן באַגריף וועגן דער יידישערווירקלעכקייט.

## סיבות פון אונדזער אומבאַהאָלפנקייט אין אַ צייט פון קריזיס

וועגן דער יידישער ווירקלעכקייט אין דער איצטיקער צייט וויל איך זאָגן אָט וואָס: מיר זענען נישט גענוג אַדורכגעדרונגען מיט דעם באַוווסטזיין פון דעם נייעם יידישן כוח אין דער וועלט, מיר פילן נישט גענוג אין אונדזער בלוט און אין אונדזערע גלידער, אַז צוויי מאָל איז פאַר אונדזערע אויגן גלית באַזיגט געוואָרן פון דודן. די נישט־יידישע וועלט איז איבערצייגט, אַז דער נאַצישער און פאַשיסטישער גלית איז צוזאַמענגעבראָכן צוליב די אַנטי־יידישע רדיפות, און איז נאָך נישט געקומען צו זיך פון באַוווּנדערונג צוליב ישראלס זיג איבער דעם אַראַבישן גלית. אונדזער דור זעט נישט גענוג איין, אַז דער יידישער גורל האָט אים אַרויסגעוויזן מער צוטרוי ווי דעם דור המדבר. דער רמב"ם פרעגט זיך פאַרוואָס די באַפרייטע יידן פון מצרים זענען געגאַנגען פערציק יאָר אין מדבר, ביז זיי זענען אויסגעשטאָרבן,

און ער דערקלערט עס מיט גאַטס פּקחות. ווייל, זאָגט ער, מען קאָן נישט נע־מען מענטשן וואָס זענען נאָך נעכטן געווען שקלאַפן און האָבן געבויט פּרעמ־דע פעסטונגען אונטער די שלעג פון פרעמדע בייטשן, וואָס האָבן זיך נאָך נישט אַרומגעצוואָגן, נישט אויסגעגליכן דעם רוקן, און שיקן זיי איינגעמען דאָס לאַנד כנען, אַ לאַנד פון ריזן. אָבער אונדזער דור, צומאַרגנס פון דער שחיטה פון מיליאָנען פון זיינע בעסטע זין, ווען ער האָט נאָך געבלוטיקט, בעת ער איז נאָך געווען טרייסטלאָז פאַר צער און פאַר ווייטיק, בעת אַ טייל פון אים האָט נאָך געטראָגן לאַגער־ציפערן אויף די אָרעמס, האָט אים דער גורל אָנפאַרטרויט צו באַפרייען דאָס לאַנד ישראל, אויפשטעלן די מדינה ווי אַ טורעם פון האָפענונג און צוריקגעבן יידן אין גלות די רעכט און דאָס פאַר־מעגן וואָס זענען ביי זיי צוגערויבט געוואָרן.

די צווייטע סיבה פון אונדזער אומבאַהאָלפנקייט אין צייטן פון קריזיס קומט פון אַ צוגאַנג פון מהיכי־תיתי צו די פּראָבלעמען פון צוגרייטונג, פון פאַרלאָזן זיך דערויף, אַז מ׳וועט שוין ווי עס איז אַדורכטאַפּטשען די שווערע צייט, פון פאַרשטענדעניש נאָר פאַר דעם אַלטן צדקה־פּזמון „ברויט פאַר די לעבעדיקע און תכריכים פאַר די טויטע״. די נייע צייטן גיבן דער „דאַיאַ״ גרויסע מעגלעכקייטן פון דורכפירן אין דעם פרט אַ ברייטע און יסודותדיקע דערציאונג־אַרבעט.

## ישראל וויל נישט געבויט ווערן אויפן חשבון פון די תפוצות

צו די נייע מעגלעכקייטן וועלכע עפענען זיך פאַר דער „דאַיאַ״ ווי די רעפּרעזענטאַטיווע קערפּערשאַפט פון יידישן ישוב אין אַרגענטינע, ווי דער שותף פון יידישע רעפּרעזענטאַנצן אין גאַר דער וועלט, און אחרון אחרון חביב — ווי דער געטרייער פריינט פון מדינת ישראל, ברענג איך איר די ברכה פון דער מדינה. ישראל וויל נישט געבויט ווערן חס וחלילה אויפן חשבון פון דעם חורבן פון די תפוצות. ישראל וויל אַז, כל זמן יידן בלייבן אין גלות, זאָלן זיי לעבן ווי שטאָלצע און פרייע יידן. ישראל שטרעבט צו אַ גרויסער עליה פון יידן פון גלות, אָבער צו אַ גרויסער עליה נישט אויס נויט, נאָר אויס בענקשאַפט, אויס שטרעבן צו דער גאַנצקייט פון דער נשמה, אויסן באַדאַרף זיך צו באַהעפטן אַקטיוו מיט דער גרויסער שליחות פון אונ־דזער דור. איך ברענג דעריבער דער „דאַיאַ״ די טראַדיציאָנעלע ברכה: „השם עוז לעמו יתן, השם יברך את עמו בשלום״. קראַפט און שלום, קראַפט מאַ־טעריעלע און גייסטיקע — און שלום פאַר דעם אַרגענטינער ישוב, פאַר דעם יידישן פאָלק, פאַר מדינת ישראל אונדזער קרוין.

# דער שלום הענגט אָפּ פון דעם גלייכגעוויכט צווישן די באַוואָפנטע כוחות פון די אַראַבישע לענדער און אונדזערע

רעדע געהאַלטן אין שפּאַניש דעם 4טן דעצעמבער 1955 אויפן סאָלידאַריטעט־אַקט מיט ישראל.

## יאַן מאַסאַריק און חיים ווייצמאַן אין דעם פאַטאַלן טאָג פון מינכען

אין פרילינג 1951, איידער איך בין אָפּגעפאָרן איבערצונעמען מיין פּאָסטן אַלס דיפּלאָמאַטישער פאַרטרעטער פון ישראל אין פּראַג און אין וואַרשע, האָב איך באַזוכט פּרעזידענט ווייצמאַן, כדי זיך מיט אים צו געזעגענען. בעת דעם לאַנגן, פאַר מיר אומפאַרגעסלעכן שמועס, האָט זיך זיין געדאַנק נאַטירלעכערווייז אָפּגעשטעלט אויף ענינים און מענטשן פון טשעכאָסלאָוואַקיע. ער האָט מיר צווישן אַנדערע דערציילט, אַז אין דעם פאַטאַלן טאָג פון מינכען, דעם 29טן סעפּטעמבער 1938, האָט אים שפּעט אין אָוונט טעלעפאָנירט יאַן מאַסאַריק, דער זון פונעם ערשטן פּרעזידענט פון טשעכאָסלאָוואַקיע, אין יענער צייט אַמבאַסאַדאָר פון זיין לאַנד אין לאָנדאָן. ער האָט אים געבעטן דערלויבעניש אים צו באַזוכן נאָך אין דער זעלביקער נאַכט. ער איז געקומען מיט זיין הונט, אַ דערשלאָגענער, אַ הונגעריקער, און האָט דערציילט, אַז שעהן לאַנג האָט ער אַרומגעבלאָנדזשעט אָן אַ ציל איבער די גאַסן פון לאָנדאָן. איצט מוז ער אויסגיסן זיין האַרץ פאַר עמעצן און דער איינציקער מיט וועמען ער קאָן רעדן פון מענטש צו מענטש, דער איינציקער וועלכער קאָן אים פאַרשטיין איז חיים ווייצמאַן. ער איז געווען פאַרצווייפלט: ער האָט שוין געזען זיין פאָטערלאַנד געטראָטן מיט די פיס, אייראָפּע שנעל באַהערשט דורך די נאַצישע האָרדעס, די ציוויליזאַציע גופא — אין אַן ערנסטער געפאַר. „איך פיל מיך דערנידעריקט, פאַרשעמט", האָט ער געזאָגט, „איך וואַג נישט צו קוקן מיין הונט אין די אויגן".

בעת דער פאַרטרעטער פון דעם פאָלק וואָס מען האָט מקריב געווען און דער ציוניסטישער מנהיג האָבן אַזוי געפירט זייער שמועס ביינאַכט, האָט מען אין פּאַריז, אין לאָנדאָן און אין אַנדערע הויפּטשטעט, געטאַנצט און געיובלט: די מאַסן האָבן געפייערט דעם שלום, וועלכן זיי האָבן געהאַלטן

פּאָר אַ גערעאַטעוועטן. עס האָט אָבער געזאָלט זיין אַ קורצע פרייד און גע־קאָסט האָט זי זייער טייער: פינף און צוואַנציק מיליאָן ציווילע און מילי־טערישע קרבנות, עינויים און אכזריותן, וואָס די מענטשהייט האָט אפשר אַזעלכע ביז דעמאָלט נישט געקענט. אינמיטן פון אַ מוראדיקן שטורעם, אין וועלכן עס האָט זיך מער ווי איינמאָל אויסגעדוכט, אַז די ציוויליזאַציע אַליין האַלט ביים אונטערגיין, האָט די מענטשהייט געזאָלט לערנען, אַז מען קאָן נישט ראַטעווען דעם שלום אויפן חשבון פון דער גערעכטיקייט און פון דער מענטשלעכער ווירדע. די גרויסמאַכטן האָבן געזאָלט דערוויסן זיך פון איי־גענער דערפאַרונג, אַז נישט תמיד קאָנען זיי זיך ראַטעווען מיטן קרבן פון קלענערע פעלקער, און אַז פאַראַן מאָמענטן ווען מען קאָן אויסמיידן אַ גרע־סערע קאַטאַסטראָפע בלויז אויב מען פאַרמעסט זיך מיט דער באַלדיקער סכנה.

## ישראל איז קלענער ווי טוקומאַן, די קלענסטע פּראָווינץ פון אַרגענטינע

זינט מינכען זענען פאַריבער בלויז זיבעצן יאָר. עס זעט אויס, אַז ווידער־אַמאָל גלויבן די גרויסמאַכטן, וועלכע וואָלטן שוין באַדאַרפט וויסן בעסער, אַז זיי וועלן ראַטעווען דעם שלום, אַוועקגעבנדיק דעם רייכן דאָס איינציקע שעפעלע פון דעם אָרעמאַן. עבר הירדן, וואָס פאַרמאָגט 90.000 קוואַדראַט קילאָמעטער, איז נישט צו גרויס; איראַק, וועלכע פאַרמאָגט 370.000 קוואַד־ראַט קילאָמעטער, איז נישט צו גרויס; מצרים און סאַוד־אַראַביע, וואָס פאַר־מאָגן יעדע איינע איבער 1.000.000 קוואַדראַט קילאָמעטער, זענען נישט צו גרויס; אָבער ישראל, וואָס באַזיצט 20.000 קוואַדראַט קילאָמעטער, ווייניקער ווי די קלענסטע אַרגענטינער פּראָווינץ טוקומאַן, דאַרף מסכים זיין מען זאָל אָפּשניידן אַ טייל פון איר טעריטאָריע, צוליב דער פוסטער אילוזיע, אַז זי וועט אַזוי מפייס זיין אירע שונאים. דאָס הייסט ביי געוויסע שטאַטסמענער אַ „קאָמפּראָמיס".

ישראל זעט זיך געצוווּנגען צו דערקלערן אומצווייַדייטיק, אַז זי איז אַנטשלאָסן אָפּצוהיטן די גאַנצקייט פון איר טעריטאָריע פון דן ביז אילת. זי האָט שטענדיק אויסגעדריקט איר צושטימונג צו אַ צאָל קעגנזייטיקע גרע־נעץ־רעקטיפיקאַציעס, וועלכע זאָלן באַזייטיקן רייבונג־פונקטן און אומרועןָ. ווייטער קאָן זי נישט גיין. ס'איז אגב נישט פאַראַן קיין שום אָנדייטונג, אַז אַן אויסבעסערונג פון די גרענעצן וועט צוימען די אַפּעטיטן פון די אַראַבישע פירער, וועמענס לייטמאָטיוו איז: „ישראל דאַרף אַריינגעוואָרפן ווערן אין ים".

די וואָס לייגן פאָר ענדערונגען האָבן געגעבן אָנצוהערן, אַז פאַראַן שטחים אין ישראל וואָס האָבן בלויז אַ סענטימענטאַלן ווערט. עס איז שווער

צו אונטערשיידן וואָס אַזוינס אין ישראל האָט אַ סענטימענטאַלן באַדייט און וואָס איז פון וויטאַלער וויכטיקייט. ווען די ערד פון ישראל וואָלט נישט געהאַט קיין סענטימענטאַלן ווערט, קאָן זיך עמעצער פאָרשטעלן, אַז דאָס יידישע פאָלק וואָלט זיך אַריינגעוואָרפן אין אַזאַ שווערער, פאַנטאַסטישער אַוואַנטורע, כדי צוריקצוגעווינען פעלדזן און זאַמדיקע וויסטענישן? און ווען די דאָזיקע פעלדזן און זאַמדן וואָלטן נישט געקאָנט פאַרוואַנדלט ווערן דורך אַרבעט און פלייס אין אַ לעבנסוויכטיקן מקום מקלט, צי וואָלט געקלעקט דער סענטימענטאַלער ווערט?

## גרענעץ־ענדערונגען זענען אַ שווערד מיט צוויי שאַרפן

בכלל זענען גרענעץ־ענדערונגען אַ דעליקאַטער ענין: עס איז אַ שווערד מיט צוויי שאַרפן. ס'קאָן זיין, אַז ישראל איז אפשר מער באַרעכטיקט ווי אירע שכנים אויפצוהויבן דעם ענין, אָבער פאַר אונדז איז דער דאָזיקער קאַפּיטל געשלאָסן. מיר האָבן אויף זיך גוזר געווען, נישט צו קוקן איבער די ליניעס, וועלכע מיר האָבן זיך פאַרזיכערט אין 1948, אין אַ קאַמף, וועלכער איז אויף אונדז אַרויפגעצוווּנגען געוואָרן. מיר האָבן זיך פאַרבאַטן קלערן וועגן דער אַלטער ירושלים, וועגן דעם כותל מערבי, איינציקער שריד פון דעם אוראַלטן רום, הגם מיר האָבן געשווירן „אם אשכחך ירושלים, תשכח ימיני“. מיר האָבן אויף זיך גוזר געווען נישט צו טראַכטן וועגן דעם קבר פון די אבות, וואָס געפינט זיך אין חברון, און צו וועלכן מיר האָבן נישט קיין צוטריט. עבר הירדן האָט אַנעקסירט, אָן וועלכן עס איז רעכט, אַ היפּשן טייל פונעם מערב־חלק פון ארץ ישראל; דאָס עגיפּטישע מיליטער האָט פאַרנומען עזה, אויך אָן דער מינדסטער באַרעכטיקונג. אָבער מיר האָבן געזאָגט מער ווי איינמאָל און נאָכאַמאָל: ישראל איז גרייט צו גאַראַנטירן די איצטיקע גרענעצן אָן באַשרענקונג אין צייט, ווי זיבלאָז זיי זאָלן נישט זיין, ווי אומבאַקוועם זיי זאָלן נישט זיין. ווארום אינערהאַלב די דאָזיקע גרענעצן האָבן מיר גענוג אַרבעט פאַר אונדזער דור און פאַר די קינדער פון אונדזערע קינדער, אָן אַרבעט פון שלום, פון עקאָנאָמישער, סאָציאַלער און קולטורעלער אַנטוויקלונג.

מען מעג זיך פרעגן, צי די וועלכע לייגן פאָר ענדערונגען האָבן פאַרשטאַנען דעם טראַגישן זין פון ישראלס אומקער קיין ישראל. מיר באַטראַכטן זיך ווי די אויספאָלגער פון פאַרשיידענע צוואות. די הייליקסטע צוואה איז די וועלכע איז אונדז דיקטירט געוואָרן דורך די זעקס מיליאָן געפאַלענע אין דער צווייטער וועלט־מלחמה. מיר פאַרשטייען, אַז זייער לעצטער ווילן איז געווען, אַז מיר זאָלן פאַרשאַפן אַ היים און געבן זיכערקייט אַלע יידן וואָס

וועלן זיך נייטיקן אין דעם, וועמען עס ווערט אָפּגעזאָגט אַ פאָטערלאַנד, אַ מקום מקלט. נאָכן באַפרייאונגס־קריג האָבן מיר געזען ווי זיי זענען געקומען צו אונדז. די דאָזיקע ברידער אונדזערע, במשך פון דריי און אַ האַלב יאָר, פון מאַי 1948 ביז סוף 1951, געקומען צו אונדז אָן איבעררייס, דריי און צוואַנציק יעדע שעה, דריי און צוואַנציק יעדע שעה, בייטאָג און ביינאַכט.

אויב אונדזער דור זאָל פאַראָטן די דאָזיקע הייליקע צוואה, וועט ער אָנווערן זיין נשמה, וועט זיין לעבן אויסגעליידיקט ווערן פון זיין אינהאַלט. די דאָזיקע צוואה איז נאָך נישט דורכגעפירט געוואָרן, וואָרום עס שיינט, אַז רדיפות האָבן אומאויסשעפּבאַרע רעזערוון. איצט קלאַפּן אין די טויערן פון ישראל די געשעעגישן פון צפון־אַפריקע: מיר וועלן די טויערן עפענען. היי־יאָר וועלן מיר אויפנעמען 50.000 יידן פון מאַראָקאָ; מיר וועלן זיי געבן אַ דאַך, ברויט און אַרבעט; מיר וועלן זיי אומקערן זייער ווירדע ווי מענטשן און בירגער. דערפאַר דאַרפן מיר האָבן אונדזערע פולע 20.000 קוואַדראַט קילאָמעטער. עס איז נישט קיין סך.

## די שאַפונג פון ישראל איז געווען אַן אַקט פון רעהאַביליטאַציע פאַר דער קריסטלעכער וועלט

מיר האָפן צו דערפילן אונדזער הייליקן מאַנדאַט מיט דער הילף פון די מענטשן פון גוטן ווילן און פון די יידן פון גאָר דער וועלט. איך בין געווען טיף גערירט, אויסהערנדיק דאָ היינט די רייד פון פּראָמינענטע פאַר־שטייער פון דער אַרגענטינער עפנטלעכער מיינונג. איך האָב זיך אָבער נישט געוווּנדערט. די טראַדיציע פון סאַן מאַרטין באַגרענעצט נישט דעם קאַמף פון פרייהייט אויף איין טעריטאָריע; זי דערוואַרט אַז איין פריי פאָלק זאָל העלפן אויסשפּרייטן די ברכה פון פרייהייט אויף אַנדערע פעלקער. אין דעם דאָזיקן פּרט האָבן מיר געהאַט מזל. במשך דער לאַנגער, אומגלויבלעכער עפּאָפּייע, וואָס עס שטעלט מיט זיך פאָר דער קאַמף פאַר שיבת ציון, האָבן מיר געפונען פריינט צווישן די הומאַניטאַריער פון אַלע לענדער פון דער וועלט. די שענסטע ציוניסטישע רעדעס האָבן מיר געהערט פון נישט־יידישע ליפּן.

איך וואָג צו זאָגן, אַז ווער נאָר עס האָט אַ געוויסן, ייד אָדער נישט־ייד, ציטערט איצט איבער דעם קיום פון ישראל. איך וואָג צו זאָגן, אַז די שאַ־פונג פון ישראל איז אויך געווען אַן אַקט פון רעהאַביליטאַציע פאַר דער קריסטלעכער וועלט. מיר שטייען היינט עטלעכע טעג נאָך דעם 29טן נאָ־וועמבער, דעם טאָג אין וועלכן די פאַראייניקטע פעלקער האָבן, מיט אַכט יאָר

צוריק, באַשלאָסן שאַפן אַ יידישע מדינה. די וועלכע זענען בייגעוועזן יענע סעסיע פון דער אונאָ, וועלן קיינמאָל נישט פאַרגעסן די באַגייסטערונג און די עמאָציע וואָס האָט זיך צעצונדן אין דער מערהייט פון די קריסטלעכע דע־לעגאַטן פאַר

„ישראל, דעם פרילינג פון די נייע פעלקער"

„ישראל פון די יאָמערן, ישראל פון די יסורים"

„די מוטער פון די פאַרלוירענע, צוריקגעפונענע הערצער"

(ראַפאַעל אַלבערטי)

ווייל זיי זענען געווען טיף גערירט צוליב זייער אָנטייל אין אַן אַקט פון רע־פּאַראַציע, פון היסטאָרישער גערעכטיקייט. אַ סך האָפענונגען, וועלכע זענען אַרויסגעקומען נאָך דער מפּלה פון נאַציזם און פאַשיזם, זענען צערונען גע־וואָרן, אָבער דאָ האָט זיך די מענטשהייט דערהויבן, מ'אַכנדיק אַ פּלאַץ צווישן די פעלקער פאַר ישראל, וועלכע איז געבוירן געוואָרן אין אַ בלוטי־קער מלחמה פאַר איר קיום,

„דאָס בלוטיק וויגעלע געוווּנען צוזאַמען מיטן לעבן".

(ר. אַ.)

איך דערלויב מיר צוצוגעבן, אַז אויב מיר האָבן דאָ היינט צווישן אונדז אַזעלכע אויפגעקלערטע און פרעסטיזשפולע וואָרטזאָגער פון דער אַרגענטי־נער עפנטלעכער מיינונג, איז דאָס דערפאַר, ווייל די קריסטלעכע פעלקער פילן אין זייער האַרצן, אַז אויב ישראל זאָל חלילה פאַרשפּילן דעם קאַמף, אין וועלכן זי געפינט זיך, וועט זיך איינהילן אין טרויער נישט נאָר דאָס יידישע פאָלק אין גאָר דער וועלט, נאָר אויך דאָס אַלוועלטלעכע געוויסן. פאַר דעם אומבאַשטעכבאַרן שופט פון דער געשיכטע דערשיינט אין דער איצטיקער שעה נישט נאָר דאָס יידישע פאָלק, נאָר אויך דאָס קריסטלעכע. מיר צווייפ־לען נישט דעריבער אַז די פרייע גייסטער פון דער וועלט וועלן זיך אָנשליסן אין אונדז, כדי נישט צו דערלאָזן, אַז עס זאָל אָנגערירט ווערן דער באַשלוס פון 1947, אַזוי ווי ער איז אויסגעטייטשט געוואָרן און פאַרפיקסירט געוואָרן אויף די שלאַכטפעלדער פון 1948.

אין יאָר 1947 זענען אַ געוויסע צאָל שטאַטסמענער פון לאַטיין־אַמע־ריקע געווען צווישן די מוטיקסטע קעמפער פאַר אונדזער זאַך. ווי גליקלעך וואָלטן מיר זיך געפילט, ווען מיר וואָלטן אין איצטיקן נייעם קאַמף געפונען פאַרבינדעטע צווישן די גייסטיקע פירער פון אַרגענטינע, וועלכע וואָלטן געקאָנט זאָגן אַזוי ווי סאַן מאַרטין: „איך בין אַן אינסטרומענט פון גערעכ־טיקייט, און די זאַך וואָס איך פאַרטיידיק איז די זאַך פון גאַנצן מענטשלעכן געשלעכט".

## פרייהייט, גערעכטיקייט און שלום זענען אומצעטיילבאַר

איך גלויב, אַז איך פעלש נישט דעם געדאַנק פון סאַן מאַרטין ווען איך זאָג, אַז די פרייהייט איז אומצעטיילבאַר, די גערעכטיקייט איז אומצעטייל־באַר, דער שלום איז אומצעטיילבאַר. דער שלום — מיר האָבן געגלויבט אַז מיר וועלן אים ענדלעך געפינען אין ישראל, אָבער אונדזערע גרענעץ־ישובים האָבן נאָך קיינמאָל נישט פאַרזוכט דעם טעם פון רואיקייט. במשך פון לעצטן יאָר האָט זיך די סיטואַציע פאַרערגערט, ווייל באַנדעס זענען געשיקט גע־וואָרן טיף אין לאַנד, כדי צו באַגיין אַקטן פון מאָרד און סאַבאָטאַזש. זיי האָבן גוטע מעגלעכקייטן פון דערפאָלג, ווייל עס עקזיסטירן נישט קיין נאַ־טירלעכע באַריערן און מיר קאָנען נישט אַוועקשטעלן אַ מיליטערישע שמירה נעבן יעדן וואַסער־רער און נעבן יעדער סטאַדע שאָף. ישראל האָט געוואָרנט די אַראַבישע לענדער, אַז לויט די וואָפנשטילשטאַנד־אָפּמאַכן, זענען זיי מחויב נישט צו דערלאָזן באַוואָפנטע קרעפטן אַריינצודרינגען אין אונדזער טערי־טאָריע. מיר האָבן נישט קיין אַנדער ברירה, כדי צו פאַרזיכערן די רואיקייט אין אונדזער לאַנד, ווי איינצושטעלן זייער אַ הויכן פרייז פאַר אונדזער בלוט, אַזאַ טייערן פרייז, אַז מען זאָל זיך פרעגן צי ס׳לוינט זיך אים צו באַצאָלן.

אַ וואָרטזאָגער פון דער עגיפּטישער רעגירונג האָט לעצטנס דערקלערט: „די זין פון אַראַביע וועלן אָפּרייניקן פּאַלעסטינע. גרייט צו, ישראל, דיינע טרערן, פאַרן טאָג פון דעם חורבן״. מיר האָבן שוין אויסגעוויינט אַלע אונ־דזערע טרערן. אין ישראל איז יעדע פערטע פּערזאָן געקומען פון אַ קאָנצענ־טראַציע־לאַגער, האָט פאַרזוכט דעם טעם פון גהינום אויף דער ערד. פון די דאָזיקע מענער און פרויען פאָדערט דאָס עצם ממשיך זיין זייער לעבן, צוזאַ־מען מיטן אָנדענק פון דעם וואָס איין מענטש קאָן אָנטאָן דעם אַנדערן, אַן אומגעהייערן קוראַזש, אַ סך מער ווי עס פאָדערט זיך, כדי צו פאַרטיי־דיקן די ירושה פון די אבות, וועלכע איז ענדלעך צוריקגעפונען געוואָרן.

נישט ישראל באַדראָט דעם שלום. ישראל וויל נישט קיין מלחמה. אויב הינטער דער באַוועגונג פון שיבת ציון וואָלט עקזיסטירט בלויז דער ווילן צו פאַרמערן יענע נאַציאָנאַליזמען, וועלכע באַשטייען שוין, מיט אַ נייעם לעוואַנ־טינישן, שאָוויניסטישן, עגאָיסטישן, ענג־גייסטיקן, מיליטערישן נאַציאָנאַליזם, וואָלט זיך ישראל קיינמאָל נישט פאַרוואַנדלט אין אַ ווירקלעכקייט. ישראל איז אַן אונטערנעמונג פון גייסט. במשך פון אַכצן הונדערט יאָר האָט ישראל פאַרפאָלגט אין גלות די פאַטאַ־מאָרגאַנאַ פון מלכות־שמים אויף דער ערד. זי האָט איצט נייטיק רואיקייט און זיכערקייט, כדי צו קאָנען איבערשאַצן אירע

ווערטן, צוריקגעפינען איר נשמה, זי אָנשטעלן אין אַקאָרד מיט דער איצטי־קער צייט, און אפשר געפינען אין זיך אַ נייע בשורה פאַר דער וועלט.

דעריבער, קוים איז אויסגעשאָסן געוואָרן די לעצטע קויל, האָבן מיר אויסגעשטרעקט אַ האַנט צו שלום, און די דאָזיקע האַנט בלייבט אויסגע־שטרעקט. אונדזער אידעאַל איז נישט אייביקער קריג נאָר אייביקער פרידן.

## דער שלום איז באַדראָט צוליב דעם צוווּקס פון דער מיליטערישער קראַפט פון מצרים

די סכנה וועלכע באַדראָט דעם שלום קומט נישט פון ישראל. זי באַ־שטייט אין דער מעגלעכער איינרעדעניש פון אונדזערע אַראַבישע שכנים, אַז זיי זענען געגוג שטאַרק אונדז צו אַטאַקירן. דעריבער זענען מיר טיף באַ־זאָרגט צוליב דעם לעצטן צוווּקס פון דער מיליטערישער קראַפט פון מצרים, אין מאָדערנע און שווערע וואָפן, אין טאַנקן, אַוויאָנען און סובמאַרינען. מיר קאָנען נישט זען אין די געוועהר־ליפערונגען פון טשעכאָסלאָוואַקיע, וועלכע זענען דורכגעפירט געוואָרן מיט דער הסכמה פון סאָוויעטן־פאַרבאַנד, אַ „גאַנץ פשוטע און לעגיטימע קאָמערציעלע טראַנזאַקציע". מיר זענען געצוווּנגען פעסטצושטעלן, אַז די צעטרייסלונג פון דעם גלייכגעוויכט צווישן די באַ־וואָפנטע כוחות פון די אַראַבישע לענדער און אונדזערע, דערמוטיקט דעם באַוואָפענונג־געיעג און רייצט אויף די כוונות פון אַגרעסיע.

די מערב־מלוכות האָבן אויסגעאַרבעט אַ פּאָליטיק פון קאָנצעסיעס, זיי־שטעלן צופרידן די פאָדערונגען פון די אַראַבער, אָבער פאַרלאַנגען נישט פון זיי אַז זיי זאָלן דערפאַר שליסן שלום מיט ישראל, אָדער זאָלן לכל הפחות אויפהייבן די בלאָקאַדע, וועלכע רינגלט אונדז אַרום. זיי האָפן אַזוי אַרום צו געווינען די אַראַבער אַלס פריינד אָדער אפשר גאָר אַלס פאַרבינדעטע. אונ־דזער אינפאָרמאַציע זאָגט עטוואָס אַנדערש. אויב די מערב־מאַכטן ווילן אָפּ־היטן דעם שלום, מוזן זיי זיך לחלוטין אָפּהאַלטן פון צושטעלן געוועהר יענע לענדער, וועמענס אָפענע פּאָליטיק איז מלחמה קעגן ישראל. און זיי מוזן וואָס שנעלער באַזאָרגן מיט געוועהר ישראל, וועלכע שטרעבט צו שלום, אָבער זעט זיך געצוווּנגען זיך צו פאַרטיידיקן און וואַכן איבער דעם פויער, כדי ער זאָל קאָנען פירן דעם אַקעראייזן אין שלום, און איבער דעם פאַסטוך, כדי ער זאָל אָן געפאַר קאָנען אויספּאַסן אויף זיין סטאַדע שאָף. זיי דאַרפן אַריינ־נעמען ישראל אין אַ פאַרטיידיקונג־אָפּמאַך, וואָס זאָל אַנטמוטיקן יעדע אַגרע־סיע און וואָס זאָל צווינגען די אַראַבישע לענדער אָנצונעמען די עקזיסטענץ פון ישראל ווי אַ געשעענעם פאַקט און זיך אַנטשליסן צו קומען מיט אונדז צו אַ הסכם.

דער דאָזיקער זיכערקייט־אָפּמאַך קאָן נישט פֿאַרנעמען דעם אָרט פֿון וואָפֿן. מיר זענען אַנטשלאָסן צו קריגן וואָפֿן, וואָרום עס וועט נישט קומען צו קיין מלחמה, אויב אונדזערע שכנים וועלן זיך אָפּגעבן רעכענונג, אַז זיי קאָנען אונדז נישט מנצח זיין. וואָס אונדז באַטרעפֿט, קאָנען מיר פֿאַרזיכערן, אַז אונדזערע באַשלוסן וועלן גענומען ווערן מיט אַ געפֿיל פֿון אחריות און מיטן באַוווסטזיין וועגן אַלץ דעם וואָס שטייט אין קאָן. די שעה פֿאַרלאַנגט אָבער אַז מיר זאָלן זאָגן מיט פּליניוס דעם יונגן: “Bellum nec timendum nec provocandum” — נישט מען דאַרף זיך שרעקן פֿאַר דער מלחמה, נישט מען דאַרף זי פּראָוואָצירן.

מיר האָפֿן, אַז די פֿעלקער פֿון דער וועלט וועלן זיך איבערצייגן וואָס פֿריער, אַז עס וועט נישט מעגלעך זיין צו ראַטעווען דעם שלום און די ציוויליזאַציע אויף אונדזער חשבון. איך ווייס, אַז עס האָבן נישט געפֿעלט אין עבר קיין וואָרענונגען, צו וועלכע מען האָט זיך נישט צוגעהערט. איך בין געווען אין יאָר 1920 אויף יענער מאַסן־פֿאַרזאַמלונג אין אַלבערט־האָל אין לאָנדאָן, ווען דער גרויסער אַלטער מאַקס נאָרדאַו האָט פֿייערלעך אויפֿגעפֿאָדערט די פֿעלקער, אַז זיי זאָלן בלייבן געטריי דעם פֿאַרשפּרעכן וואָס זיי האָבן געגעבן דעם יידישן פֿאָלק. דאָס איז געשען בלויז דריי יאָר נאָך דער באַלפֿור־דעקלאַראַציע, און ווייניקע פֿון די אָנוועזנדע האָבן פֿאַרשטאַנען דעם זין פֿון דער שטרענגער וואָרענונג. דער אַלטער פֿירער האָט ציטירט די ווערטער פֿון דער ברכה מיט וועלכער יצחק האָט געבענטשט יעקבן: „פֿאַרשאָלטן די וואָס שילטן דיך און געבענטשט די וואָס בענטשן דיך“. מיר געדענקען היינט די דאָזיקע ערנסטע ווערטער. ישראל איז נישט דער רעזולטאַט פֿון אַ צופֿאַל אָדער אַ קאַפּריז פֿון דער היסטאָריע. ישראל איז געקומען ווי אַ קאַטעגאָרישער מוז כדי צו פֿאַרווירקלעכן אַ מיסיע, פֿון וועלכער מיר גלויבן אַז זי וועט ברענגען ברכה דער גאַנצער מענטשהייט. דאָס ווערק וואָס מיר האָבן שוין געשאַפֿן אין אַ קורצער צייט פֿאַרשעמט נישט אונדזער עבר און מיר האָבן די הייליקע אַמביציע אים, ווען מעגלעך, נאָך צו איבערשטייגן. מיר רעכענען אַז אַדאַנק דער קלוגשאַפֿט פֿון די שטאַטסמענער און דער סאָלידאַריטעט פֿון די מענטשן פֿון גוטן ווילן פֿון אַלע פֿעלקער און באַזונדערס פֿון גרויסן אַרגענטינער פֿאָלק, וועט אונדזער שליחות פֿאַרפֿולט ווערן אין אַן אַטמאָספֿער פֿון ברייטהאַרציקייט, פֿון גערעכטיקייט, פֿון ליבע צום מיטמענטשן, צום רום פֿון אונדזער געמיינזאַמער ציוויליזאַציע און אונדזער בשותפֿותדיקער ירושה.

# אין 1897, אין באַזעלער קאַסינאָ, איז אויפגעשטאַנען תחית המתים נישט נאָר ציון, נאָר דער גאַנצער נאָענטער מזרח

רעדע געהאַלטן דעם 31סטן מערץ 1956 אויפן דריטן סדר פון פועלי־ציון־התאחדות.

איך וויל דאָס דריטע יאָר אויסדריקן אייך מיין דאַנק פאַר דער איינלאַדונג צו אייער וואונדערבאַרן דריטן סדר און פאַר די שעהן פון התרוממות הנפש, וועלכע מיר האָבן דאָ אדורכגעלעבט. איך וויל דאַנקען דעם נשמה־יתרהדיקן בעל־מסדר און די טאַלאַנטפולע אינטערפרעטאַטאָרן, ווי אויך דעם רעדאַקטאָר און די מיטאַרבעטער פון דער שיינער הגדה. אָבער צו די לעצטע האָב איך אַ שטיקל טענה. זייער הגדה רעדט צו ווייניק וועגן יציאת מצרים. עס שטייט נישט געשריבן „וכל המרבה לספר", און ווער עס דערציילט מער, „הרי זה משובח", דאַרף מען אים דערפאַר לויבן, נאָר עס שטייט „וכל המרבה לספר ביציאת מצרים". מיר לייענען די הגדה און פראַווען דעם סדר, כדי צו דערציילן וועגן יציאת מצרים.

## יציאת מצרים האָט אַן אַקטועלע באַדייטונג

ווארום מער און מער ווערט קלאָר פאַר אונדזער דור, אַז יציאת מצרים האָט פאַר אונדז נישט נאָר אַ סימבאָלישן ווערט, נאָר עס האָט אויך אַן אַקטועלע באַדייטונג. ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבן די באַוועגונג פון שיבת ציון, האָבן מיר געמיינט, אַז מיר קערן זיך אום נאָר קיין ציון, עפּעס אַבסטראַקט אַזוי, אומאָפּהענגיק פון דער אַרומיקער וועלט. מיר האָבן נישט געקלערט וועגן ציון ווי וועגן אַ זאַך וואָס איז אויף אייביק געבונדן היסטאָריש און געאָגראַפיש מיט געוויסע געשעענישן און געוויסע געגנטן. מיר האָבן געגלויבט, אַז מיר אַליין שטייען אויף תחית המתים, בעת דער זאַמד פון דער געשיכטע האָט צוגעדעקט אויף אייביק די פעלקער וואָס זענען אַמאָל געווען אונדזערע שכנים. איצט ווייזט זיך אַרויס אַלץ מער, אַז מיר האָבן זיך אומגעקערט נישט נאָר קיין ציון, און נישט נאָר קיין יהודה און קיין ישראל, נאָר צו דער גאַנצער וועלט פונעם נאָענטן מזרח, ווו מיר האָבן זיך אַמאָל גע־

טראָפן און טרעפן זיך ווידער מיט אשור און מיט מצרים, און מיטן חיתי און מיטן אמורי.

אין יאָר 1897, בעת דער ערשטער ציוניסטישער קאָנגרעס איז זיך צו־זאַמענגעקומען אין דעם קאַסינאָ פון באַזעל, האָט טעאָדאָר הערצל נאָכדעם פאַרשריבן פאַר זיך אַליין אין זיין טאָג־בוך: „היינט האָב איך געגרינדעט דעם יידנשטאַט, די יידישע מדינה". ער האָט נישט געוווסט, אַז ער און זיינע מיטאַרבעטער האָבן צו גלייכער צייט אויפגעוועקט פון זייער דרימל כוחות, וועלכע וועלן אַמאָל האָבן אַ גרויסן חלק אין דער אויפוואַכונג פון דעם גאַנצן נאָענטן מזרח. אייגנטלעך קאָן מען זאָגן כמעט אָן איבערטרייבונג, אַז יענע פעלקער וועלכע שטייען איצט אַקעגנאיבער ישראל, וואָס אפשר מאָרגן וועלן מיר זיך געפינען מיט זיי אין אַ בלוטיקן פאַרמעסט, זענען אויפגעשטאַנען תחית המתים מיט אונדז צוזאַמען אין דאָזיקן קאַסינאָ־זאַל פון באַזעל אין 1897. און אַזוי אויך האָט הערצל נישט געוווסט, ווען ער האָט געשריבן זיין בוך „אַלטניילאַנד", אַז ער שרייבט אין דער זעלביקער צייט אַ קאַפּיטל פון אַן אַנדער בוך וואָס רופט זיך „אַלטנייוועלט".

יאָ, פּונקט ווי יציאת מצרים האָט אָנגעצונדן דעם באַגער פון פרייהייט אין די הערצער פון אומצאָליקע פאַרשקלאַפטע פעלקער, וועלכע האָבן געזען אין אונדזער קנעכטשאַפט דעם פאַרבילד פון זייערע אייגענע ליידן און אין אונדזער באַפרייאונג דעם וועג צו זייער אייגענער באַפרייאונג, און האָבן מיט דעם כוח וואָס זיי האָבן געשעפּט פון אונדזער יציאת מצרים צעבראָכן זייערע קייטן, פּונקט אַזוי האָט די שיבת ציון באַוועגונג אין אונדזער צייט צעפלאַקערט דעם דראַנג צו אומאָפּהענגיקייט ביי די פעלקער וואָס וווינען אַרום אונדז אין יענעם טייל פון דער וועלט. יאָ, דער ציוניזם וועלכן זיי האַסן האָט געשפּילט אַ דעצידירנדיקע ראָל אין דער עמאַנציפּאַציע פון פעלקער, וואָס זענען היינט אויפגעשטאַנען כדי אונדז צו פאַרניכטן. אַזאַ איז אונדזער גורל פון דור דורות, מיר קאָנען קיינמאָל נישט באַפרייען נאָר זיך אַליין און מיר קאָנען קיינמאָל נישט פּראָקלאַמירן אַ תורה נאָר פאַר זיך אַליין. ס'איז נישט דאָס ערשטע מאָל, און וואַרשיינלעך נישט דאָס לעצטע מאָל, וואָס מיר האָבן געשאַפן באַוועגונגען, נאַציאָנאַלע, סאָציאַלע און רעליגיעזע, וואָס נאָכ־דעם זענען מיר געוואָרן זייערע ערשטע קרבנות, און וואָס מיר זענען טראַגיש פאַרפאַלגט און פאַרטיליקט געוואָרן דורך די סאַמע גייסטיקע כוחות וועלכע מיר האָבן אַרויסגערופן.

אין איצטיקן מאָמענט האָבן די מצרים און די סיריער און די ירדנער נישט גענוג קללות פאַר אונדז. אָבער אַמאָל וועט קומען דער טאָג פון היס־טאָרישער גערעכטיקייט און זיי וועלן איינזען דעם אמת, און מ'יר וועלן זיך

איבערבעטן. אונדזער אויסקוק אין דער ווייטער צוקונפט איז פון תמיד אָן געווען אַן אָפּטימיסטישער, אַ האָפענונגספולער. אונדזער ישעיהו האָט פאָרויס־געזאָגט, אַז אַמאָל וועט באַשטיין אַ דרייבונד, אַ שלישיה — מצרים, אשור און ישראל, און דער זעלביקער נביא, וועלכער געפינט ווערטער פלאַמפייער־דיקע, גרימצאָרנדיקע קעגן אונדזערע שונאים, רעדט וועגן יענע צייטן מיט ווערטער פול מיט צערטלעכקייט. ס׳וועט קומען, זאָגט ער, אַ טאָג, ווען גאָט וועט זאָגן „ברוך עמי מצרים״, געבענטשט איז מיין פאָלק מצרים „ומעשה ידי אשור״ און דאָס ווערק פון מיינע הענט אשור, „ונחלתי ישראל״ און מיין ארבונג ישראל (י״ט, כ״ד־כ״ה).

דעריבער זאָג איך, אַז מען טאָר נישט דערווייטערן די הגדה פון אירע קוואַלן, פאַרקערט, מען דאַרף זי דערנענטערן צו זיי. ווייל מצרים איז נישט נאָר אַ סימבאָל, נאָר אַ נייע רעאַליטעט. און ווייל יענע וועלט האָט אויפגע־וואַכט, ליגט דאָס „אַלטיטשקע ביכעלע״, ווי פרוג האָט געזאָגט וועגן דעם תנ״ך, ליגט דאָס אַלטיטשקע ביכעלע פאַר אונדז אָפן און מיר לייענען עס צום טויזנטסטן מאָל. ישראל איז פול מיט אויסגראָבונגען, מיט אַרכעאָלאָגיע, עס האַנדלט זיך אָבער נישט וועגן קיין האָבי, ס׳איז די דאָרשט זיך צוריקצו־געפינען, דער ווילן זיך צו פאַרשטיין. וואָרום מיר ווייסן איצטער, אַז נישטאָ קיין ריכטיקע אויטאָ־עמאַנציפּאַציע, אָן אויטאָ־פאָרשונג, אָן אויטאָ־קענ־טעניש. אויפן לעצטן אַרכעאָלאָגישן צוזאַמענפאָר אין ישראל, האָט דער גע־נעראַל־אַרכעאָלאָג יגאל ידין געזאָגט, אַז די קענטעניש פון תנ״ך פאַרגרע־סערט די שטרייטקראַפט פון אונדזער אַרמיי. וואָרום ווען אונדזערע סאָל־דאַטן ווייסן, אַז זיי זענען נישט עפּעס אַ נייער שבט, נאָר אַ המשך אין צייט און אין רוים, ווערט זייער כוח פאַרצענפאַכט מיטן כוח פון די דורות פון וועלכע זיי פילן זיך די יורשים, און מיטן כוח פון די בערג און די טאָלן, וועלכע ריידן צו זיי אין אַ היימישער שפּראַך.

אין אָט דעם ליכט פון דערנענטערונג צום עבר געפינען אויך אונדזערע סימבאָלן אַ נייע אַקטואַליטעט. דוכט זיך אַז עס איז נישטאָ קיין מער אָפּגע־דראָשענער און אָפּגעריבענער סימבאָל ווי דער עפּיזאָד צווישן דוד און גלית. אָבער איצט, ווען מיר פאָדערן פאַרצווייפלט וואָפן און קאָנען זיי נישט באַקו־מען, לערנען מיר די געשיכטע פון גלית און דוד פון אַ נייעם שטאַנדפּונקט, פון אַ מיליטערישן. געוויס, מיר דאַרפן וואָפן, מיר דאַרפן זאַמלען מיטלען כדי צו קויפן וואָפן. אָבער עס טרעפט, אַז צופיל וואָפן איז אַ זיכערער וועג צו מפּלה. מיר זענען שוין אַמאָל געשטאַנען קעגנאיבער די מצרים, ווען זיי האָבן געהאַט אַ סך מער כלי זין און בעסערע פאַר אונדז. געשען איז דאָס מיט אַכט יאָר צוריק אין אל אודזשאַ. אונדזערע סאָלדאַטן זענען געווען לייכטער און

האָבן אויסגעמאָנעווורירט די מצרים. איר געדענקט געוויס ווי דער פלישתי בייזערט זיך אויף דודן — „צי בין איך דען אַ הונט וואָס דו קומסט צו מיר מיט שטעקלעך?" אָבער ער איז געוועזן צו שווער באַלאָדן מיט זיין פאַנצער און מיט זיין שווערד, מיט זיין פיקע און מיט זיין שפּיז, און ער האָט זיך נישט געקאָנט רירן ווען דוד האָט אַ שליידער געטאָן דאָס שטיינדל. ער איז געפאַלן, און אַזוי האָט ער פאַרשפּילט דעם קאַמף.

יעדערער פון אונדז פילט אין אַלע זיינע גלידער, אַז מיר שטייען אין אַ שווערער צייט פון קריזיס און אין ליכט פון אָט דעם געפיל וואָלט איך געוואָלט קאָמענטירן אַ פּזמון וואָס מיר האָבן היינט געזונגען מיט אַ סך התלהבות און מיט אַ סך דבקות. דער ניגון איז זייער שיין און די ווערטער זענען זייער שיין, אָבער די ווערטער איז שווער צו פאַרשטיין. מיר האָבן געזונגען „קרב יום, אשר הוא לא יום ולא לילה" — דערנענטער דעם טאָג וואָס איז נישט טאָג און נישט נאַכט. דער טאָג וואָס איז נישט טאָג און נישט נאַכט געפינט זיך ביי זכריה, איינער פון די נביאים וואָס ווערן אָנגערופן שפּעטערדיקע נביאים אָדער קלענערע נביאים, הגם עס געפינען זיך צווישן זיי ריזן, אויב מיר זאָלן משפּטן לויט זייער וויזיע און לויט זייער ליטעראַרישער קראַפט.

ביי זכריהן פאַרענדיקט זיך דער פסוק מיט די ווערטער „והיה לעת ערב יהיה אור" (י"ד, ז') — אָוונטצייט וועט ווערן ליכטיק. לויט דעם נביא וועט אָט דער באַזונדערער טאָג קומען איידער גאָט וועט ווערן קעניג איבער דער גאַנצער וועלט, ערב דעם טאָג ווען גאָט וועט זיין „אחד ושמו אחד", ער וועט זיין איינער און זיין נאָמען וועט זיין איינער. דאָס דאָזיקע גרויסע געשעעניש וועט קומען נאָך זייער אַ שווערן און דראַמאַטישן טאָג פון נישט טאָג און נישט נאַכט.

דאָס וווּנדערבאַרע אין דעם פּזמון, איז וואָס דער משורר בעט נישט, עס זאָל זיך דערנענטערן דער טאָג פון גאָטס זיג, נאָר דער טאָג פון נסיון, דער טאָג פון קאַמף. וואָרום דער דיכטער ווייס, אַז פאַרן טאָג פון נצחון מוז קומען דער טאָג פון פאַרמעסט און ער איז מקבל באהבה דעם טאָג פון נסיון.

ס'איז גאַנץ מעגלעך, אַז מיר שטייען ערב דעם טאָג, וואָס עס איז נישט קיין טאָג און נישט קיין נאַכט, מיר וועלכע זענען אפשר דער דור וואָס איז לא יום ולא לילה, דער דור וואָס זיינע יאָרן זענען אַ געמיש פון לייד און פון פרייד, פון ליכט און פון פינצטערניש, פון האָפענונג און פאַרצווייפלונג. און דעריבער פּאַסט עס זיך גאַנץ באַזונדערס אַז אונדזער דור זאָל בעטן מיט גרויס בענקשאַפט, אַז ס'זאָל זיך דערנענטערן דער טאָג פון פאַרמעסט. און ווען אונדזער דור וועט האָבן געטאָן זיין גאַנצן חוב, וועט האָבן דערפילט

זיין שליחות, ווען עס וועט קומען דער אָוונט — דעמאָלט „והיה לעת ערב יהיה אור״, וועט ווערן ליכטיק, און ס׳וועלן קומען אונדזערע קינדער און אונדזערע תלמידים און וועלן אונדז זאָגן: „הגיע זמן קריאת שמע של שחרית״, עס איז געקומען דער פרימאָרגן, עס האָט אויפגעשיינט דאָס ליכט, וואָס מיר האָבן אַרויסגערופן מיט אונדזערע ליידן, מיט אונדזער טריישאַפט און מיט אונדזער פולשטענדיקער מסירת־הנפש.

# דער יידישער אויפשטאַנד האָט זיך אָנגעהויבן, ווען יידן האָבן אויפגעהערט זוכן די שולד ביי פרעמדע

רעדע געהאַלטן דעם 20סטן אַפּריל 1956, צום 13טן יאָר־טאָג פון אויפשטאַנד פון וואַרשעווער געטאָ.

איך בין זיך מודה, אַז איך בין דאָ היינט געקומען, און מסתמא אויך איר, באַהערשט פון פאַרשיידענע געפילן. עס האָט אונדז דאָ היינט צוזאַמענגעבראַכט נישט נאָר דער יראת הכבוד פאַר די מיליאָנען וואָס זענען אַרויסגעריסן געוואָרן פון אונדזער פאָלק, אויף אַזאַ שרעקלעכן אופן, אין די אומגליקלעכע יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, נאָר אויך די ברענענדיקע זאָרג צוליב די געשעענישן אין און אַרום ישראל. מיר געפינען זיך דאָ, אָבער אונדזער האַרץ איז אין מזרח.

## די טענה „און די וועלט האָט געשוויגן"

ס׳איז דאָ שוין היינט באַמערקט געוואָרן, אַז דער ווירדיקסטער אופן ווי אַזוי צו באַערן אונדזערע מאַרטירער און קדושים, איז ציען פון זייער גורל אַ מוסר השכל בנוגע די געשעענישן פון דער הייַנטיקער צייט. וויל איך זיך דאָ אָפּשטעלן קודם כל אויף אַ טענה וואָס איז דאָ שוין דערמאָנט געוואָרן, אַ טענה וואָס איז רעזומירט אין דעם טיטל פון אַ בוך וואָס איז לעצטנס דערשינען — „און די וועלט האָט געשוויגן". מיט עטלעכע טעג צוריק האָט מיך באַזוכט אַ טייערער ייד און ער האָט מיט מיר גערעדט אין דעם זעלביקן לשון — „אַ פאַרפוילטע וועלט, זי קימערט זיך נישט וועגן אונדז". די דאָזיקע תרעומת אויף דער וועלט איז אייגנטלעך אַ מאָדערנע ווערסיע פון דער טענה וואָס פריערדיקע דורות האָבן געהאַט צום רבונו של עולם. ווען טיטוס האָט באַלאַגערט ירושלים האָט איינער פון די תנאים אויסגעשריען מיט פאַרדרוס, אַז מען דאַרף לייענען דעם פסוק „מי כמוך באלים ה׳" — ווער איז ווי דו צווישן די געטער, אָ גאָט! — „מי כמוך באלמים ה׳" — ווער איז ווי דו צווישן די שטומע, אָ גאָט!

זאָל מיר דערלויבט זיין צו זאָגן, אַז אָט דער גאַנצער צוגאַנג איז אַן אומרייפער, און אַז אונדזער דור, וועלכער באַהויפּטעט אַז ער האָט דערגרייכט

פּאָליטישע פּאָליעריקייט, דאַרף מוותר זיין אויף דעם שאַבלאָן. איך וויל דאָ חס וחלילה נישט פאַרטיידיקן די „וועלט״, איך וויל זיך נישט אַריינלאָזן אין אַ וויכוח, צי די באַשולדיקונג אַקעגן איר איז אַ גערעכטע. איך וויל נאָר מיר זאָלן קאָנקרעטיזירן אונדזער אָנקלאַגע און מיר וועלן אויף גיך איינזען אַז דער באַגריף „וועלט״ איז ריינע אַבסטראַקציע.

פונקט ווי דער באַגריף „יידישע וועלט״! מיר דוכט זיך, אַז ס׳איז געווען אין יאָר 1937, ווען מיר האָבן באַהאַנדלט, אויף אַן עקזעקוטיוו־זיצונג פון יידישן וועלט־קאָנגרעס, אַ דראַמאַטישע ווענדונג פון אַ מיניסטער פונעם אַביסינישן נעגוס. דער פאָרשטייער פון „גור אריה יהודה״ האָט דערמאָנט די „יידישע וועלט״ אין דער היסטאָרישער קרובהשאַפט צווישן זיין אומה און דעם פאָלק ישראל, און האָט געבעטן אַז דער וועלט־קאָנגרעס זאָל אים העלפן באַקומען די בייטיקע וואָפן, כדי איינצונעמען פונדאָסניי דאָס לאַנד, פון וועלכן ער איז פאַרטריבן געוואָרן. דער נעגוס, אַן איידעלע, ווירדיקע פיגור, איז דאַן געווען אַן אויסגעלאַכטער און אַ פאַרוואָגלטער, און דעם בריוו האָבן מיר געלייענט מיט אַ ווייטיק אין האַרצן, וואָרום די „יידישע וועלט״, צו וועלכער ער האָט זיך געווענדעט, איז אין יענעם פרט געווען אַ ריינע אַבסטראַקציע. איצטער וואָלט מדינת ישראל יאָ געקאָנט העלפן מיט וואָפן אַ פריינט אין נויט — ווען זי איז פריי פון אייגענע דאגות.

## די „וועלט״ איז אַן אַבסטראַקציע און די טענות צו איר זענען זינלאָז

וואָס איז די „וועלט״?

קודם כל באַשטייט זי פון מיליאָנען און צענדליקער מיליאָנען יחידים, מיט זייערע זאָרגן, מיט זייער קאַמף פאַרן טעגלעכן ברויט, פאַר צופרידנ־קייט, פאַר קיום און המשך. אין יאַנואַר 1946 האָב איך געהאַט, אין מיין ניו־יאָרקער וווינונג, אַ לאַנגן שמועס מיט דעם גרויסן שטאַטסמאַן און ווונ־דערבאַרן מענטש לואי דע ברוקער, אין יענער צייט פרעזידענט פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, וועלכער האָט מיך באַערט מיט זיין פריינטשאַפט. איך האָב פאַרגעוואָרפן דער „וועלט״, וואָס זי הייבט אָן אַזוי שנעל צו פאַרגעסן וואָס עס האָט פּאַסירט מיט יידן, און דע ברוקער האָט מיר געענטפערט, אַז ער איז געקומען צו דער מסקנה, אַז מיר ווילן נישט משלים זיין מיט דער רעאַליטעט. פאַר אַ בעלגישער מוטער, האָט ער געזאָגט, וועלכע האָט פאַר־לוירן איר זון אין דער מלחמה, באַשטייט נישט קיין אַנדער אומגליק ווי איר אייגענער. און פאַר אַן ענגלישער משפחה, וועמענס הויז איז אויפגעריסן גע־וואָרן דורך אַ דייטשער באָמבע, איז איר אייגענער חורבן דער גרעסטער חורבן. פון קיין אַנדערע צרות ווילן זיי נישט וויסן. די פריינט פון יידן, האָט

ער צוגעגעבן, קאָנען נישט פאַרטרייבן מיט אַ צויבער־שטעקן אַזעלכע אָביעק־טיווע פאַקטן, און מוזן געפינען אַ פשרה צווישן דער ביטערער ווירקלעכקייט און זייער פריינטשאַפט פאַר אונדז.

די „וועלט" פאַרמאָגט נאָכדעם פעלקער, עטלעכע פון זיי מיט אַ גרויסן עבר, וועלכע קעמפן ביטער און שווער אויף אָנצוהאַלטן זייערע פּאָזיציעס און ווילן נישט זיין דער דור, וועגן וועמען די געשיכטע וועט זאָגן, אַז אין זייער צייט איז זייער לאַנד געוואָרן אַ יורד.

אין דער „וועלט" זענען אויך דאָ פּאָליטישע פירער, וואָס האָבן זייער פילאָזאָפיע, זייער אָפּטימיסטישן אָדער פּעסימיסטישן קוק אויפן לעבן, זייע־רע ספקות און חששות. אין דעצעמבער 1944, בין איך אָפּגעפאָרן פון נאָרד־אַמעריקע צום באַפרייטן טייל פון אייראָפּע, כדי צו זען וואָס מ׳קאָן נאָך טאָן כדי צו ראַטעווען די שארית־הפליטה. הימלער האָט דעמאָלט געסטראַשעט, אַז ער וועט אויסהרגענען די קאָצעטניקעס, איידער די אַליאירטע וועלן צו־קומען צו די לאַגערן. און מיר האָבן געוואָלט אַז דער אינטערנאַציאָנאַלער רויטער קרייץ און אַנדערע פאַקטאָרן זאָלן זיך אַריינמישן. צווישן די מענטשן מיט וועלכע איך בין געגאַנגען זיך געזעגענען איז געווען איינער, וואָס האָט אונדז אַ סך געהאָלפן אין דער צייט פון דער מלחמה, אַ מענטש מיט סימ־פּאַטיע און פאַרשטענדעניש פאַר אונדז, דער דעמאָלטיקער אַמעריקאַנער וויצע־קריגס־מיניסטער דזשאָן מעק־קלאָי. און ער האָט מיר געזאָגט: „מיר זענען דאָך אונטער פיר אויגן; זאָגט מיר דעם אמת, צי גלויבט איר טאַקע אַז די אַלע שרעקלעכע זאַכן האָבן פּאַסירט?" אַזוי האָט ער מיך געפרעגט. ער האָט זיכער געהאַט בעסערע אינפאָרמאַציע־קוואַלן פאַר מיר, אָבער ער האָט די גאַנצע מוראדיקע אויסראָטונג נישט געקאָנט תופס זיין.

און די „וועלט" באַשטייט איצט אויך פון נייע ריזיקע פעלקער, מיט הונ־דערטער מיליאָנען מענטשן, לענדער וועלכע קענען אונדז נישט, ווי כינע און אינדיע, וואָס אויף זייער קולטור האָט אונדזער געשיכטע און אונדזער תנ״ך געהאַט אַ קליינע השפעה, וועלכע פילן נישט אַז זיי זענען אונדז עפּעס שול־דיק און אין וועמענס אויגן מיר זענען אַ גאַנץ קליינער פאַקטאָר אין די ערב בראשית קאָנוואולסיעס פון דער אַנטשטייאונג פון אַ נייער עפּאָכע.

ס׳האָט דעריבער נישט קיין זין צו ריידן וועגן דער אַבסטראַקטער וועלט. עס זענען אָבער פאַראַן קאָנקרעטע פעלקער, פון וועלכע מיר קאָנען עטלעכע געווינען צוליב געמיינזאַמע אידעאַלן, אַנדערע צוליב געמיינזאַמע אינטערעסן. און אינטערעסן בייטן זיך און פריינטשאַפטן בייטן זיך, און אַמאָל אויך אידעאַלן.

אריה לעאָן קובאָוי

## זעלבסטפאַרשונג אַנשטאָט זעלבסט־רחמנות

די טענה צו דער „וועלט" איז אויך אַן אומרייפער צוגאַנג, ווייל ער פירט צו זעלבסט־רחמנות, און עס באַשטייט די געפאַר, אַז מיר זאָלן אַנטלויפן פון דעם חוב זיך צו פאַרמעסטן מיט דער ביטערער, מיאוסער, צייטנווייז בלאַטיקער און בלוטיקער רעאַליטעט, כדי זיך אויסצולעבן אין דעם געפיל פון אייגענער גערעכטיקייט, און אַז אונדזער ווילן זאָל אַזוי פאַראַליזירט ווערן. ס׳איז דאָ אַ ריכטיקערער מעטאָד, על כל פנים אַ ווירקזאַמערער, דער וועג פון זעלבסטפאַרשונג. אין אונדזער גרויסער חורבן־ליטעראַטור פון אַמאָליקע צייטן איז די טענה געווען געריכטעט כלפי פנים, מ׳האָט געזוכט די אייגענע שולד. אַ מסיכתא פרעגט וועגן די צוויי פאַרלוסטן פון אונדזער אומאָפּהענגיקייט, פאַרוואָס איז חרוב געוואָרן דער ערשטער בית המקדש? צוליב דריי זאַכן, וואָס איינע פון זיי איז שפיכת דמים. און פאַרוואָס איז חרוב געוואָרן דער צווייטער בית המקדש? ווייל ס׳האָט אין לאַנד געהערשט שנאת חינם.

דער יידישער ווידערשטאַנד, די געטאָ־רעוואָלטן האָבן זיך אָנגעהויבן, ווען ס׳האָט אויפגעהערט די שולד־זוכעניש ביי אַנדערע און דאָס רחמנות־געפיל אויף זיך אַליין, ווען געטאָ־קאָנספּיראַטאָרן און פאַרטיזאַנען האָבן געמאַכט דעם אינווענטאַר פון זייער ביסל האָב און גוטס, נישט כדי צו קאָנסטאַטירן זייער מאַכטלאָזיקייט, נאָר כדי צו באַשטימען זייער סטראַטעגיע, ווען זיי האָבן באַשלאָסן שטעלן אַ ווידערשטאַנד מיט דעם וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט. די איינציקע פראַגע איז דאַן געבליבן ווי דאָס צו פאַרווענדן אויף דעם צוועקמעסיקסטן און ווירקזאַמסטן אופן, סיי פיזיש און סיי מאָראַליש.

בעת מען האָט געפרעגט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה דעם מאַרשאַל פאָש, דעם רעטער פון פראַנקרייך, אין וואָס איז באַשטאַנען זיין סטראַטעגיע, האָט ער געענטפערט: אַנטקעגנשטיין מיט דעם וואָס מען האָט אונטער דער האַנט. און ער האָט געבראַכט דעם פּאַראַדאָקסאַלן ביישפּיל וועגן אַ טיר וואָס אויף צו פאַרטיידיקן זי וואָלט ער נאָר געהאַט זיגלוואַקס. יאָ, ער וואָלט נישט געוואַקלט זי צו פאַרטיידיקן, האָט ער געזאָגט, מיט אַן אַ שיעור אָנגעקלעפּטע שטעמפּלען פון זיגלוואַקס און מיט דער פלייצע.

## מיר קאָנען נישט משפּטן די וועלכע האָבן זיך פאַרמאָסטן מיטן גהינום

איך זאָג דאָס ביי יעדן פון אונדזערע אזכרה־אַקטן: די העלדן פון די אויפשטאַנדן זענען נישט געווען די איינציקע העלדן. טויזנטער אומבאַקאַנטע, ל״ווניקעס אָן אַ צאָל, האָבן איבערגעלעבט דעם גהינום, האָבן זיך פאַרמאָסטן מיטן גהינום, האָבן זיך און אַנדערע אַרויסגעראַטעוועט פון די ציין פון

אשמדאי, פון די פייערן פון מולך און פון די נידעריקסטע זומפּן פון דער בעסטיע. זיי גייען אַרום צווישן אונדז און מיר קענען זיי נישט. אפשר זיצן עטלעכע פון זיי דאָ מיט אונדז. מען זאָגט אַז אין ישראל שטעלן זיי צוזאַמען כמעט אַ פערטל פון דער באַפעלקערונג. אפשר האָבן מערערע פון זיי אַפילו שווער געזינדיקט לויט די באַגריפן פון דער לעגאַליסטיק פון נאָרמאַלע צייטן. וועלן מיר דאָס מאָל זאָגן „נתגלגלה זכות על ידי עבריינים" — זינדיקע האָבן אונדז מזכה געווען.

איך געהער נישט צו די, וועלכע האָבן די העזה צו וועלן באַגרייפן דעם גהינום, וועלכע איז געווען די רעאַליטעט פון זייער לעבן פיר און צוואַנציק שעה אין אַ מעת־לעת. לעצטנס האָט איין אַ באַרימטן פּראָצעס אַבסטראַקציע זיך אונטערגענומען צו משפטן איינעם פון די, וואָס האָבן זיך פאַרמאָסטן מיטן אשמדאי און מיט זיינע תליינים, זיך באַגעגנט מיט זיי אויף זייער אייגענער טעריטאָריע, און געזען וואָס מען קאָן טאָן אויף זייערע וועגן און אופנים כדי אַביסל צו העלפן, עפּעס צו ראַטעווען. לייוויק האָט בעסער פאַרשטאַנען, אַז מיר זענען נישט מסוגל צו משפטן און אַפילו נישט אויסצופאָרשן. איך געדענק ווי נאָך דער ערשטער טרעפונג מיט איינעם פון די שארית הפליטה פירער אין ניו־יאָרק, נאָכדעם ווי ער האָט אויסגעהערט שעהן לאַנג די מגילה פון מוראדיקע ליידן און דערנידעריקונגען, האָט ער געשריבן, אַז ער האָט געוואָלט אַראָפּלאָזן זיך אויף די קני פאַר דעם מענטשן וואָס איז דאָס אַלץ איבערגעקומען.

איך בין זיך מודה, און איך האָף אַז מען וועט מיר נישט פאָרוואַרפן קיין חילול הקודש, אַז לעצטנס ווען איך גיב אַ קלער וועגן דעם אוממענטשלעכן און איבערמענטשלעכן קאַמף קעגן דער נאַכט וואָס נאָכדעם איז געקומען די מדינה, פרעג איך זיך צי איז אייגנטלעך יעקבס שטרייט מיט דעם „איש" ביזן פרימאָרגן נישט געווען אַ סימבאָל פון די נסיונות, וועלכע מיר דאַרפן איבערקומען אַזוי אָפט, כדי יעקב זאָל ווערן ישראל. מיר פרעגן זיך דעריבער, צי שטייען מיר נישט ווידעראַמאָל ערב אַזאַ יעקב־פאַרמעסט, איצטער ווען אין געציילטע טעג אָדער וואָכן אַרום, קאָן אפשר רעגענען מיט פייער איבער אונדזערע ישובים אין ישראל. מיר פרעגן זיך: אפשר קומט אויף אונדז ווידעראַמאָל אַ צוזאַמענשטויס מיט דער נאַכט. אָבער אונדזערע קינדער אין ישראל קענען די תורה פון הגשמה. זיי אַנטלויפן נישט פון דער האַרטער ווירקלעכקייט פון אונדזער צייט, אַ צייט פון שטאָלענע מענטשן, מלאכי חבלה און אַטאָמישע וואָפנס.

אריה לעאָן קובאָווי

## מיר זענען מיטפאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער וועלט

דאָס אַלץ וואָס איך האָב געזאָגט באַדייט נישט אַז מיר זענען מוותר אויף דער אָנערקענונג פון די פעלקער, אָדער אויף דער הילף פון די פעלקער, אָדער אויף אונדזער חלק אין דער וועלט, ניין, אָבער דאָס אַלץ אָן טענות. ווארום מיר זענען אַ טייל פון דער וועלט און זענען מיטפאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער וועלט.

רעדנדיק אַזוי גיב איך אייגנטלעך איבער די רייד פון הרב יצחק רובינ־שטיין פון ווילנע, וועמען איך האָב געהאַט דעם זכות צו קענען אַ לענגערע צייט. דוכט זיך, אַז דאָס איז פאָרגעקומען סוף 1941 אין מיין דערמאָנטער ניו־יאָרקער וווינונג, ווו מיר זענען געזעסן מיט אים און מיט אַנדערע כלל־טוער. מען האָט גערעדט וועגן די שרעקלעכע ידיעות פון מזרח־אייראָפּע און עמעצער האָט געזאָגט, אַז אַ וועלט ווו אַזוינס איז מעגלעך דאַרף חרוב ווערן. הרב רובינשטיין האָט געענטפערט, אַז דאָס איז נישט קיין יידישער צוגאַנג און אויף זיין געוויינלעכן רבנישן וועג, האָט ער זיך אַריינגעלאָזט אין אַ פּירוש איבער דעם מדרש וועגן די עשרה הרוגי מלכות און וועגן ר׳ ישמעאל כוהן גדול, וועלכער איז געווען איינער פון זיי. איר געדענקט געוויס אַז די טאָכטער פון קיסר האָט געבעטן איר פאָטער, ער זאָל ישמעאלן שענקען דאָס לעבן, ווייל ער איז געווען זייער אַ שיינער. און ווען ער האָט זי אָפּגעזאָגט, האָט זי פאַרלאַנגט מ׳זאָל אים אָפּשיילן דאָס הויט פון געזיכט און עס איר אָוועק־געבן. און די אגדה דערציילט, אַז ווען דער תליין איז געקומען צום אָרט פון די תפילין, האָט ר׳ ישמעאל אַרויסגעלאָזט אַזאַ געשריי, אַז דער כסא הכבוד האָט זיך אַ טרייסל געטאָן. האָט זיך דערהערט אַ בת־קול וואָס האָט געזאָגט: אויב איך הער נאָך אַזאַ געשריי וועל איך איבערקערן די גאַנצע וועלט און מאַכן פון איר אַ תוהו ובוהו. „וכששמע ר׳ ישמעאל כך שתק" — און ווען ר׳ ישמעאל האָט דאָס דערהערט, איז ער אַנטשוויגן געוואָרן.

און הרב רובינשטיין האָט געפרעגט: פאַרוואָס איז ער אַנטשוויגן גע־וואָרן? אַט פאַרשטעלט מען אַ מענטשן מיט אַזעלכע באַרבאַרישע עינויים און מיט איין געשריי קאָן ער מאַכן אַ סוף צו אַזאַ אוממענטשלעכער וועלט. פאַר וואָס טוט ער עס נישט, און אַ סוף אַ קץ? דער ענטפער איז, אַז מיר קאָנען זיך נישט אָפּזאָגן פון דער וועלט. מיר זענען נישט כולו זכאי און די אַנדערע זענען נישט כולו חייב. מיר זענען אַ טייל פון דער וועלט, מיטפאַראַנטוואָרט־לעך פאַר דער וועלט און מיר מוזן העלפן מתקן זיין די וועלט.

וואָס הרב רובינשטיין האָט דעמאָלט נישט געוווסט איז, אַז דער ענט־פער וואָס ר׳ ישמעאל האָט נאָכדעם געגעבן דעם קיסר, איז אויך געגעבן

געוואָרן פון די יידן אין די לאַגערן. דער קיסר האָט אים געפרעגט: צי פאַר־לאָזסטו זיך נאָך אויף דיין גאָט? און ר׳ ישמעאל האָט געענטפערט מיט אַ פסוק פון איוב: „והן יקטלני, לו אייחל״ — אַפילו ווען ער וועט מיך דער־הרגענען, וועל איך וואַרטן אויף אים. די תשובה איז אַ פאַראַלעל צו דעם אני מאַמין מיט וועלכן ישיבה־בחורים זענען געגאַנגען צו די גאַז־קאַמערן. דאָס איז דער אייביקער יידישער ענטפער. דעם „אני מאמין״ זינגען מיר איצטער אין די תפילות פון יום העצמאות. ס׳איז דער אויסדרוק פון דער האָפענונג אויף מלכות שמים, פון דעם גלויבן אין אונדזער חלק אין דער וועלט, פון אונדזער באַשלוס אויסצולייזן זיך און מיט אונדז די גאַנצע וועלט.

# ווונדן פון אַ פריינד

רעדע געהאַלטן דעם 10טן סעפטעמבער 1956, אין דער ייִדישער קהילה אין בוענאָס איירעס, ביים סיום פונעם „חודש פון ייִדישן בוך".

איך האָב מורא, אַז די וואָס האָבן מיך אַזוי פריינטלעך פאָרגעשטעלט וועלן ביים סוף פון הייַנטיקן אָוונט חרטה האָבן אויף זייער גוטער מיינונג וועגן מיר, ווייל כ'האָב זיך אונטערגענומען צו באַהאַנדלען אַ שווערע טעמע און, ווי דער טיטל זאָגט, ס'איז מעגלעך אַז דער אָדער יענער וועט זיך פילן גע־טראָפן פון מיינע רייד. די טעמע מיינע איז גענומען פון משלי: „נאמנים פצעי אוהב" גינציק זענען די ווונדן פון אַ גוטן פריינד, „ונעתרות נשיקות שונא" — און צו לאַסט זענען די קושן פון אַ שונא (משלי כז׳, ו׳). אָבער זאָל מיר שלמה המלך מוחל זיין, אַפילו אין יהואשעס איבערזעצונג — אין אונדזער זינדיקער וועלט פירט זיך קאַפּויער, און די ווונדן פון אַ גוטן פריינד זענען זייער צו לאַסט, אָבער אפשר וועל איך מזל האָבן.

## די מאָטיוון פון דער רעדע

פאַרוואָס האָב איך אויף זיך גענומען אַזאַ ריזיקאַלישע אַרבעט?

ראשית, האָב איך פיינט זיך צו איבערחזרן און זאָגן דאָס וואָס ווער פון אייך האָט שוין געהערט פון מיר. איך בין געגליכן צו יענעם רב, וואָס איז געווען אַ שניידערס אַ זון און האָט זיך באַטייליקט אין אַן אסיפה פון רבנים, ווו יעדער איינציקער האָט איבערדערציילט זיין טאַטנס תורה. אַז עס האָט געהאַלטן ביי אים, האָט ער זיך אָנגערופן: „און מיין טאַטע האָט געזאָגט, אַז אַ שטיקל געניצעוועטע סחורה זאָל מען אין דער האַנט נישט נעמען".

והשנית, האָב איך שוין לאַנג געהאַט דעם באַדאַרף, צו מאַכן אַ שטיקל סך הכל וועגן אייער ישוב וואָס איז מיר טייער, און איז אונדז אַלעמען ליב, און אויף וועלכן מיר לייגן אַזעלכע גרויסע האָפענונגען. איר זייט געוווינט צו הערן שבחים, און איר האָט זיי כשר פאַרדינט, אָבער עס האָט כמעט אויפגעהערט יעדע קריטיק, און דאָס איז נישט געזונט.

אָבער פאַרוואָס גראָד איך? עס פעלן דען מענטשן אין בוענאָס איירעס,

וועלכע קענען און פאַרשטייען די לאַגע בעסער פאַר מיר? דער ענטפער איז: איך פיל אַז עס איז מיין חוב צו רעדן, ווייל איך ריזיקיר ווייניקער. איך בין נישט קיין קאַנדידאַט אויף קיין געזעלשאַפטלעכן פּאָסטן אין היגן ישוב, און קיין היזיקער קאָן מיך נישט שטערן ממשיך צו זיין מיין דיפּלאָמאַטישע און פּאָליטישע מיסיע. אַחוץ דעם זענען אפשר אַנדערע צופיל פאַרנומען. ווען איך האָב אַנומלט אין 1948 געהאַט אַ לאַנגן שמועס מיט יוסף שפּרינצאַק, וועלכער איז דאַן געווען גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער הסתדרות, און איך האָב אים געדאַנקט, וואָס ער האָט מיר געווידמעט אַזויפיל צייט, האָט ער וויציק באַמערקט: „וואָס עס פעלט אונדז אין ישראל, איז אַזעלכע ליידיקגייער ווי איך, וואָס קאָנען זיך אָפּשטעלן אין מיטן הו־האַ, און זיך פאַרטראַכטן, און רעדן מיט מענטשן, און לאָזן מענטשן זיך אַראָפּריידן פון האַרצן". ווי איר ווייסט, האָב זיך פון אָנהייב אָן אָפּגעזאָגט צו זיין אַ סתם־באַגריסער. אויב איר לאַדט מיך איין, איך זאָל צו אייך רעדן, איז מיין חוב אייך עטוואָס צו זאָגן, וועגן וואָס איר זאָלט האָבן צו טראַכטן. און נאָך עפּעס — און דערמיט פאַרענדיק איך מיין אַריינפיר — איר האָט מיך איינגעלאַדן אויף אַ יום־טוב, און אַזאַ יום־טוב דערצו, נאָך אַזאַ וויכטיקן אויפטו, צי איז דאָ דער אָרט און דאָס די צייט פאַר אַזאַ טעמע? די טענה איז אפשר אַ גערעכטע, אָבער גלויבט מיר אַז אין מיינע אויגן פאַרמינערן מיינע באַמערקונגען נישט מיט אַ האָר, נישט אייערע אויפטוען און נישט די היינטיקע יום־טובדיקייט.

## אַ פאַרלאַג־צענטער פון גוטע־ליטעראַטור

בוענאָס איירעס איז געוואָרן אַ צענטער פון יידישער פאַרלעגעריי, אפשר דער גרעסטער אין דער וועלט אויפן געביט פון דער יידישער שפּראַך. די פאַרלאַגן אין יידיש „דאָס פּוילישע יידנטום", „יידבוך", „קיום", די אויסגאַבן אין שפּאַניש „קאַנדעלאַבראַ", „ישראל", „אָסערוואַ קולטוראַל", זענען געוואַלדיקע אויפטוען. זיי שטעלן מיט זיך פאַר אַ גרויסן פאַרדינסט פאַר דעם היגן ישוב, און אין געוויסע פּרטים — ווי צ. ב. דער ביכער־מאָנומענט פון דער סעריע „דאָס פּוילישע יידנטום" — אַן אומפאַרגייאיקער היסטאָרישער אַקטיוו. אין זיך אַליין, ווי אַ ריינע פאַרלאַג־אַרבעט, איז עס נישט קיין קלענער זכות צו זיין אויף דער מאַפּע פון יידישע פאַרלאַג־שטעט נאָך פּעראַ, פּראַג, אַמסטערדאַם, ווילנע, פּיעטרקאָוו.

אָבער איך וועלכער גלויב אין דער צוקונפט פון דעם היגן ישוב און אין דער ראָל וואָס ער איז באַרופן צו שפּילן אין דעם אַלגעמיינעם יידישן לעבן, פרעג זיך אין וואָסער מאָס גרייטן די יידישע ביכער אים צו פאַר זיין צוקונפ־

טיקן מעמד, אין וואָסערער מאָס קאָן ער אין זיי געפינען די בייטיקע יניקה פאַר זיין ווקס און פאַר זיין גייסטיקן אויפבלי, און ווי ווייט שפיגלען זיי אים אָפּ, אים און זיינע באַדאַרפן?

איך קאָן זיך נישט באַרימען, אַז איך לייען אַלע ביכער וועלכע דערשיינען דאָהי, וואָרום איך וועל זאָגן — מיט אַ וואַריאַנט — ווי יענער העלד פון שלמה ביקל, אַז מען דרוקט אַזוי פיל, ווו זאָל מען נעמען צייט אויף צו לייענען? אָבער זייער טעמאַטיק איז מיר יאָ באַקאַנט. דער איבערגרעסטער טייל פון זיי האָט איין אָריענטאַציע און איין טעמע: זיי געהערן צו אונדזער געטאָ־ליטעראַטור. איך נוץ נישט חס וחלילה דאָס וואָרט „געטאָ״ אין אַ נעגאַטיוון זין. איך זאָג נאָר, אַז די ביכער גייען נישט אַרויס פון די ד׳ אמות פון דעם נאָענטן עבר אין מזרח־אייראָפּע, און איך גיב צו, אַז דער גרעסטער טייל פון די שרייבער זענען נישט קיין היגע. נישטאָ כמעט אַ בוך וואָס זאָל עפענען אַ פענצטער אין דער גרויסער וועלט אַריין, וואָס זאָל קאָנען ווערן דאָס אייגנטום פון דער גאַנצער מענטשהייט, און נישט נאָר פון איין פאָלק און פון איין דור. סיי אין די נאָוועלן און סיי אין די עסייען ווערן באַהאַנדלט ווייניק אַלגעמיינע טעמעס און עס דרוקן זיך נישט קיין איבערזעצונגען פון דער וועלט־ליטעראַטור.

כמעט פונקט אַזוי ווייניק שפיגלט זיך אָפּ אין די ספרים דאָס היגע יידישע לעבן, אַפילו נישט דאָס לעבן פון מיט עטלעכע צענדליק יאָר צוריק, וואָס איז דאָך געווען קערנדיק און אייגנאַרטיק, מיט יידישער פרייד און מיט יידישן צער. דער היסטאָריקער וועט פון אָט דער גרויסער פאַרלעגעריי נישט קאָנען דערוויסן זיך, ווי דאָס יידישע אַרגענטינע האָט אויסגעזען אין די צוואַנציקער און אין די דרייסיקער און אין די פופציקער יאָרן. אויך וועט ער אין איר געפינען נאָר אַ קנאַפּע אָפּשפּיגלונג פון דעם היגן יידישן שרייבער־עולם, פון זיינע איבערלעבענישן, פון דער וועלט אַזוי ווי ער האָט זי געזען.

פאַרוואָס אַזאַ איינזייטיקייט אין אַזאַ וויכטיקן אויפטו? מיין מיינונג איז, אַז די פאַרלאַג־אַרבעט איז נאָר איינער פון די געביטן, אין וועלכע עס קומט צום אויסדרוק די גרויסע באַשיידנקייט פון אייער ישוב, וואָס איז נישט בלויז אַ מעלה, נאָר קאָן אויך זיין אַ חסרון. אייער ישוב האָט נישט קיין צוטרוי צו זיך, ער גלויבט נישט אין זיין שעפערישקייט, אין זיין פעאיקייט זעלבסטשטענדיק צו דענקען. דעריבער לייגט ער אַריין אַזוי פיל כוח ערשטנס אין באַדינונג, צווייטנס אין ריטואַל, דריטנס אין דלד־אמותדיקייט. איך וועל זיך אָפּשטעלן אויף יעדן פונקט באַזונדער.

## באַדינונג, אַ רעזולטאַט פון ביטול־באַציאונג

דער באַגריף באַדינונג איז קלאָר. זאַמלען, איבערזעצן, קאָמענטירן, דרוקן, אַרויסגעבן, דאָס אַלץ איז באַדינונג־אַרבעט, אָפטמאָל אַ זייער וויכטיקע, און געבענטשט די הענט וועלכע פאַרנעמען זיך דערמיט. אָבער מיט אַ בעסערער מיינונג וועגן זיך אַליין און וועגן אַנדערע, וואָלט צו דער פאַרמיטלערשאַפט געקאָנט צוקומען דאָס אָריגינעלע וואָרט.

די ערשטע סיבה פון דער קנאַפּער גייסטיקער זעלבסטשטענדיקייט ליגט אין דער ביטול־באַציאונג פון איין אינטעלעקטואַל צום צווייטן. איר האָט דאָ ווערטפולע קאָפּ־מענטשן מיט קענטענישן, מיט אינהאַלט, מיט טאַלאַנט, וואָס האָבן וואָס צו זאָגן און וואָס צו שרייבן, אין יידיש און אויף שפּאַניש, אָבער זיי ווערן נישט אָנערקענט, און דעריבער פאַלן זיי אויך אַראָפּ ביי זיך. איך האָב אַמאָל, נאָך לאַנגע זוכענישן, צוזאַמענגעשטעלט אַ רשימה פון יידישע שיינגייסטער, וואָס האָבן זיך דערוואָרבן אַ נאָמען אין געוויסע קרייזן, בכדי מיט זיי אָנצוהייבן אַ געוויסע יידישע אַרבעט, אָבער די רעאַקציע אויף וועלכער איך האָב זיך בדרך כלל אָנגעשטויסן פון איינעם לגבי דעם צווייטן איז געווען ביטול. די גרינגשעצונג האָט נישט געביטן מיין אייגענע באַציאונג צו די ווערטפולע מענטשן, אָבער עס האָט זיך מיר נישט איינגעגעבן צו בייטן די באַציאונג פון אַנדערע.

דער רעזולטאַט פון דעם מאַנגל אין קעגנזייטיקער אַכטונג איז אַ מין פאַרקערטע דעמאָקראַטיע. וואָרום עס ווערן נישט אָנערקענט קיין אויטאָריטעטן, סיידן ווען אַ מנהיג איז שוין אויף יענער וועלט, לויט דעם באַרימטן כלל אחרי מות קדושים. דעמאָקראַטיע מיינט אָבער דאָס רעכט אויסצוקלייבן דאָס בעסטע, און דער חוב צו באַשטימען די בעסטע. אַ דעמאָקראַטיע, וועלכע פאַרטראָגט נישט קיין היעראַרכיע, גראָבט אונטער אירע אייגענע יסודות. דעמאָקראַטיע איז נישט ניוועלירונג: זי גיט דאָס רעכט יעדן איינציקן צו זאָגן אַ דעה, אָבער נישט אָנצופירן.

איך זאָג אייך דעריבער ווי אַ גאַסט און אַ פריינד: עפנט די אויגן, איר האָט צווישן זיך טאַלאַנטפולע מענטשן, ווילקענער און קאָמפּעטענטע, וועלכע פאַרדינען דרך־ארץ און אָנערקענונג. און צו די מענטשן אשר רוח בהם זאָג איך: וואַגט, שרעקט זיך נישט. וואָס די יידישע וועלט דערוואַרט פון אייך איז אייער אייגענע מיינונג, אייער אייגענעם געדאַנק. און מדינת ישראל וויל נישט נאָר, איר זאָלט העלפן מיט מער עליה, מיט מער עקאָנאָמישער מיט־אַרבעט, נאָר אויך מיט געדאַנקען, זי וויל וויסן וואָס איר קלערט, זי דער־

וואָרט נישט פון אייך בלויז עניוותדיקע קאָמענטאַרן און סקאַרבאָווע צו־שטימונג.

צוריקקומענדיק צום ענין פון די פאַרלאַגן, פרעג איך זיך דעריבער, צי קאָן נישט אַ טייל פון דער גרויסער און וויכטיקער אָנשטרענגונג אָפּגעווענדעט ווערן אויף היגע מחברים, אויף היגער טעמאַטיק, אויף דעם אַנטפּלעקן פון נייע טאַלאַנטן אין אַן אַטמאָספער פון קעגנזייטיקער אַכטונג און פריינטשאַפט.

## ריטואַל און אַקטאָמאַניע; הערן אַנשטאָט לערנען

און איצט אַ פּאָר ווערטער וועגן דער גרויסער ענערגיע וואָס דער ישוב אינוועסטירט אין ריטואַל.

איך געדענק, ווי אין די ערשטע וואָכן נאָך מיין אָנקומען, פלעג איך יעדן פרימאָרגן לייענען אין די יידישע צייטונגען, מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם, די מודעות וועגן די יידישע מסיבות און אסיפות וואָס קומען פאָר אין בוענאָס איירעס יעדן טאָג און יעדן אָוונט. דאָס האַרץ איז מיר ברייט געוואָרן פאַר נחת, איבער אַזאַ רייכקייט אין פאַרנעם פון יידישלעך אויסלעבן זיך און דאָס טאָג־איין, טאָג־אויס, און על פי רוב מיט יידיש לשון ווי די אומגאַנג־שפּראַך.

מיין פרייד האָט זיך אָבער פאַרמינערט, ווען איך האָב זיך אַרומגעזען וואָסאַראַ ראָל די רוטינע, דער ריטואַל, דער צערעמאָניאַל פאַרנעמט אין די טרעפענישן און צוזאַמענקומען. געווען אַ צייט, דער עיקר אין מזרח־אייראָפּע, ווען דער לייטמאָטיוו פון יידישן לעבן איז געווען לערנען. מען האָט געלערנט אַ גאַנץ לעבן, מען איז קיינמאָל נישט געווען קיין געקאָנטשעטער אין פרט פון לערנען. איך האָב דעם איינדרוק, אַז דאָהי שטייט אויפן סדר־היום נישט לערנען, נאָר הערן. דער יידישער עולם איז שטענדיק גרייט צו הערן, און שלינגט די גוטע רייד מיט אַזויפיל התמדה און אַזויפיל הנאה אַז עס ווערט וואָרעם דערפון אין אַלע אברים. אָבער ערשטנס איז ליידער נישט שטענדיק דאָ וואָס צו הערן, און צווייטנס באַשטייט אַ היפּשער טייל פון דער מסיבה פון ריינעם ריטואַל.

בוענאָס איירעס ליידט אויף אַ קראַנקייט, וועלכע איך וועל מיר דער־לויבן אָנצורופן אַקטאָמאַניע. אפשר דריק איך זיך אַזוי אויס, ווייל איך בין אַ נוגע בדבר, איך געפין זיך אונטער דעם פריינטלעכן דרוק צו רעדן אויף אַזוי פיל „אַקטן״, אַז מען גיט מיר נישט קיין צייט צו לערנען. על פי רוב זענען די פאַרזאַמלונגען געווידמעט שאַבלאָנישער פּראָפּאַגאַנדע, און הגם אויפקלערונג איז זייער אַ וויכטיקע זאַך, איז עס אָבער אַ טעות צו גלויבן, אַז

די בעסטע פּראָפּאַגאַנדע פֿאַר ציוניזם באַשטייט אין איבערחזרן געוויסע זאַצן, וואָס יעדערער קען זיי שוין אויף אויסנווייניק. אַ לעקציע איבער אַ קאַפּיטל תנ״ך, איבער אַן עפּיזאָד פֿון דער יידישער געשיכטע, איבער די מגילות וואָס זענען איצט אַנטפּלעקט געוואָרן ביים ים־המלח, איבער אַ נייעם ישראל־בוך ווי משה שמירס „מלך בשר ודם״, אַן ערנסטער און אָביעקטיווער רעפֿעראַט איבער פּאָליטישע און עקאָנאָמישע פּראָבלעמען, ווירקן אַ סך טי־פֿער און פּאָזיטיווער לטובת דעם אמתן ציוניזם.

איך באַוווּנדער אייערע עסקנים, וואָס זיי זענען מסכים אָוועקצוגעבן אַזוי פֿיל צייט פֿאַר אַזוי פֿיל רוטינערע אַקטן, בפֿרט ווען אַ היפּשער טייל דערפֿון איז אויסגעפּילט מיטן ריטואַל פֿון „האָמענאַכעס״, מיט לויב־רייד פֿאַר צופֿיל געליבטע, אין וועלכע ס׳איז נישט שטענדיק דאָ די ריכטיקע פּראָ־פּאָרץ צווישן די שבחים און דעם וואָס ווערט מיט זיי באַשאַטן. אין דער־זעלביקער צייט וואָס עס איז דאָ אַן עולם פֿאַר אַזעלכע אסיפֿות, איז די הויכשול פֿאַר יידישע לימודים, וועלכע מיר האָבן פּרובירט אויפֿשטעלן ביים מכון, דורכגעפֿאַלן, וואָרום ס׳האָט זיך פֿאַרשפּרייט די אילוזיע, אַז מען דאַרף נישט לערנען און ס׳איז גענוג צו הערן, און אַפֿילו פֿרומע יידן קאָנען אויס־קומען אָן רבנים און אָן אַ שיעור גמרא. אויך אונדזערע חלוצים זענען אָנ־געשטעקט געוואָרן מיט דעם יצר הרע פֿון די גרויסע בעגערונג־אָוונטן, און איך האָב זיי געמוזט בעטן אייינצופֿירן צניעות אין דער זעלבסט־גלאָריפֿיקאַציע. מען טאָר נישט ביליק מאַכן דעם כבוד, ווייל דער ביליקער כבוד פֿאַרטרייבט מענטשן וועלכע האָבן אַן אמתן ווערט, און זוכן אין דער אַרבעט און אינעם לעבן די יאָדער און נישט דעם שאָל.

די רוטין האָט זיך אויך אַריינגעכאַפּט אין די באַזוכן פֿון אויסלענדישע געסט אין בוענאָס איירעס, און אַזוי ווי זיי מערן זיך, קיין עין־הרע, ווערט דאָס געזעלשאַפֿטלעכע לעבן אַ קאַראַהאָד. יעדער גאַסט ווערט איינגעלאַדן אין אַלע אינסטיטוציעס, פֿאַר יעדן אייינציקן ווערט געפּראַוועט אַ באַזונדערע זיצונג, און וועגן דער רעדע פֿון יעדן אייינציקן פֿון זיי ווערט דערנאָך געשריבן מיט גרויס גאַסטפֿריינטשאַפֿט אַז זי איז אויסגעהערט געוואָרן מיט אַ פֿאַר־כאַפּטן אָטעם. אויך אין דעם פֿרט הערשט אַ פֿאַרקערטע דעמאָקראַטיע; צו־ליב דער מורא צו מאַכן אַן אונטערשייד צווישן גאַסט און גאַסט, קריגט יע־דערער אַ פֿולע מאָס כבוד, אָבער דער כבוד ווערט דעוואַלאַריזירט.

## דלד־אַמותדיקייט

מחמת דער זעלבער עניוות און אומדרייסטקייט, האָט זיך יידיש־אַר־גענטינע נאָך נישט אַרומגעזען, אַז זי איז געוואָרן אַ וויכטיקער שטח אויף

דער יידישער וועלט־מאַפּע. די יידישע צייטונגען דרוקן זיך נאָך אַלץ כמעט נאָר פֿאַר לייענער פֿון בוענאָס איירעס, און דעריבער פֿאַרנעמט אין זיי די נישט שטענדיק אָביעקטיווע לאָקאַלע כראָניק אַזאַ ברייטן אָרט. מיר דוכט, אַז ס׳איז געקומען די צייט, אַז די רעדאַקטאָרן און מיטאַרבעטער זאָלן אויך האָבן אין זינען דעם מעגלעכן לייענער אין תל־אביב, ניו־יאָרק, לאָנדאָן אָדער פּאַריז, ווי אויך דעם צוקונפטיקן לייענער אין די שפּעטערדיקע ביבליאָטעקן. איך האָב מורא, אַז אויב דער איצטיקער צוגאַנג וועט זיך נישט בייטן, וועט עס דעם קומענדיקן היסטאָריקער נישט זיין לייכט צו שרייבן אַ געשיכטע פֿון היגן ישוב אויפֿן סמך פֿון דער היגער פּרעסע. מען דאַרף האָבן דעם מוט צו וועלן שפּילן אַ וועלט־ראָלע, און זיך זאָגן אַז דאָס וואָס ווערט דאָ געדרוקט און געשריבן איז פֿאַר דער גאַנצער יידישער וועלט און אַפֿילו פֿאַר דער געשיכטע.

דער ערשטער ציוניסטישער מנהיג אין בעלגיע האָט געהייסן זשאַן פֿישער, וועמענס זון איז שפּעטער געוואָרן ישראל־אַמבאַסאַדאָר אין פֿראַנקרייך. ער פֿלעגט אויף יעדן ציוניסטישן קאָנגרעס פּאָלעמיזירן מיט חיים ווייצמאַנען און ווייצמאַן, הגם זיי זענען געווען גרויסע פֿריינט, פֿלעגט אים נישט ענטפֿערן זייער מילד. און וואָס האָט זשאַן פֿישער מיט זיך פֿאַרגעשטעלט? אַ קליין לאַנד און אַ באַשיידענעם יידישן ישוב, אָבער ער האָט נישט מוותר געווען אויף זיין רעכט און אויף זיין חוב צו זאָגן זיין אייגענע מיינונג. ער האָט געקלערט אין וועלט־קאַטעגאָריעס און האָט נישט געשפּאָרט קיין מי כדי זיין וואָרט זאָל זיין רייך און וואָגיק. בכלל האָט דער ערשטער ציוניסטישער דור געוואַלדיק געאַרבעט איבער זיך, כדי צו פֿאַרוואַנדלען ישיבה־בחורים, ראָמאַנטישע אינטעלעקטואַלן און סוחרים אין פּאָליטישע מנהיגים און קאָלאָניזאַטאָרן. פּשוטע יידן האָבן געמאַכט פֿון ציוניזם די באַוועגונג וואָס האָט געבויט אַ מלוכה און מאָביליזירט אַ פֿאָלק. דער היגער ישוב האָט אַלע נייטיקע מעלות כדי צו גיין אויף זייערע שפּורן.

פֿאַרוואָס קומען מיר מיט אַזאַ אומגעדולד צו אייער ישוב? אפֿשר איז עס צופֿיל פֿאַרלאַנגט, אפֿשר איז עס צו פֿרי? דער ענטפֿער איז, ערשטנס, ווייל איצט איז דער ריכטיקער מאָמענט: די נייע פֿרייהייט אין אַרגענטינע קאָן פֿירן דערצו, אַז אויב דער ישוב וועט נישט אויפֿנעמען אין זיך די טאַלאַנטן, וועלכע ער פֿאַרמאָגט עפֿעקטיוו אָדער אין פּאָטענץ, וועלן זיי פֿון אונדז אַוועקגיין. צווייטנס, ווייל אונדזער פֿאָלק געפֿינט זיך אין אַזאַ ריזיקן, היסטאָרישן פֿאַרמעסט, אַז ער קאָן נישט וואַרטן אויף דעם צייטיקונג־פּראָצעס, נישט קיין דריי הונדערט יאָר און נישט קיין הונדערט יאָר ווי מיט

אַנדערע יידישע צענטערס. יידיש־אַרגענטינע מוז און קאָן געפינען אין זיך די כוחות און די מעלות זיך איבערצובויען.

מיינע מסקנות פאַר אונדזער היינטיקן שמועס זענען: דרוקן אַ קאַפּעטש־קע ווייניקער, און לייענען אַ סך מער; איבערזעצן עפּעס ווייניקער און מער שרייבן אַליין; עטוואָס ווייניקער קאָמענטירן, און עפטער אַרויסזאָגן די אייגענע מיינונג; הערן אַ ביסינקע זעלטענער, אָבער לערנען אַ סך עפטער; פאַרטיילן אַן עסלעפל ווייניקער כבוד, אָבער האָבן מער דרך־ארץ איינער פאַרן צווייטן.

איצט וועט איר שוין פאַרשטיין, פאַרוואָס איך האָב אויסגעקליבן ריידן אין די עשרת ימי תשובה, ווייל וויבאַלד עס האַלט פאַר יום־כיפור, וועט איר דאָך מיר מוזן מוחל זיין, ווינטש איך אייך טאַקע, אייך און אַלע יידן און מדינת ישראל — אַ גוט און רואיק יאָר.

## שטענדיק וועסטו זיין דוד און דיין קעגנער — גלית

רעדע געהאַלטן דעם 6סטן נאָוועמבער 1956, בעת דער באַערונג פאַר דוד בן־גוריון צום זיין 70סטן געבוירנטאָג, איינגעאָרדנט דורך דעם פּאַראייניקטן קאַמפּיין אין פּאַרקע רעטיראָ, בוענאָס איירעס.

מיר האָבן זיך דאָ היינט פאַרזאַמלט אין אַ מצב רוח פון פייערלעכקייט, דורכגעדרונגען מיט אַ טיפן געפיל פון אחריות, מיט אונדזער אייגענעם טייל אחריות, אין די דאָזיקע גורל־שווערע שעהן פאַרן ישוב און פאַרן גאַנצן יידישן פאָלק.

### פייערלעך אָבער ערנסט

געוויס איז אונדזער גייסט אַ געהויבענער, ווייל אין אַכט טעג צייט האָבן מיר צעבראָכן דעם געוואַלטיקן באַוואָפנטן כוח, וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן מיטן קלאָרן ציל אונדז צו פאַרניכטן, און מיר האָבן ווידעראַמאָל איבערראַשט די וועלט מיט דער ניי־געבוירענער יידישער העלדישקייט. אָבער צו גלייכער צייט הערשט אין אונדזער האַרץ אַ טיפער טרויער, און דאָס צוליב צוויי טעמים. ערשטנס, ווייל קיין זאַך איז נישט ווייטער פון אונדזער יידישן קוק אויפן לעבן און אויף דער וועלט, ווי די אָנווענדונג פון מלחמה ווי אַ מיטל אויף צו דערגרייכן שלום, און מיר האָבן נישט געהאַט קיין אַנדער אויסוועג ווי נוצן דעם כוח פון וואָפן, כדי איבערצורייסן דעם רינג וואָס איז אַרויפגעוואָרפן געוואָרן אויף אונדזער האַלדז און האָט אונדז געדראָט צו דערשטיקן. און צווייטנס, ווייל מיר ווייסן, אַז די נצחונות האָבן געקאָסט אַ סך יונגע לעבנס, און קיינער קאָן נישט פאַרויסזאָגן, צי עס וועלן נישט קומען מער שלאַכטן וועלכע וועלן פאַרלאַנגען מער בלוט און מער פאַרלוסטן. און זאָל דאָ דערמאָנט ווערן, אַז קיינער האָט נישט גערעדט מיט מער ליבשאַפט, מיט אַ גרעסערן ווייטיק וועגן דער פאַרשניטענער יוגנט פון אונדזער ערשטער מלחמה ווי דוד בן גוריון אַליין, ווייל ער האָט זי געקענט אַזוי נאָענט און האָט געלייגט אויף איר אַזוי פיל האָפענונגען.

אונדזער שטימונג איז פייערלעך און ערנסט, ווייל אויב מיר האָבן אָפּגעשטעלט דאָס פייער צוליב דעם וואָס מיר האָבן דערגרייכט, מיט אַ בליק־

שנעלער שלאַגפערטיקייט, די צילן וועלכע מיר האָבן זיך געהאַט געשטעלט אין מצרים, קאָן אָבער קיינער נישט פאַרויסזאָגן מיט זיכערקייט, צי מיר האָבן פאַרענדיקט אַ קאַפּיטל, אָדער צי ס'איז ערשט דער אָנהייב פון אַ קאַפּיטל, צי עס וועט זיך נישט באַלד עפענען אַ נייער פראָנט, צי די שריפה וועט בלייבן לאָקאַליזירט אָדער זי וועט זיך אויסברייטערן, און צי מיר וועלן נישט ווערן אַ חלק פון אַ גרויסן וועלט־פאַרמעסט.

פייערלעך און ערנסט, ווייל אויב אַפילו מיליטעריש זאָל די מלחמה זיין אַ פאַרענדיקטע, ווייסן מיר אָבער אַז ס'וואַרט אויף אונדז אַ שווערער און ביטערער פּאָליטישער קאַמף. וואָס פאַר אַ פּאַראַדאָקס! אַט דעם יידישן פאָלק, וואָס עס האָט זיך אויסגעדוכט מיט קנאַפּע צוויי דורות צוריק, אַז עס איז אינגאַנצן אויסגעליידיקט געוואָרן פונעם גייסט פון פיזישן ווידערשטאַנד און אַז עס האָט פאַרגעסן די קונסט פון מלחמה, איז איצט לייכטער אָפּצוהאַלטן אַ נצחון אויפן שלאַכטפעלד, איידער אין דער אינטערנאַציאָנאַלער דיפּלאָמאַטישער אַרענע. וואָרום עס קומט פאַר אַ געוואַלדיקער געראַנגל צווישן די מעכטיקסטע מדינות פון מזרח און פון מערב, כדי צו געווינען די פּריינטשאַפט פון דעם גרויסן אַראַבישן וועלט־טייל, וואָס האָט באַקומען אַ נייע וויכטיקייט אין דער פּאָליטישער און עקאָנאָמישער קאָנסטעלאַציע פון אונדזער צייט.

## געקומען פּראָקלאַמירן אונדזער שותפות

צוליב די אַלע טעמים זענען מיר היינט נישט געקומען ווי צו קיין יום־טוב, נאָר כדי זיך מתייחד זיין מיט אַ געוויסער צאָל מאָמענטן. מיר פאַרייניקן זיך קודם כל מיטן אָנדענק פון אונדזערע טייערע קינדער, די זין און די טעכטער פון ישראל, וועלכע זענען געפאַלן אין אַן אַרויפגעצוווּנגענער שלאַכט, כדי צו זיכערן אַ רואיקע און בכבודיקע היים פאַר די דורות וואָס וועלן קומען; וועלכע זענען פאַרשניטן געוואָרן אויף אייביק און וועלן מער נישט קאָנען ווידמען זייער לעבן די גרויסע און פרוכטבאַרע אויפגאַבן פאַר וועלכע זיי זענען מיט גרויס ליבשאַפט דערצויגן געוואָרן.

מיר זענען אויך געקומען זיך פאַרייניקן מיט דעם העלדישן יידישן ישוב פון ישראל, העלדיש טאָגטעגלעך, אָן אויפהער זייט ס'איז געשאַפן געוואָרן אין פּאַלעסטינע די יידישע נאַציאָנאַלע היים, וועלכער האָט איבערגעטראָגן מיט אויסערגעוויינלעכן געדולד און אומגלויבלעכער עקשנות, יאָרן און מאָמענטן און טעג און נעכט פון אומרוען און אָנפאַלן, פון זאָרג און פון שווערער אַרבעט און פון נישט דערעסן צו דער זאַט, און גלייכצייטיק אָפּגעגעבן

פאַר אונדזער געמיינזאַמער זאַך דאָס טייערסטע פון זייער באַזיץ — זייער פלייש און בלוט, זייערע קינדער.

און מיר זענען געקומען זיך פאַרייניקן אין געדאַנק און אין האַרצן מיט דוד בן גוריון, נישט נאָר צוליב דעם וואָס ער איז אַלט געוואָרן זיבעציק יאָר און האָט הינטער זיך אַ לעבן פול מיט היסטאָרישע אויפטוען אינעם דינסט פון יידישן פאָלק, נאָר דער עיקר צוליב דעם, ווייל אויב אין די דאָזיקע גע־וואַלטיקע טעג, וועלכע מיר לעבן אַדורך, טראָגן מיר אין זיך דעם בטחון, אַז מיר וועלן אַרויס שטאַרקער און זיכערער פון דעם איצטיקן פאַרמעסט, איז דאָס אין אַ גרויסער מאָס דערפאַר, ווייל בן גוריון שטייט אין דער שפּיץ פון דער מדינה און דער אַרמיי און דעם פאָלק ישראל, און ווייל מיר האָבן צוטרוי צו זיין טיפער פאַרשטענדעניש פון אונדזערע פּראָבלעמען און פון די פראַ־געס פון דער איצטיקער צייט. מיר פאַרלאָזן זיך אויף זיין קלוגער געוואַגט־קייט, קלוג ווייל אויסגערעכנט, קלוג ווייל ער ווייס נישט פון קיין פחד, און ווייל מורא איז דער ערגסטער ראַטגעבער. מיר שאַצן די גרויסע מעלה פון באַשלוס־פעאיקייט, וועלכע ער פאַרמאָגט, די פעאיקייט אויסצוקלייבן די ריכ־טיקע שעה און אויסנוצן זי מיט מאַקסימאַלערווירקזאַמקייט. מיר ווייסן אַז ער אימפּראָוויזירט נישט, און אַז אויב דער באַשלוס איז געפאַלן, זענען גע־וויס אַלע מיטלען, מענטשן און מכשירים געווען פאַסיק און צוגעגרייט, כדי די דערגרייכונגען זאָלן זיין די גרעסטע און די פאַרלוסטן אַזוי קליין ווי מעגלעך.

נישט צולעצט האָבן מיר זיך דאָ היינט צוזאַמענגעקליבן, כדי צו פּראָ־קלאַמירן אונדזער שותפות מיט ישראל, מיט איר אַרמיי, מיט איר ישוב, כדי צו מאָביליזירן אַלץ וואָס מיר פאַרמאָגן אויף צו באַווייזן אַז די שותפות איז אַן אמתע, אַ גאַנצע און אַן ערלעכע.

## שיבת ציון מיינט כבוש ציון און כבוש עצמי

דער פאַקט, אַז דאָס יידישע פאָלק שטייט איינהייטלעך הינטער אַ פירער וואָס איז אַזוי געוואַגט און אומדערשראָקן אין זיין פּאָליטיק, און הינטער אַזאַ באַשלוס וואָס איז אַזוי פול מיט סכנות און פאָדערט אַזעלכע געוואַל־טיקע קרבנות פון יעדן איינציקן, אָט דער פאַקט באַווייזט וואָס פאַר אַ גרוי־סע רעוואָלוציע איז פאָרגעקומען די לעצטע יאָרן אין דער יידישער מענ־טאַליטעט. די דאָזיקע איבערקערעניש איז דער רעזולטאַט פון עטלעכע איבער־צייגונגען, מיט וועלכע מיר האָבן זיך אַדורכגעדרונגען אין די לעצטע צוויי צענדליק יאָר.

ערשטנס: „שיבת ציון“ מיינט „כבוש ציון“. אויב דו ווילסט זיך אומ־קערן קיין ציון, מוזסטו פונדאָסניי דעראָבערן ציון, איינגעמען פונדאָסניי יעדן שריט ערד, יעדן טאָל און יעדן בערגל, דעם ים און די ברעגעס פון ים און די הימלען איבער דער ערד.

צווייטנס: ס'איז נישטאָ קיין אַנדער וועג דערצו ווי דער וועג פון כבוש עצמי. דו אַליין מוזט טאָן די אַרבעט; דו אַליין מוזט זיין דער סאָלדאַט, דער מאַטראָז און דער פליער, דער אַרבעטער, דער פויער און דער פישער, דער לערער און דער פאָרשער. דו אַליין מוזט באַוואַכן דאָס לאַנד, אויספאָרשן דאָס לאַנד, אויסגראָבן אירע אוצרות און באַפרוכפּערן זי. דו און נישט קיין אַנדערער, דו און נישט קיין פרעמדער.

דריטנס: דו קאָנסט נישט טאָן די אַרבעט פון כבוש, אויב דו האָסט מורא, און דו טאָרסט נישט האָבן מורא, ווייל אַזוי לאַנג ווי עס וועלן זיין יידן אויף דער וועלט, וועלן זיי זיין ד ו ד און זייער שונא וועט זיין ג ל י ת. שטענדיק וועט דער שונא זיין צאָלרייכער, תמיד וועט ער זיין שטאַרקער. אַזוי איז געווען און אַזוי וועט זיין. דו ביזט אַ קליין פאָלק און עס וועלן שטענדיק זיין גרעסערע. און אויב דו וועסט נישט וואַגן זיך אַקעגנצושטעלן גליתן, וועסטו קיינמאָל נישט האָבן קיין היים, קיין מדינה, וועסטו קיינמאָל נישט קומען צו דער מנוחה און דער נחלה צו וועלכע דו שטרעבסט.

דוד בן גוריון איז דער מאַן, וועלכער פאַרקערפּערט די דאָזיקע גרויסע איבערקערעניש אין אונדזער מענטאַליטעט, דעם אויסדרוק פון דעם יידישן ווילן פון אונדזער דור. דאָס איז צוליב דעם וואָס, מער ווי ווער עס איז, האָט ער אויסגעטראָגן אין זיך דעם געדאַנק פון דער מדינה מיט אומבאַדינגטן רעאַליזם, מיט אכזריותדיקער קלאָרקייט, פרעגנדיק זיך געננוי און אָן אומ־וועגן, וואָס איז אַזוינס אַ מדינה, ווי דערגרייכט מען א מדינה אין דער איצ־טיקער וועלט — וועלכע איז נישט הערצלס וועלט, און נישט וויצמאַנס וועלט פון באַלפורס צייטן, מיט וועלכן כוח שטעלט מען אויף אַ מדינה, און מיט וועלכן כוח האַלט מען זי אויף. און ווייל ער האָט איינגעזען קלאָר, אַז די יידישע מדינה וועט נישט צושטאַנדקומען נישט מיט טרערן אַליין און נישט מיט שווייס אַליין, נאָר אַז מען וועט אויך מוזן אָנקומען צו בלוט און צו פייער, ווייל ער האָט זי אַזוי אויסגעטראָגן און אויסגעשוואָנגערט, איז די יידישע מדינה געוואָרן אַ זאַך פון דערווירקלעכקייט.

אָבער מיר זענען זיך דאָ נישט צוזאַמענגעקומען צו רעדן נאָר וועגן בן גוריון, נאָר אויך וועגן די פּראָבלעמען, וועלכע שטעלן זיך פאַר דעם יידישן ישוב אין אַרגענטינע און פאַר די געטרייע פאַרבינדעטע פון ציון אין דעם דאָזיקן לאַנד אין שייכות מיט די לעצטע געשעענישן. מיר מוזן פאַרענטפערן

פראַגעס, סיי די וואָס שטעלן זיך אונדז גופא און סיי די וואָס עס שטעלן אונדז אונדזערע אויפּריכטיקע פריינט.

איך ווייס גאַנץ גוט, אַז אין די ערשטע טעג נאָך דעם אַריינמאַרש קיין מצרים, זענען יידן געווען באַהערשט פון געטיילטע סענטימענטן. פון איין זייט זענען זיי געווען שטאָלץ אויף דער מדינה און אויף דער אַרמיי, וועלכע האָבן ביידע אויסגעהאַלטן סיי דעם עקזאַמען פון דער מלחמה און סיי דעם עקזאַמען פון דעם גאַנצן פּראָצעס פון קיבוץ גלויות. אין 1948 איז דער כוח פון ישראל געווען אַן איינהייטלעכער, אָבער אין 1956 האָט זיך געשטעלט די פראַגע, וואָס וועט זיין אין אַ צייט פון נסיון מיט דעם ישוב, נאָכדעם ווי ער האָט באַקומען אַזאַ צאָלרייכע עליה פון אַזויפיל פאַרשיידענע שבטים, געקומענע פון אַזויפיל וועלט־טיילן און פון אַזעלכע פאַרשיידענע יאָרהונדערטער, ווי וועלן זיי אויפטרעטן צוזאַמען, ווי וועלן זיי רעאַגירן אין אַ צייט פון נויט און פון מאַקסימאַלער אָנשטרענגונג? דער רעזולטאַט פאַרדינט דעם גרעסטן לויב, די פולסטע צופרידנקייט.

צו גלייכער צייט אָבער האָט זיך אין אַ טייל הערצער אַריינגעגנבעט אַ צווייפל. אפשר זענען מיר באַגאַנגען אַן עוולה, אפשר זענען מיר נישט גע־ווען גענוג אויסגערעכנט, אפשר האָבן מיר נישט גענוג גענומען אין באַטראַכט די מיינונג פון דער וועלט, די העכערע אינטערעסן פון דער מענטשהייט?

אויף די ספיקות וויל איך ענטפערן.

## בעסער מען זאָל זיין ברוגז איידער רחמנות האָבן

איך וויל זאָגן ערשטנס, אַז ס'איז בעסער, אַז מען פרעגט אונדז פאַר־וואָס מיר האָבן זיך יאָ געשלאָגן, איידער מ'זאָל באַדאַרפן פרעגן פאַרוואָס מ'יר האָבן זיך נישט געשלאָגן. שוין אַ צענדליק יאָר ווי עס גריזשעט אונדז די פראַגע, פאַרוואָס זענען מיליאָנען יידן אומגעקומען און האָבן זיך נישט פאַרטיידיקט. מיר זוכן צו פאַרטושן אונדזער טיפע אומרואיקייט, אָנווייזנ־דיק אויף אַ העלדישער טאַט דאָ און דאָרטן און פייערנדיק זי מ'יט פּיעטעט, אָבער טיף אין האַרצן בלייבן מיר אומבאַפרידיקט. מ'יר האָבן פון דער אויס־ראָטונג פון אונדזער פאָלק געלערנט אַ לעקציע וועלכע האָט זיך אין אונדז אַריינגעקריצט: מיר טאָרן נישט וואַרטן ביז עס ווערט צו שפּעט. מיר האָבן דעריבער צעבראָכן דעם געפּאַנצערטן כוח פון מצרים, איידער ס'איז געוואָרן צו שפּעט.

אויב געוויסע „גוטע פריינט" זענען צוליב דעם ברוגז אויף אונדז, מוזן מיר זיי זאָגן גאַנץ קלאָר: ס'איז אונדז ליבער זייער ברוגז איידער זייער רח־

מנות. מיר פאַרגינען די מצרים פון גאַנצן האַרצן דאָס רחמנות וואָס ווערט זיי איצט אַרויסגעוויזן דורך אַ געוויסן טייל פון דער וועלט. זאָלן זיי אויך פילן דעם טעם דערפון, אפשר וועלן זיי ווערן בעסער און פאַרנונפטיקער.

און צו די וועלכע פרעגן אונדז, ווו איז אַהינגעקומען אונדזער געפיל פון אחריות, ווי אַזוי מיר האָבן זיך נישט געשראָקן צו שטעלן אין געפאַר דעם שלום פון דער וועלט, זאָגן מיר, אַז פּונקט ווי מיר האָבן שוין מיט יאָרן צוריק דערקלערט, אַז מיר זענען נישט גרייט צו לאָזן שמירן מיט יידיש בלוט די רעדער פון דער וועלט־רעוואָלוציע, אַזוי זענען מיר נישט גרייט מקריב צו זיין ישראל לטובת דעם שלום פון אַנדערע פעלקער. מיר ווילן שלום אויף דער וועלט, אָבער נישט שלום אָן אונדז, נאָר שלום מיט אונדז צוזאַמען.

אויב מיר האָבן פאַרגליכן נאַסערן מיט היטלערן, איז דאָס נישט געווען קיין ליטעראַרישער איינפאַל צוליב פּראָפּאַגאַנדע־צוועקן. פּונקט אַזוי ווי היטלער האָט אויסגעטראַכט דעם יידישן שונא, כדי צו געבן דייטשלאַנד די הערשאַפט איבער דער וועלט, אַזוי האָט נאַסער געזען אין דער פאַרניכטונג פון ישראל און אין דער שנאה צו יידן דעם וועג אויף צו שטעלן מצרים אין שפּיץ פון דער אַראַבישער אימפּעריע.

מיר שרעקן זיך נישט פאַר קיין ווערטער און נישט פאַר קיין עטיקעטן און נישט פאַר קרייזן וואָס רופן זיך אַליין „פּראָגרעסיווע". מיר זענען נישט גרייט צו זען אין פראַנקרייך דעם שונא פון דער מענטשהייט, און נישט אין ראַטנפאַרבאַנד דעם רעטער פון דער מענטשהייט. צווישן אַנדערע סימנים, איז דאָ ביי אונדז אויך אַ פּרווו־שטיין וואָס רופט זיך אָן באַציאונג צו יידן, און אויך לויט זיין באַהאַנדלונג פון יידן משפּטן מיר צי אַ רעזשים איז טאַקע אַ רעזשים פון פאָרשריט און פון פרייהייט.

מיר פאַרשטייען זייער גוט דעם פאַרדראָס און די אַנטוישונג פון די וואָס האָבן אַזוי שוווער באַוואָפנט עגיפּטן, אָבער ווען זיי וואָלטן געלערנט נישט נאָר קאַרל מאַרקסן נאָר אויך די זיידעס פון קאַרל מאַרקס, וואָלטן זיי גע־ווּוּסט, אַז שוין ישעיהו האָט אָנגערופן מצרים „משענת הקנה הרצוץ", אַן אָנשפּאַר פון אַ צעבראָכענעם ראָר, וואָס אַז אַ מענטש שפּאַרט זיך אָן אויף אים, ווערט זיין האַנט דורכגעלעכערט.

צום סוף אַ שטיקל סך הכל. עס דאַרף זיין קלאָר פאַר יעדן איינציקן פון אונדז, אַז פאַר ישראל איז נישטאָ קיין וועג צוריק און אַז אויב מיר האָבן זיך אַנטשלאָסן צו נעמען די וואָפן אין די הענט, וועלן מיר זיי ערשט אַני־דערלייגן ווען מיר וועלן קומען צו אַ דויערהאַפטן און געדעכטן רעזולטאַט.

אָבער כדי דאָס צו דערגרייכן, פאָדערט זיך אַ גרויסע און פאַרצווייגטע אויפקלער־אַרבעט, דער עיקר צווישן פריינט, און פריינט רוף איך אַזעלכע,

וואָס אין אַ מאָמענט ווי דעם איצטיקן שטאָמלען זיי נישט. דער אַרגענטינער ישוב איז געענוג חשוב, גענוג אָנגעזען און האָט גענוג וואָג, כדי ער זאָל קאָנען פאַרלאַנגען פון זיינע פריינט, אַז זיי זאָלן רעדן קלאָר און דייטלעך. און אויב זיי שטאָמלען איצט, דאַרף מען זיי זאָגן, אַז זיי זענען נישט קיין פריינט. עס איז פאַר מיר נישטאָ קיין ספק, אַז מיר קאָנען געפינען אין דעם אַרגענטינער פאָלק די פולסטע פאַרשטענדעניש און די פולסטע פריינטשאַפט.

## דער משפט פון דער געשיכטע ווייס נישט פון קיין רחמים

אָבער מיט אויפקלערונג איז נישט גענוג. עס פאָדערט זיך שותפות מיט דער מדינה און מיט איר אַרמיי. עס פאָדערט זיך מענטשן פאַר ישראל, אַ סך, אומפאַרגלייכלעך מער ווי ביז איצט, ווייל ווער ווייס ווי גרויס עס וועלן זיין די באַדערפענישן וועלכע מיר וועלן דאַרפן באַפרידיקן אין אַ געגעבענעם מאָמענט, באַדערפענישן פון נאָך וואָפן, נאָך שיפן, נאָך אַוויאָנען, פון שפייז און בלוט און רפואות, און פון אַלץ וואָס אַ לאַנד דאַרף האָבן, כדי איבערצוקומען אַזאַ ערנסטן און שווערן קריזיס.

איצט איז די שעה ווען קיינער טאָר זיך אַליין נישט אָפּנאַרן, ווען יעדערער מוז זיין ערלעך מיט זיך אַליין און מוז פאַרשטיין דעם זין פון דער געשיכטע בכלל און פון דער יידישער געשיכטע בפרט. יאָרהונדערטער לאַנג האָבן מיר אין דער שמונה־עשרה געזאָגט צוויי תפילות: „ותחזינה עינינו בשובך לציון ברחמים", אונדזערע אויגן זאָלן זען, ווי דו קערסט זיך אום קיין ציון מיט רחמנות; און „ולציון עירך ברחמים תשוב" — זאָלסט זיך אומקערן מיט רחמנות אין דיין שטאָט ציון. צוויי מאָל ווערט דאָ שיבת ציון פאַרבונדן מיט רחמנות, מיט דער בקשה מיר זאָלן זיך אומקערן קיין ישראל, אָן צופיל פיין, אָן צופיל ליידן און אָן צופיל קרבנות. אָבער דאָס איז אַ תפילה וואָס קאָן נישט מקויים ווערן, וואָרום ווי שילער האָט עס ריכטיק דעפינירט: „וועלט־געשיכטע איז וועלט־געריכט". די היסטאָריע איז אַ גרויסער, געוואַלטיקער פּראָצעס, אַ גרויסער משפט צווישן פעלקער, און אונדזערע חכמים האָבן געזאָגט: „אין רחמים בדין" — ווען עס קומט צו משפט, הערשט גערעכטיקייט און נישט רחמים. און ווען ביאַליק, אין איינעם פון זיינע באַרימטע שירים, געשריבן נאָכן קישענעווער פּאָגראָם, זאָגט: „שמים, בקשו רחמים עלי, אם יש בכם אל ולאל בכם נתיב" — הימלען, בעט רחמים אויף מיר, אויב ס'איז פאַראַן אַ גאָט אין אייך און דער גאָט האָט אַ וועג, איז ביאַליק אומגערעכט, וואָרום לויט דער יידישער טראַדיציע איז גאָט נישט דער אומבאַשרענקטער הערשער איבער מידת הרחמים. ער אַליין מוז מתפלל זיין צו זיך אַליין, כדי ער זאָל קאָנען אָנווענדן רחמנות אָנשטאָט גערעכטי־

קייט. שטייט דעריבער, אויפגעשטעלט אין איצטיקן גורל־מאָמענט פון אונ־
דזער היסטאָריע, דאָס גרויסע וואָגשאָל פון דער געשיכטע. עס הייבן זיך און
עס לאָזן זיך אַראָפּ די טאָצן פון דעם וואָגשאָל. נאָר אויב מיר וועלן אָנהויפן
אויף איינער פון די טאָצן אַלץ וואָס מיר פאַרמאָגן, אונדזער גאַנצן כוח,
אונדזער גאַנצן יש, מיטן גאַנצן האַרצן, מיט דער גאַנצער נשמה, מיט דער
אַנטשלאָסנקייט צו ברענגען די גייטיקסטע קרבנות, וועט אונדזער טאָץ אַרי־
בערוועגן און מיר וועלן אַרויס די זיגער אין דעם אַנטשיידנדיקן פּראָצעס און
זיך פאַרזיכערן אויף דור דורות אַ היים פון פרידן און פון פרוכטבאַרער
שאַפונג. כן יהי רצון.

# דיפּלאָמאַטן אין קאַמף

רעדע געהאַלטן אין שפּאַניש דעם 14טן פעברואַר 1957, אין אורוגווייער אויסערן־מיניסטעריום, ביים ארון פון ישראל מיניסטער מתתיהו הינדעס ע״ה.

אין נאָמען פון דער ישראל־רעגירונג, וויל איך אויסדריקן מיין דאַנק־באַרקייט פאַר די נאָבעלע ווערטער וואָס זענען דאָ געזאָגט געוואָרן צום אָנדענק פון מתתיהו הינדעס, און וועלכע איך האָב אויסגעהערט מיט אַ געריירטקייט וואָס ווערט זיכער געטיילט פון מיין גאַנצן פאָלק.

ישראל איז אַ פאָלק אין קאַמף און אירע דיפּלאָמאַטן זענען דיפּלאָ־מאַטן אין קאַמף. נישטאָ פאַר זיי קיין גלייכגילטיקער אַמט, קיין לייכטער אַרבעט־פּלאַץ. ווו זיי זאָלן זיך נישט געפינען, באַדאַרפן זיי איבערצייגן, אויפקלערן קאָמפּליצירטע סיטואַציעס, געווינען פריינט, פאַרטיפן פריינט־שאַפט.

פאַר ישראל איז אַ דיפּלאָמאַטישע שליחות אַ מיסיע אינעם טיפסטן זין פון דעם וואָרט.

הינדעס איז געווען דער היפּוך פון דער טראַדיציאָנעלער, אגב נישט ריכטיקער, פאָרשטעלונג פון אַ דיפּלאָמאַט. ער איז געווען נישט רעזערווירט און נישט בלאַזירט. פון אינעווייניק און פון אויסנווייניק איז ער געווען איין שטיק פייער, וועמענס פלאַמען האָבן אים פאַרצערט.

ער האָט געהאַט אַ ווייטיק־טיפן געפיל פון אחריות און ווען עס האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז ער איז כמעט באַגאַנגען אַ פאַלשן שריט, האָט דאָס אויף אים געדריקט, פונקט ווי ער וואָלט געשטעלט אין סכנה דעם גאַנצן גורל פון דער אומה.

ער האָט געהאַט דאָס גליק צו פאַרנעמען זיין לעצטן פּאָסטן אין אַ לאַנד וואָס איז אים געווען טייער, ווי עס איז טייער גאַנץ ישראל, אַ לאַנד וואָס האָט געשפּילט אַ היסטאָרישע ראָל אין דער שאַפונג פון אונדזער מדינה און וואָס האָט שפּעטער נישט אויפגעהערט אונדז אַרויסצעווייזן אַ ברידערלעכע געטריישאַפט. ער איז נישט מיד געוואָרן צו שטודירן דאָס אורוגוואַיער פאָלק און זיין דראַנג צו גערעכטיקייט און צו די העכסטע פרייהייטן. ער האָט באַ־

וונדערט דאָס דאָזיקע פאָלק און זיינע פירער, ווען קיין זאַך וואָס איז מענטשלעך איז נישט פרעמד.

ער האָט געשטרעבט צו געווינען די פריינטשאַפט פון זיינע קאָלעגן, סיי ווי יחידים, ווייל ער האָט געהאַט אַ ליידנשאַפטלעכע נייגעריקייט פאַר מענטשן, און נישט ווייניקער ווי אַלס פאַרטרעטער פון זייערע לענדער, פונקט ווי ווען ער געווינט זייער פערזענלעכע פריינטשאַפט, וואָלט ער אויך געוווּנען פאַר ישראל די פריינטשאַפט פון זייערע פעלקער.

מתתיהו הינדעס איז קודם כל געווען אַ גוטער מענטש, אַן אָרנטלעכער, אומגעהייער באַשיידן, וואָס האָט זיך באַמיט צו דערפילן זיין אויפגאַבע אַזוי, אַז ער זאָל אין יעדן אויגנבליק קאָנען אָפּגעבן דערפאַר אַ דין וחשבון מיט אַ ריינעם געוויסן.

צו די אַלע וועלכע האָבן אים דערמוטיקט מיט זייער פאַרשטענדעניש און וואָס האָבן אים געהאָלפן מיט זייער מענטשלעכער סימפּאַטיע, דעם אור־רוגוואַיער פאָלק, זיין רעגירונג, זיינע קאָלעגן — אַ דאַנק פון אונדזער גאַנצן האַרצן.

מעג מתתיהו הינדעס געפינען דעם אייביקן שלום אין דער ערד, פאַר וועלכער ער האָט געזוכט צו דערגרייכן אַ דויערהאַפטיקן שלום.

# יידיש אַרגענטינע דאַרף לערער און לערנער

רעדע געהאַלטן דעם 16טן מערץ 1957, אויף דער דערע־פענונג פון חינוך־קאָנגרעס.

איך בין געקומען צו דער היינטיקער פאַרזאַמלונג אין אַ יום־טובדיקער שטימונג, נישט געקוקט אויף דער באַנגקייט אין האַרצן צוליב די לעצטע ידיעות, און הגם ס׳איז זייער שווער זיך אָפּצורייסן פון אונדזערע פּאָליטישע פּראָבלעמען. אָבער מיר צווייפלען נישט אַז די רעגירונג פון ישראל וועט מיט דער זעלביקער חכמה, און דאָס פאָלק ישראל וועט מיט דער זעלביקער גבורה איבערקומען אויך די נייע שוועריקייטן ביז מיר וועלן דערגרייכן אל המנוחה ואל הנחלה.

## פאַרקלענערן די גייסטיקע דיסטאַנץ צווישן גלות און ישראל

מיין שטימונג איז אַ יום־טובדיקע, ווייל דער דאָזיקער כינוס זאָגט עדות וועגן דער רייפקייט פון דעם אַרגענטינער יידישן ישוב; ער באַווייזט ווי טיף און ערנסט עס איז די זאָרג מיט וועלכער ער איז אדורכגעדרונגען לגבי דער יוגנט, לגבי דער דערציאונג פון דעם צוקונפטיקן דור. איך קען ווייניק אַזעלכע קהילות ווי די קהילה פון בוענאָס איירעס, ווייניק אַזעלכע אָרגאַני־זאַציעס צווישן די, וועלכע שטרעבן אַרומצונעמען אין איין ראַם אַלע פאָרמען פון אָרגאַניזירטן יידישן לעבן, וואָס זאָלן זיך האָבן באַלאַסטעט מיט התחייבותן פון אַזאַ מאָס און אַזאַ פאָרנעם אין ענינים פון חינוך.

איך קום צו דעם כינוס מיט אַ באַזונדערן נחת־רוח ווי דער פאָרשטייער פון מדינת ישראל, ווייל ווי איך האָב שוין געזאָגט ביי מער ווי איין גע־לעגנהייט: עס איז פון גרויס וויכטיקייט, אַז דער גלות זאָל אָניאָגן ישראל אינעם פּרט פון באַלערנטקייט. דער גרעסטער נס אפשר פון די אַלע ניסים וועלכע זענען פאָרגעקומען אין און מיט ישראל, איז דער געוואַלטיקער קול־טורעלער רענעסאַנס, די געוואַלטיקע יידישע און אַלגעמיינע לומדות, די אינטימקייט פון דעם נייעם דור מיט אונדזער גאַנצן עבר און מיט די גייס־טיקע אוצרות פון עבר. דער גלות מוז אָניאָגן דעם דאָזיקן שטאַנד און גראַד פון קענטעניש, אַז נישט וועט, צוזאַמען מיט דער סענטימענטאַלער און

פאַקטישער דערנענטערונג, טיפער װערן די גײַסטיקע דיסטאַנץ צװישן גלות און ישראל. דאָס טאָרן מיר נישט דערלאָזן.

## אַ גרױסער אינספּירירטער און אינספּיראַטאָר

און יום־טובדיק פיל איך זיך אױך, װײַל איך האָב דאָ הײַנט די מעג־לעכקײט אָפּצוצאָלן אַ טײל פון מײַן פּערזענלעכן חוב פון דאַנקבאַרקײט אונדזער אַלעמענס טײַערן גאַסט ר' זלמן שז"ר, מײַן אָנערקענונג פאַר די דערהױבענע מאָמענטן װאָס איך בין אים שולדיק, פאַר די איבערקערענישן, װעלכע ער האָט אַרױסגערופן אין מיר, װי אין אומצאָליקע ײדישע מענטשן. ער איז אײנער פון די גרױסע אינספּירירטע און אינספּיראַטאָרן פון אונדזער צײַט. אײנער פון די אינספּירירטע, װײַל ער נעמ'ט אין זיך אױף אַלצדינג װאָס איז ײדיש, די צרות און די פרײדן, די זאָרגן און די טרײסטן. און װען ער רעדט, רעדט ער װי אַן אמתער שליח־ציבור, װײַל אין זײַנע רײד זאַמלט ער און קאָנצענטרירט די חלומות און די שטרעבונגען, די רעװואָלטן און דעם װילן פון אונדזער פאָלק. ער איז אַ גרױסער אינספּיראַטאָר, ער טראָגט אונדז על כנפי נשרים, אױף אָדלער־פליגלען. איך געדענק נישט קײן אײנציקע פון זײַנע רעדעס, װאָס זאָל מיך װען עס איז נישט האָבן באַװעגט און גערירט. ער קאָן נישט לאָזן אומבאַקימערט, װײַל ער אַלײן איז אײנער פון די אָמ־װײניקסטן גלײַכגילטיקע מענטשן װעלכע איך קען.

איך װײס נישט צי שז"ר דערמאָנט זיך, װי ער האָט מיר אַמאָל געזאָגט אַז ײדן האָבן אײגנטלעך נישט קײן פאַרשטענדעניש פאַר זײַן סאָרט עלאָק־װענץ, דאָס הײסט, לױט מײַן אױסטײַטש, פאַר יענעם אַרט רעדן, װאָס איז װי אַ קװאַל און װי אַ שטראָם. ײדן, האָט ער מיר דערקלערט, האַלטן מער פון אַ רעדנער װאָס שטאַמלט, װאָס פאַרהיקעװעט זיך, װאָס װערט נישט געטראָגן פון ז'עם גרױסן פאַטאָס, װעלכער צײכנט אים אױס. איך װײס נישט צי ער בענקט נאָך, װי עס האָט זיך מיר דעמאָלט אױסגעדוכט, נאָך כבד־פּה'איקײט, אָבער איך װיל אים זאָגן, אַז איך און טױזנטער װי איך, זענען אים פון האַרצן געװען דאַנקבאַר און געבליבן דאַנקבאַר פאַר דעם אופן װי ער רעדט, מיט שטורעם און מ'יט פײַער.

און אַ לעצטע באַמערקונג: שז"ר איז אײנער פון די גאַנצסטע מענטשן פון אונדזער רענעסאַנס, רעװאָלוציאָנער, פּראַזאַיקער און דיכטער, אַ דענקער אַ תלמיד חכם, און אַ דערציער. זאָל ער זײַן מיט אונדז, מיט ישראל און מיט כלל ישראל, אױף לאַנגע יאָר.

לאָזט מיר איצט זאָגן אַ פּאָר װערטער צום סדר היום פון צוזאַמענפאָר. איך בין זיך מודה, אַז איך בין אַביסל באַזאָרגט װעגן דער גרױסער פּראָגראַם

וואָס דער כינוס האָט אויף זיך גענומען, און וואָס מער עס זענען דערשינען אַרטיקלען וועגן דעם, אַלץ מער איז אין מיר געוואַקסן די זאָרג. וואָס מער כ׳האָב געזען, וויפל פּראָבלעמען דער קאָנגרעס קלערט צו באַהאַנדלען, אַלץ מער האָב איך זיך געפרעגט וואָס וועט דער קאָנגרעס קאָנען דערגרייכן. איך האָב נישט קיין רעכט אַריינצוטראָגן פאָרשלאָגן צו דער טאָג־אָרדענונג, אָבער וואָלט איך געהאַט די דעה, וואָלט איך זיך קאָנצענטרירט אויף צוויי טעמעס, וואָס אייגנטלעך זענען זיי איין און איינציקע.

וואָס פעלט אין איצטיקן מאָמענט אין דער יידישער אַרגענטינער פונעם שטאַנדפּונקט פון חינוך? ע ס פ ע ל ן ל ע ר ע ר א ו ן ל ע ר נ ע ר, לערנער וואָס זאָלן ווערן לערער, און לערער וואָס זאָלן זיין לערנער.

## נישט צענדליקער טויזנטער שטאַמלער, נאָר אַ פּאָר טויזנט ווילערנער און ווילקענער

ווי לאַנג נאָך וועט דער יידישער חינוך אין אַרגענטינע קאָנען לעבן פון אימפּאָרט? ס׳איז אַ גרויסע זאַך, וואָס ישראל קאָן אייך שיקן אַזעלכע ווונ־דערבאַרע דערציער ווי די וועלכע זי האָט אייך אויסגעבאָרגט. אָבער צי מעגן מיר זיך באמת איינרעדן, אַז אויף דעם וועג וועט אַרגענטינע קאָנען לייזן איר פּראָבלעם פון גייסטיקע נאָכפאָלגער? אַלע ווייסן מיר, אַז די רעזערוון, די גאָר נישקשהדיקע רעזערוון, פון אַרטיקע יידישע תלמידי חכמים שעפּן זיך לאַנגזאַם אויס. איך האָב געהאַט די זכיה צו זען מיט אַ פּאָר חדשים צוריק, אין דער קאָלאָניע כענעראַל ראָקאַ, דעם אַלטן, דוכט זיך כמעט ניינציק יעריקן, ר׳ יצחק משה לאָסעוו, וועלכער לאָזט נישט אָפּ די קינדער פון דער קאָלאָניע און לערנט מיט זיי תורה און האָט מיר פאַרשאַפט דעם נחת־רוח זיי צו פאַר־הערן. אָבער ווי לאַנג נאָך וועלן מיר קאָנען שעפּן פון אַזעלכע קוואַלן און וויפל זענען פאַראַן אַזעלכע ווי ער?

איך פרעג זיך דעריבער, צי דער פּראָבלעם, וואָס שטייט אין דער איצ־טיקער שעה פאַר דער דאָזיקער אסיפה איז טאַקע, אַז עס זאָל זיך נישט געפינען אין אַרגענטינע קיין איינציק יידיש קינד וואָס זאָל נישט קריגן קיין יידישן לימוד. אוודאי רעדט אַזאַ הויכער ציל זייער און זייער צום האַרצן. אָבער דאָס באַלדיקע, דאָס ברענענדיקע פּראָבלעם פונעם יידישן חינוך אין אַרגענטינע איז דאָס פּראָבלעם פון צבת בצבת עשוייה, פון דער ערשטער צוואַנג, וואָרום אַזוי ווי אַ צוואַנג קאָן נאָר געשמידט ווערן מיט דער הילף פון אַן אַנדער צוואַנג, איז די ערשטע צוואַנג, לויט אַ מאמר חז״ל, באַשאַפן געוואָרן ערב שבת בין השמשות. אָט דאָס איז, דוכט זיך מיר, די באַלדיקע

פראַגע. ווער וועט אונדז געבן אַט די דאָזיקע ערשטע צוואַנג, ווי אַזוי בילדן מיר אויס געגנוג ווילקערנער און ווילקענער אויף אָפּצוהיטן און צו פאַרשפרייטן אונדזערע קענטעניש און ווערטן, און צו פאַרזיכערן אַז אונדזערע בנים און בני־בנים זאָלן אויך זיין אונדזערע גייסטיקע יורשים? ווי אַזוי דערגרייכן מיר נישט צענדליקער טויזנטער עברי־שטאַמלער און מיט־יידישאַנגעכאַפּטע, אָדער אין בעסטן פאַל האַלב־ווייסער און פערטל־געקאַנטשעטע, נאָר לכל הפחות אַ פּאָר טויזנט לומדים און בר־סמכא׳ס, וואָס קענען גוט, וואָס ווייסן גוט, און וועלן דעריבער קאָנען אָנצינדן דעם גאַנצן ישוב מיט זייער אייגענעם פייער? ווען מיר מאַכן אין דעם זין אַ פינף־יאָר־פּלאַן, וואָלט איך אים אָנגערופן חומש הצבת, דער פינף־יאָר־פּלאַן פון דער ערשטער צוואַנג.

דער קאָנגרעס דאַרף זיך שטעלן, דוכט מיר, צוויי קלאָרע פראַגעס און געבן אויף זיי אַן אומצווייידייטיקן, מוטיקן ענטפער.

ערשטנס: צי איז מעגלעך, אין דער זעלביקער צייט; פאַר דעם ועד הקהילות און פאַר די פאַרשיידענע קהילות אין אַרגענטינע, צי איז מעגלעך, זאָג איך, סיי צו פאַרגרעסערן אָן אַ שיעור די צאָל תלמידים און סיי צו פאַרטיפן זייערע קענטענישן? צי זענען זיי ביכולת אונטערצונעמען ביידע זאַכן מיט־אַמאָל? און אויב זיי קאָנען דאָס נישט באַווייזן, אויב זיי מוזן אויסקלייבן, איז די שאלה: וואָס איז בילכער היינטיקס יאָר און דאָס קומענדיקע יאָר? ס׳איז די אַלטע קשיה פון איכות און כמות, פון קוואַליטעט און קוואַנטיטעט. איך וואָלט אויסגעקליבן — קוואַליטעט.

## שווערער מאַכן דאָס אַריינקומען אין יידישע שולעס

איך וואָלט נישט לייכטער געמאַכט דאָס אַריינקומען אין יידישע שולעס, איך וואָלט עס שווערער געמאַכט, אָדער איך וואָלט אַמווייניקסטן געעפנט דאָ און דאָרטן אַ קלאַס, אין וועלכן איך וואָלט אַריינגענומען נאָר אויסגעצייכנטע תלמידים, אַזוי אַז עס זאָל זיין אַ כבוד צו לערנען אין אַט דעם קלאַס, און אַז דער לערער און די שילער זאָלן נישט ווערן פאַרהאַלטן אין זייער גאַנג פאָרויס דורך נאָכשלעפּער און נאָכשטאַמלער. אויף דעם וועג, וואָלטן מיר געהויבן די גאַנצע חשיבות פון יידישן חינוך דאָהי. איך בין זיכער, אַז די שטרענגקייט אין אַריינעמען תלמידים וואָלט זיך אויך פראַקטיש אַרויסגעוויזן פאַר אַ גוטער טאַקטיק. דאָס וואָס איז שווערער ציט צו, פאַר דעם וואָס איז לייכט איז פאַראַן גרינגשעצונג.

איר ווייסט דאָך, אַז איך האָב באַזוכט אַ היפּש ביסל קלאַסן. איך האָב

געהאט הנאה פון די דערגרייכטע קענטעניש. אָבער נאָך אָפּטער האָב איך געמוזט פעסטשטעלן, אַז ביז צו קענען באמת, איז נאָך דאָ אַ ווייטער מרחק.

נו, איך פאַרלאַנג נישט צופיל. גלויבט מיר, אַז איך פאָדער נישט אַז די תלמידים פון אונדזערע יידישן שולן זאָלן פאַרשטיין אַלע פּרטים פון דער מעשה מרכבה. איך זאָג דאָס ווייל מען דערציילט, אַז אַמאָל האָט אַן אַלט־טיטשקער מלמד, דעם ערשטן טאָג שבועות, געקראָגן מפטיר, און דעם ערשטן טאָג שבועות באַשטייט די הפטורה פון דעם ערשטן קאַפּיטל יחזקאל, ווו דער נביא באַשרייבט די רעדער און רייטוועגענער און די חיות און דאָס פייער וואָס ער האָט געזען אין די הימלען. האָט זיך דער אַלטיטשקער ביים לייענען אָט די הפטורה פונאַנדערגעוויינט. פרעגט מען אים: „סטייטש? וואָס וויינס־טו? און נאָך אום שבועות דערצו?” האָט ער געענטפערט: „ווי זאָל איך נישט וויינען, אַז שוין כמעט פופציק יאָר ווי איך בין אַ מלמד און איך הייב נישט אָן צו פאַרשטיין קיין וואָרט פון דעם וואָס איך זאָג”. ניין, איך האָב נישט קיין טענה צו אונדזערע קינדער, אַז זיי קענען נישט די מעשה מרכבה, אָבער איך פאַרלאַנג יאָ, אַז אַ טייל פון זיי זאָלן האָבן אַ סך גרעסערן און שווערערן באַגאַזש פון לימודים. דערצו איז נייטיק, אַז מען זאָל זיך אַ געוויסע צייט, לכל הפחות אין אַ טייל קלאַסן, באַשרענקען אויף יענע קינדער, וואָס ווילן ווידמען די נייטיקע צייט כדי צו זיין ווילקענער, וואָס זייערע עלטערן ווילן, אַז זייערע קינדער זאָלן לערנען די נייטיקע צאָל שעהן, מיט דער געהעריקער התמדה און דער געהעריקער באַציאונג פון דרך ארץ, כדי זיי זאָלן קענען און קענען גוט. איך האָב אין זין אַזאַ מין וויסן ווי ביי די קינדער פון דעם סעמינאַר אין מאָזעסוויל, וועלכע איך האָב געהאַט דאָס פאַרגעניגן צו פאַר־הערן.

און זאָלן מיר מוחל זיין די פריינט, וועלכע האָבן פּרובירט ווידעראַמאָל אויפצוהייבן די דעבאַטע וועגן יידיש און העברעיש. איך ווייס נישט פון קיין איינציקן פאַרטרעטער פון דער מדינה, וואָס זאָל פאַר מיין צייט האָבן גע־זאָגט אַ וואָרט פון גרינגשעצונג לגבי יידיש, וועלכער זאָל נישט האָבן אונ־טערגעשטראָכן די וויכטיקייט פון יידיש, אָבער ווען מען זעט זיך אַרום אַז די שעהן זענען געציילטע, ווען אַלץ איז אַזוי לייכט פאַר דעם תלמיד, ווען זיין טאַטע־מאַמע טוען אַ טובה דעם יידישן פאָלק וואָס ער באַזוכט בכלל די יידי־שע שול, ווען מען צפּיעשטשעט אים און מען גיט אים לימודים אויפן שפּיץ גאָפל, און מען לעבט אין איין אימה, טאָמער באַלאָדט מען אים מיט צופיל אַרבעט, דעמאָלט שטעלט זיך די פראַגע וואָס אַזוינס זאָל ער לערנען, כדי ער זאָל קענען, דעמאָלט הייבט זיך אָן אַ וויכוח מכוח דעם וואָס יאָ לערנען און וואָס נישט לערנען. דעריבער זאָג איך, אַז מיר מוזן זיך קודם כל קאָנ־

צענטרירן אויף האָבן אַ פּאָר טויזנט תלמידים מתמידים, לערנער, וווילער־נער, תלמידים וואָס זאָלן קענען.

## וואָס איז ביליכער, מער לערער אָדער מער שול־בנינים?

והשנית, נייטיקן מיר זיך אין לערער. און דאָ פרעג איך די צווייטע פראַגע: צי איז מעגלעך אין דער זעלביקער צייט, פאַרן ועד הקהילות און פאַר די פאַרשיידענע קהילות אין אַרגענטינע, סיי צו פאַרגרעסערן די צאָל לערער און זייער קוואַליטעט, און סיי צו פאַרמערן די צאָל שול־בנינים? און אויב נישט, וואָס איז ביליכער? דאָס איז אַ בודזשעט־פראַגע, אָבער אויך אַ פראַגע פון באַציאונג. עס גייט אין דעם נישט נאָר אַז דער לערער זאָל קריגן אַ בכבודיקן געהאַלט, נאָר אויך, אַז יידישע לערעריי זאָל ווערן אַ בכבודיקע פרנסה, כדי דער לערער זאָל וועלן בלייבן אַ לערער. איך קען אַ צאָל יונגע לערער, איך האָב זיך מיט עטלעכע פון זיי באַקענט אין דער פּראָווינץ, און איך בין אינגאַנצן מסכים אַז זיי געהערן צו די אומבאַקאַנטע העלדן פון דעם דאָזיקן ישוב. מיר מוזן זיי זיכערן אַ געהעריקן מאַטעריעלן קיום און אַ בכבודיקן שטאַנד צווישן דער יידישער באַפעלקערונג, ווייל זיי זענען איר רוקנביין. און מיר מוזן זיי דערמעגלעכן צו פאַרענדיקן און ווערן בר־סמכא׳ס.

ווי לאַנג נאָך, גלויבט איר, וועט די מדרשה קאָנען טאָן איר איצטיקע ספּעציפישע אַרבעט מיט תלמידים וועלכע דאַרפן, ערשטנס אַ האַלבן טאָג אַרבעטן ווי לערער אָדער אָנגעשטעלטע, כדי זיך צו קאָנען אויסהאַלטן, צווייטנס צושטודירן אין אוניווערזיטעט, ווייל זיי ווילן נישט בלייבן קיין לערער, און אַ חוץ דעם, דריטנס, נאָך זיין צוהערער אין דער מדרשה? אויב דער ישוב פאַרמאָגט נישט גענוג מיטלען, אויף צו סובסידירן מיט אַ ברייטער האַנט די, וועלכע דאַרפן שפּעטער ווערן די לערער פון זיינע קינדער, אויף צו באַפרייען זיי פון עול פרנסה ביז זיי וועלן פאַרענדיקן זייערע לימודים, אויב ס׳איז נישטאָ קיין בודזשעט, סיי אויף סטיפּענדיעס פאַר לערער, סעמינאַריסטן און מדרשיסטן, און סיי אויף נייע שול־בנינים, זאָל זיך דער ביגוס שטעלן די פראַגע, וואָס איז ביליכער אין איצטיקן מאָמענט?

איך האָב חס וחלילה גאָרנישט קעגן די זייער פיינע שול־בנינים, וועלכע מערן זיך אין אַרגענטינע, איך קום מיט פאַרגעניגן, אויב איך האָב צייט, צו די פאַרשיידענע חנוכות־הבית. מיר טאָרן זיך אָבער נישט איבערגעבן דער אילוזיע, אַז מיט שטיינער וועלן מיר לייזן די פּראָבלעמען פון יידישער דערציאונג. איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן ווי איך האָב אַמאָל געהערט ביאַליקן טייטשן דעם פּסוק „מה נורא המקום הזה : אין זה כי אם בית אלהים!" — ווי שרעקלעך איז דער דאָזיקער אָרט : וואַרשיינלעך איז דאָס

אַמאָל געווען דאָס הויז פון גאָט״. ער האָט אַזוי געטייטשט, אין די יאָרן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווייל ער איז אדורכגעפאָרן שטעט און שטעטלעך אין אייראָפּע און האָט געזען ווי פּרעכטיקע בתי כנסיות און אינסטיטוציעס אויפגעבויטע דורך יידעס און טאַטעס פוסטעווען, ווי קינדער זענען אַוועק פון יידישקייט און געבליבן זענען נאָר די ציגל און די שטיינער. אויך מיר איז שוין אויסגעקומען צו זאָגן „מה נורא המקום הזה״, זעענדיק אין אָט דעם יונגן ישוב יידישע קהלשע בנינים, וועלכע שטייען ליידיק. איך האָב שוין דערמאָנט ביי אַן אַנדער געלעגנהייט, אַז לויט אונדזערע חכמים זענען פאַראַן אַכט און פערציק וועגן אויף אייננצוקויפן תורה, אַכט און פערציק מידות כדי צו דערגרייכן צו קענטעניש, אָבער קיין איינע פון די אויסגערעכנטע מעטאָדן רעדט נישט וועגן באַקוועמלעכקייט און שיינע געביידעס.

## ווייניקער שלום בית און מער קנאת סופרים

אַ לעצטע באַמערקונג. שוין כמעט דריי און אַ האַלב יאָר ווי איך באַמי זיך דאָ אויפצוּוועקן קנאת סופרים און עס גיט זיך מיר נישט איין. קנאת סופרים מיינט נישט קנאה צווישן שרייבער, דאָס איז גראָד יאָ פאַראַן: עס מיינט, לויט דער גמרא, קנאה צווישן לערער פון די קינדער — צווישן מלמדי תינוקות.

ווען איך בין אַהער געקומען, און האָב איינגעפירט געוויסע מנהגים, און האָב למשל איבערגעגעבן אַז חנוכה וואָלטן מיין פרוי און איך געוואָלט אויפנעמען אין דער אַמבאַסאַדע יענע תלמידים פון די יידישע שולן וועלכע האָבן זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט, האָט זיך אָנגעהויבן אַ געראַנגל. די עסקנים האָבן געטענהט אַז ס׳איז נישט מאָדערן, נישט פּעדאַגאָגיש. קינדער דאַרפן לערנען לשמה, און נישט כדי צו זיין די בעסטע. מילא, האָב איך זיך איינגע־עקשנט, געטענהט אַז אַביסל כבוד און אַ שטיקל קאָמפּעטיציע שאַדט נישט צום לערנען, נאָר פאַרקערט. מיט גרויסע שוועריקייטן האָב איך אויסגעפּועלט אַז חנוכה, און שפּעטער אויך הושענה רבה, זאָלן קומען אין דער אַמבאַסאַדע די פופציק בעסטע תלמידים. אָבער זאָל עס בלייבן צווישן אונדז: איך בין קיינמאָל נישט זיכער, צי מיר האָבן טאַקע אויפגענומען די פופציק בעסטע. מכוח אַ רעדע וואָס איך האָב דאָ אַמאָל געהאַלטן אין דעם זעלביקן זאַל, האָט יעקב באַטאַשאַנסקי געשריבן, אַז מיינע פאָרשלאָגן זענען טאַקע גוטע, אָבער ווען מען נעמט זיי אָן, וואָלט געווען ווייניקער שלום בית אין בוענאָס איירעס. בין איך זיך מודה, אַז אין הלכה לערנען וואָלט איך געוואָלט אַביסל ווייני־קער שלום בית און מער קנאת סופרים.

ס׳איז דאָ אַ סיפור המעשה וואָס רופט זיך אָן „דגל ירושלים״. אין דער

אַמבאַסאַדע שטייט אין דעם גרויסן האָל אַ פאָן, וואָס איז אַהער צוגעשיקט געוואָרן דורך דעם הויפּט־ביוראָ פון קרן קימת אין ירושלים און וואָס דאַרף איבערגעגעבן ווערן דער בעסטער שול. האָב איך אויסגעטייטשט אַז „בעסטע" מיינט נישט בלויז ווו ס׳איז געזאַמלט געוואָרן די גרעסטע סומע פאַרן נאַציאָנאַל־פאָנד, נאָר אויך ווו די תלמידים האָבן איבערגעזאָגט די אַנדערע אין זייערע לימודים. איך האָב דעריבער פאָרגעלייגט אַ קאָנקורס צווישן די שולן; איך שטרעב דערצו, האָב איך געזאָגט, אַז אין דער יידישער בוענאָס איירעס זאָל זיין אַ שול וואָס זאָל זיך קאָנען אויסבאַרימען, אַז ביי איר לערנט מען בעסער, און זאָל דאָס קאָנען באַווייזן מיט פאַקטן, און אַז עס זאָלן זיין יידישע קינדער, וועגן וועלכע מען זאָל וויסן, אַז זיי זענען גוטע לערנער, מתמידים, עילויים, עס שאַדט נישט, שפּעטער, ווען עס וועלן זיין אַ סך גוטע לערנער, ווען מיר וועלן האָבן געווג תורה און חכמה, וועלן מיר פאָלגן די מאָדערנע פּעדאַגאָגן און אָפּשאַפן די פאַרמעסטונגען. שטייט זיך דער דגל ירושלים אין דער אַמבאַסאַדע און וואַרט אויף בעלנים — ווייל די שולעס ווילן שלום בית און ווייל די שול־עסקנים ווילן קיינעם נישט פאַרשעמען. איך וואָלט דעריבער געבעטן, אַז אויב עס בלייבט אייך איבער אַביסל צייט, זאָלט איר, צווישן אַנדערע באַטראַכטונגען, געבן אַ קלער וועגן דעם, אַז קנאת סופרים איז, לויט אונדזערע חכמים, אַ פיינע, אַנשטענדיקע און גוטע זאַך.

און צום סוף: מיינע פריינטלעכע באַמערקונגען נעמען נאַטירלעך גאָר נישט אַוועק פון דעם ווערט פון דער געוואַלטיקער אַרבעט וואָס דאָס יידישע אַרגענטינע לייגט אַריין מיט אַזוי פיל האַרץ און נשמה אין דעם געביט פון חינוך. איך קאָנסטאַטיר מיט פרייד, אַז דער דאָזיקער ישוב דרינגט זיך אַלץ טיפער אדורך מיט דער איבערצייגונג, אַז ער איז באַרופן צו שפּילן אַן אחריותפולע ראָל אין דעם יידישן פאָלק פון אונדזער תקופה, און אַז ער פאַרשטייט אָנצווענדן אויף זיך דעם פסוק, וואָס איז היינט געלייענט געוואָרן אין די בתי כנסיות: „לעת כזאת הגעת למלכות" — פאַר אַזאַ צייט ווי די האָסטו דערגרייכט די מלוכה. דאָס יידישע אַרגענטינע איז געבענטשט געוואָרן מיט איר איצטיקער באַקוועמלעכקייט און מיט איר איצטיקער שפּעדיקייט, כדי צו פאַרנעמען אַ גורלדיקן אָרט אין אונדזער רענעסאַנס.

# די הגדה רופט אונדז צו אַ העלדיש לעבן

רעדע געהאַלטן דעם 20סטן אַפּריל 1957, אויפן דריטן סדר פון פּועלי־ציון־התאחדות.

וואָס פאַר אַ כוח האָט אונדז דאָ פאַרזאַמלט היינט אָוונט, כדי צו פייערן, מיט אַן אַלטנייעם צערעמאָניאַל, אַ געשעעניש וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט מיט איבער דריי טויזנט יאָר צוריק? וואָס באַוועגט אונדזער טרייקייט צו אַן אַלטן, אָפּטמאָל דוכט זיך פאַרעלטערטן ריטואַל, און צום זכרון פון אַזאַ לעגענדאַרישער פּאַסירונג, אונדז וואָס מיר זענען דאָך כולנו חכמים וכולנו נבונים, מענטשן אויסגעניכטערטע צוליב דעם כסדרדיקן גראַנגל מיט דער ביטערערווירקלעכקייט, אונדז וועמענס טויזנט־יאָריקע געשיכטע איז פול מיט דראַמע און מיט דראַמאַטישע ווענדפּונקטן? וואָס אַזוינס האָט געבראַכט דערצו, אַז מיר זאָלן פייערן פּסח, ווי דעם חג החירות, ווי דעם יום־טוב פון פרייהייט, איינמאָל פאַר אַלעמאָל אויסדערוויילט, צוליב יענער אוראַל־טער פאָרקומעניש, מיר, וועלכע האָבן זייט דאַן די פרייהייט אַזוי אָפט פאַרלוירן? און אַז עס זאָל קיינעם חס וחלילה אַפילו נישט איינפאַלן, אַז דער יום העצמאות, דער יום־טוב פון דער נייער זעלבסטשטענדיקייט, קאָן פאַר־נעמען דעם אָרט פון דעם טראַדיציאָנעלן חג החירות?

## פאַרבינדן דעם נעכטן מיטן היינט

געוויס איז דער דאָזיקער קאָנסערוואַטיזם אונדזערער פאַרבונדן מיט דער טענדענץ פון יידישן גייסט צו לעבן צוזאַמען מיטן עבר, אַפילו מיטן לאַנג פאַרגאַנגענעם עבר, אַזוי ווי ער וואָלט געווען אַ טייל פון אונדזער היינט, מיט דער יידישער טענדענץ צוריקצוגרייפן אין דער פאַרגאַנגענהייט אַזוי ווייט ווי מעגלעך. מיר זעען זיך אַזוי פאַרבונדן מיטן סאַמע קיום פון דער וועלט, אַז דאָס גרויסע בוך פון אונדזער געשיכטע הייבט זיך אָן מיט סאַמע „בראשית“, מיט דער סאַמע שאַפונג פון דער וועלט. ניין, מיר באַגנו־גענען זיך נישט מיטן היינט און אַפילו נישט מיטן נעכטן. בעת עס איז נישט באַוווסט נישט אין ענגלאַנד און נישט אין פראַנקרייך און נישט אין אַנדערע עלטערע פעלקער (די יונגערע נאַציעס ווייסן יאָ) ווען עס איז אַנטשטאַנען אַן

ענגליש פאָלק און ווען עס איז אַנטשטאַנען אַ פראַנצויזיש פאָלק, האָט פאַר אונדז יציאת מצרים דעם גרויסן באַדייט וואָס עס האָט פון אונדזערע אָבות אבותינו געמאַכט יענעם יידישן פאָלק, וואָס איז געבליבן באַשטיין ביז היינט צו טאָג.

אָבער נישט נאָר צוליב דער דאָזיקער שטרעבונג צו אַן אַלטן אורשפרונג, און דעם ווילן צו זיין מיט אים פאַרבונדן, קלייבן זיך צוזאַמען, יידן אויפגעקלערטע און יידן טראַדיציאָנעלע, און פראַווען אַ דריטן סדר און זאָגן אַן אייגנאַרטיקע הגדה, נאָר אויך צוליב דעם, ווייל עס האָט זיך אין אונדז אויסגעבילדעט אַ נאַציאָנאַלער באַוווסטזיין, אַז די יידישע געשיכטע חזרט זיך איבער, אויב נישט פון דור צו דור, איז פון צייט צו צייט, אַמאָל אין גרעסערע צייט־דיסטאַנצן, און אַז אַ געוויסע צאָל געשעענישן, וועלכע האָבן פאַסירט מיט טויזנטער יאָרן צוריק, זענען נישט נאָר סימבאָלן פון דער דאָזיקער פעריאָדישקייט אין אונדזער גורל, נאָר זענען כמעט געזעצן פון אונדזער היסטאָריע. אין דער דאָזיקער נאַציאָנאַלער דערקענטעניש איז יציאת מצרים אייגנטלעך אַ פרע־פיגוראַציע, אַ פאָרבילד פון דעם אייביקן יידישן קאַמף פאַר פרייהייט און פון דער אייביקער יידישער האָפענונג אויף פרייהייט, קאַמף און האָפענונג וועלכע פאַרענדיקן זיך מיטן נצחון.

## אין יעדן דור שטייען אויף די פאַרטיליקער

דער לייטגעדאַנק און דער לייטמאָטיוו, וואָס האָבן אויפגעהאַלטן דעם פסח אין זיין חשיבות, געפינען זיך אין איינעם פון די ניגונים, וועלכע מיר האָבן היינט געזונגען, אין „והיא שעמדה״. איך באַצי זיך אויף דעם זאַץ „בכל דור ודור״. אין יעדן איינציקן דור „קמים עלינו לכלותנו״ שטייען זיי אויף אונדז צו פאַרטיליקן, „והקדוש ברוך הוא מצילנו מידם״ און גאָט ראַטעוועט אונדז פון זייערע הענט. אין יעדן דור אונטערדריקונג און אין יעדן דור רעטונג. אַזוי האָבן פאָרמולירט דאָס געזעץ אונדזערע פרומע זיידעס. און זייערע אייניקלעך, פנים אל פנים מיט די שרעקלעכסטע פון אַלע רדיפות פון אונדזער געשיכטע, האָבן געזאָגט דאָס זעלביקע, אויב נישט אין די זעלביקע רייד, זינגענדיק וועגן זיי: „זאָג נישט קיינמאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג״, און וועגן זיי זאָגנדיק דעם טראַגישן „אני מאמין״, מיט וועלכן מיר פאַרענדיקן די באַזונדערע תפילה פון יום־העצמאות.

„בכל דור ודור עומדים״ — אין יעדן דור שטייען זיי אויף און מיר ווערן געראַטעוועט פון זייערע הענט. ווער „זיי״ זענען אַזוינס, ווערט נישט געזאָגט, און עס איז אויך נישט מעגלעך זיי צו דעפינירן, וואָרום יעדער דור

ווערט פאַרזאָרגט מיט זיינע אייגענע שונאים, אָפּטמאָל אומגעריכטע. וויכ־טיק איז די איבערצייגונג, אַז די פרייהייט מוז קומען, אַז די פרייהייט וועט קומען, אָבער אויך אַז זי איז שטענדיק אין געפאַר.

## מיר טאָרן נישט פאַרגעסן

דער דאָזיקער אונטערטאָן פון טרויער, וועלכער באַגלייט דעם פריילעכן, זוניקן פסח, איז דאָ היינט געקומען צום אויסדרוק אין דעם יזכור־טייל, וועלכן מיר האָבן אויסגעהערט שטייענדיקערהייט אין האַלב־טונקלקייט. און געוויס, דער ווייטיק איז אַזוי פריש און דער אומגליק איז געווען אַזוי גרויס, אַז מען קאָן פאַרשטיין אונדזער באַדאַרף צוצוגעבן צו דער הגדה אַ פּאָר נייע זייטן געווידמעט דער קאַטאַסטראָפע. אָבער דער אייגנטלעכער זין פון דער הגדה איז, אַז די קנעכטשאַפט אין מצרים סימבאָליזירט אַלע יידישע אומגליקן לדור דורות, און דעריבער האָבן אונדזערע טאַטעס און זיידעס און אורעלטערן, וועלכע האָבן געהאַט זייערע אייגענע שרעקלעכע רדיפות, גאָרנישט צוגע־געבן צו דער הגדה איבער זייערע אייגענע עינויים. איך זאָג: מען קאָן פאַר־שטיין דעם דראַנג פון אונדזער דור צוצוגעבן די נייע קאַפּיטלעך, וואָרום ווייניק סענטימענטן זענען אַזוי שטאַרק, ווי דער אומווילן צו אָנערקענען, אַז די געשיכטע קאָן זיך איבערחזרן, און מיר טאָרן נישט פאַרגעסן.

מיר זענען געווען יונגע זין ביי מיין טאַטנס טיש, ווען מיר האָבן רע־וואָלטירט קעגן דעם „שפוך חמתך". דאָס האָט פּאַסירט אין דער ווילסאָני־שער תקופה, ווען עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז עס זענען געקומען משיחס צייטן און אַז מענטשלעכע בעסטיאַליטעט וועט שוין קיינמאָל נישט צוריק־קומען. מיר האָבן זיך געאַמפּערט מיט אונדזער טאַטן. ווי איז מעגלעך, האָבן מיר געפרעגט, צו עפענען די טיר, אויפשטיין און אַרויסשליידערן אין דער וועלט אַריין די אכזריותדיקע ווערטער „ותשמידם מתחת שמי ה׳" — זאָלסט די שונאים אויסראָטן פון אונטער גאָטס הימלען? דעריבער, בעת די טיר האָט זיך געעפנט פאַר אליהו הנביא, האָבן מיר האַרטנעקיק געשוויגן. און אַז די טיר האָט זיך פאַרמאַכט, האָט אונדזער פאָטער אונדז טרויעריק גע־זאָגט: „איר זענט שוין אַזוי זיכער? די שרעקלעכע קללה, וועגן וועלכער איר רעדט, איז נישט אָנגעשריבן געוואָרן עפּעס אַזוי ליטעראַריש קאַלטבלוטיק. זי האָט זיך אַרויסגעריסן פון האַרץ פון דעם מחבר פון „איכה", נאָך איינעם פון די גרעסטע חורבנות פון אונדזער געשיכטע, נאָך איינעם פון די גרעסטע אויסברוכן פון אוממענטשלעכקייט קעגן אונדז. איר זענט שוין אַזוי זיכער, אַז עס וועט קיינמאָל נישט צוריקקומען?"

## „אין דיין בלוט זאָלסטו לעבן"

דאָס פּאַראַדאָקסאַלע, דאָס דערמונטערנדיקע אין אונדזער פאָלק, איז אַז די דאָזיקע אומזיכערקייט װעגן דער צוקונפט האָט נישט פאַרקלענערט נישט די פרייד פון פסח און נישט דעם בטחון אין דער גאולה װאָס װעט קומען. פונקט װי די טרויעריקע מאָמענטן פון הייַנטיקן אָװנט האָבן נישט פאַרמינערט אונדזער אָפּטימיזם און אונדזער באַגייסטערונג. װאָרום די מסקנה פון דער איינשטעלונג, אַז די פרייהייט מוז און װעט קומען, הגם זי װעט שטענדיק זיין אין געפאַר, איז דער באַשלוס צו לעבן העלדיש, מקבל זיין באהבה טאָגטעגלעכע גבורה װי די נאָרמע פון אונדזער עקזיסטענץ, דאָס איז די יידישע איינשטעלונג צו אונדזער גורל.

איך באַדויער זייער װאָס פון מער און מער הגדות נעמט מען לעצטנס אַרויס די װערטער, מיט װעלכע יחזקאל הנביא האָט זיך געװענדעט צו ירושלים: „ואעבר עליך — איך בין פאַרבייגעגאַנגען פאַרביי דיר, ואראך מתבוססת בדמיך — און איך האָב געזען װי דו װאַלגערסט זיך אין דיין בלוט, ואומר לך, בדמיך חיי, בדמיך חיי" — און איך האָב דיר געזאָגט: אין דיין בלוט זאָלסטו לעבן, אין דיין בלוט זאָלסטו לעבן. אַמאָל איז דער פסוק געשטאַנען אין אַלע אשכנזישע הגדות, און מיט רעכט, װייל דער דאָזיקער העראָישער קול קורא איז פונקט אַזאַ װיכטיקער לייטמאָטיװ פון אונדזער פסח, װי דער זאַץ „שבכל דור ודור".

## צניעותדיקע העלדישקייט

דאָס העלדישע לעבן קאָן זיין פּאַסיװ און דאָס העלדישע לעבן קאָן זיין אַקטיװ. די סיני־אַקציע איז דער יונגסטער אויסדרוק פון דער אַקטיװער העלדישקייט, װעלכע צייכנט אויס אונדזער יונגע מדינה און אונדזער נייעם ישוב אין ישראל. די אַקצעפּטירונג פון אַקטיװער העלדישקייט, אויב עס איז נישטאָ קיין אַנדער ברירה, װי אַ פאָרם פון לעבן, העלדישקייט אָן באַרימערײַ, אין צניעות און אין פשוטער גבורה, איז איינע פון די גרעסטע איבערקערענישן װאָס ישראל האָט אַריינגעבראַכט אין אונדזער פּסיכיק. מיר האָבן קוים אָנגעהויבן צו זען די טיפע אומװאַנדלונג װעלכע ער האָט צושטאַנד געבראַכט אין אונדזער פאָלק.

און פונקט װי מיר האָבן געזען אין „יציאת מצרים" דעם פּראָטאָטיפּ פון אונדזער אייגענעם קאַמף פאַר פרייהייט און זיג פון פרייהייט, אַזוי האָבן אַ סך אומות העולם געזען אין יציאת מצרים דעם פאָרבילד פון זייער איי־

גענעם שטורעם און דראַנג. די פּוריטאַנער זענען נישט געווען די אייניציקע, וועלכע האָבן געזען אין ענגלישן קעניג דזשיימס דעם ערשטן זייער אייגענעם פּרעה און דעם אַטלאַנטישן אָקעאַן ווי זייער אייגענעם ים סוף. אַ צאָל אַנדערע פעלקער האָבן געפונען כוח און טרייסט און ווען געפינען כוח און טרייסט אין דער גרויסער לעקציע פון יציאת מצרים, אַז ווי געפאַלן עס זאָל נישט זיין דער שוואַכער און ווי שטאַרק עס זאָל נישט זיין דער מעכטיקער, סוף הגאולה לבוא: דער שטאַרקער וועט קאַפּיטולירן און דער שוואַכער וועט אויסגעלייזט ווערן.

## די גערעכטיקייט וועט ענדלעך זיגן

דער כוח וואָס האָט אונדז דאָ היינט צוזאַמענגעבראַכט, איז דער ווילן צוצוקייטלען אונדזער נייעם אָנהייב צו דעם אוראַלטן אָנהייב פון מער ווי מיט דריי טויזנט יאָר צוריק, און צו אינטעגרירן אונדזער יונגע פרייהייט אין דער אַלגעמיינער מענטשלעכער פרייהייט, וועלכע מ׳יר האָבן אַזוי אָפט אינספּירירט. דער וואָס וויל אונדז באַשרענקען נאָר צום היינט און צום נעכטיקן נעכטן, נאָר צו אונדזערע ד׳ אמות, פאַרלייקנט אונדז, פאַרראַט דעם יידישן גייסט. אַפילו די הגדה, וועלכע זעט אויס אַזוי שטרענג נאַציאָנאַליסטיש, און דוכט זיך אַזוי עקסקלוזיוו, הייבט זיך אָן מיט „כל דכפין", עפנט ברייט די טיר פאַר יעדן איינציקן וואָס שטרעבט צו אַ בעסערן מאָרגן, און ענדיקט זיך מיט דעם נאַאיוון און אויסטערלישן „חד גדיא", וואָס איר לעצטע סטראָפע איז גאַנץ קלאָר, וואָרום איר טייטש איז, אַז צום סוף פון אַלע סופן וועט זיגן די גערעכטיקייט פאַר אַלעמען.

# די שארית ישראל דאַרף זיין אַ ביישפּיל

רעדע געהאַלטן דעם 28סטן אַפּריל 1957 אויפן צענטראַלן דערמאָנונגס־אַקט פון יום השואה והגבורה.

ווער זענען מיר, די וועלכע זענען זיך דאָ היינט צוזאַמענגעקומען? וואָס שטעלן מיר מיט זיך פאָר? מיר זענען אַ טייל פון שארית ישראל, אַ חלק פונעם רעשטל פון ישראל. ס׳איז כדאַי אָנצוהאַלטן דעם דאָזיקן יזכור־טאָג, שוין כדי מיר זאָלן געדענקען, אַז מיר זענען אַ פאַרשניטן פאָלק, אַז מיר האָבן אָנגעווירן מיליאָנען, צווישן זיי טויזנטער און טויזנטער בעסערע ווי מיר זענען.

דער געדאַנק פון שארית הפליטה איז אַן אוראַלטער אין אונדזער געשיכטע און אין אונדזער ליטעראַטור, און איז שטענדיק געווען אַן אָביעקט פון גרויסע האָפענונגען, פאַרבונדן מיט דער פאָרשטעלונג, אַז דאָס רעשטל פון אונדזער פאָלק וועט זיין דער טרעגער פון הויכע אידעאַלן. דער נביא צפניה זאָגט וועגן דעם: „שארית ישראל לא יעשה עוולה, ולא ידבר כזב, ולא ימצא בפיהם לשון תרמית" — דער איבערבלייב פון ישראל וועט נישט טאָן קיין אומרעכט, און וועט נישט רעדן קיין ליגן, און אין זייער מויל וועט זיך נישט געפינען אַ צונג פון באַטרוג.

עס איז אַ הויכער ציל, אַביסל צו הויך פאַר מענטשן פון אַ גאַנץ יאָר, ווי מיר זענען דאָס. אָבער לכל הפחות איינמאָל אין יאָר, אין אַזאַ טאָג ווי דעם היינטיקן, מוזן מיר זיין פולשטענדיק ערלעך צו אַנדערע און צו זיך אַליין.

היינט איז נישט דער 19טער אַפּריל, דער אַניווערסאַר פון דעם אויפשטאַנד פון וואַרשעווער געטאָ. היינט איז כ"ז ניסן, וועלכער איז באַצייכנט געוואָרן דורך דער כנסת ווי דער יום הזכרון לשואה ולגבורה, דער געדענק־טאָג פון דער קאַטאַסטראָפע און פון דער העלדישקייט. און איך געפין זיך דאָ מיט אייך, כדי צו דערמאָנען ביידע מאָמענטן, סיי דעם אומגליק און סיי די גבורה.

פאַרוואָס זענען מיר געטיילט אין דעם אָנדענק? פאַרוואָס קלאַמערט זיך אַ טייל אין דעם 19טן אַפּריל און פאַרוואָס זאָגן מיר: נישט נאָר דער אויפשטאַנד, נאָר סיי די שחיטה און סיי דער רעוואָלט? צי זענען מיר וויניקער

שטאָלץ ווי יענע מיט דער גבורה פון וואַרשעווער געטאָ, צי ווילן מיר חס וחלילה פאַרמינערן די גרויסקייט פון מרדכי אַנילעוויטש און זיינע חברים? זענען דאָך אַלע מסכים, אַז דער רעוואָלט איז טיילווייז אינספּירירט געוואָרן, אויב ער האָט נישט געצויגן זיין גאַנצע יניקה, פון די אידעאַלן פון ארץ ישראל, פון די האָפענונגען אויף ארץ ישראל.

איך וויל זיך אָפּשטעלן אויף צוויי סיבות, וועלכע דערקלערן אונדזער שטאַנדפּונקט:

## העלדישקייטן אָן אַ צאָל

ערשטנס: מיר קאָנען נישט דערלאָזן דעם איינדרוק, אַז דער אויפשטאַנד פון וואַרשעווער געטאָ איז געווען די איינציקע און איינציקאַרטיקע העלדישע טאַט אין די יאָרן 1939 ביז 1945. גראָד מיר, וועלכע אונטערשטרייכן אויך דעם מאָמענט פון הילפלאָזיקייט און פון אָפּהענטיקייט, אין וועלכע ס'ברענט דער ווייטיק פון דעם פּאַסיוון גיין ווי שאָף צו דער שחיטה, גראָד מיר זאָגן, אַז יענע יאָרן זענען געווען פול מיט העלדישע מעשים, עטלעכע אָפענע און באַוווסטע, און צענדליקער טויזנטער פאַרבאָרגענע און אויף אייביק אומבאַקאַנטע. און מיר זענען נישט באַרופן צו זיין די שופטים, וועלכע גבורה איז געווען לייכט און וועלכע גבורה איז געווען שווער.

מיינע אַ קוזינע, וועלכע איז צוריקגעקומען פון אָשוויענטשים, האָט מיר דערציילט וועגן אַ דראַמע, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט מיט איר אום יום־כיפור 1944, אין יענעם שרעקלעכן לאַגער. זי האָט געהערט צו אַ פּרויען־באַראַק, וועמענס קאַפּאָ איז געווען אַ וואונדער־שיין יידיש מיידל פון אונגאַרן, ערלעך, שטרענג און אויסערגעוויינלעך פרום. אום יום־כיפור איז מיין קו־זינע באַגאַנגען עפּעס אַן עבירה, וואָס לויט דעם רעגלאַמענט, איז איר דער־פאַר געקומען די שטראָף, מען זאָל ביי איר אָוועקנעמען אירע שיך. און אַזוי האָט אויך באַפוילן די שטרענגע אויפזעערן. מיין קוזינע האָט געוווּסט, אַז אויב זי וועט דאַרפן אַרבעטן באָרוועס, גיין באָרוועס אויף די וועגן, וועט זי קיין לעבעדיקע פון גהינום נישט אַרויס. זי האָט דעריבער באַשלאָסן זיך איינצושטעלן פאַר איר לעבן און אָפּעלירן אין איר פאַרצווייפלונג צו דער פרומקייט פון דעם אונגאַרישן מיידל. „היינט איז יום־כיפור", האָט זי איר געזאָגט, „היינט וועסטו פאַרשריבן ווערן צום לעבן אָדער צום טויט. פאַר־משפּטסטו מיך היינט צום טויט, פאַרזיגלסטו אויך דיין אייגענעם גורל".

יענע האָט זיך אָפּגערופן: „דו ווייסט דאָך, אַז מען באַוואַכט מיך; דו ווייסט דאָך, אַז כ'מוז דיך אַזוי באַשטראָפן, און אויב איך טו דאָס נישט, באַטייט דאָס מיין אייגענער סוף". אָבער די אַנדערע האָט נישט אָפּגעלאָזן: „ניין,

אויב דו גלויבסט אין גאָט, וועט דיך גאָט ראַטעווען. נעמסטו ביי מיר אַוועק די שיך, ביסטו אַ מערדערן, און ווי אַזעלכע וועסטו אויבן געמשפּט ווערן״. און זי האָט צוריקבאַקומען אירע שיך.

ווער פון אונדז, וואָס איז דאָרטן נישט געווען, קאָן תופס זיין דעם דאָזיקן טראַגישן געראַנגל? ווער פון אונדז קאָן זיך איינבייגן איבער דער דאָזיקער נאַכט, שוואַרצער ווי שוואַרץ? און ווער וועט זאָגן, וווּ ס׳הייבט זיך אָן גבורה און וווּ זי פאַרענדיקט זיך?

ביי מיר איז קיין ספק נישטאָ, אַז אין דעם בוענאָס איירעס, אין וועלכן מיר לעבן, גייען אַרום אומבאַקאַנטע העלדן, אַז געוויס זיצן עטלעכע מיט אונדז דאָ אין דעם זאַל, וועלכע זענען נישט אימשטאַנד אַליין אָפּצושאַצן זייער אייגענע גבורה. און ס׳קאָן אַפילו זיין אַז שטאַרקער ווי דאָס געפיל פון זייער ווערט, נאָגט אין זייער האַרצן דער איינדרוק, אַז אפשר האָבן זיי נישט געהאַט דאָס רעכט צוריקצוקומען לעבעדיקערהייט.

## גבורה פון אַ ניי לעבן

ס׳איז פאַראַן אַ גבורה וועגן וועלכער עס ווערט ווייניק גערעדט, די גבורה פון מסכים זיין אָנצוהייבן אַ ניי לעבן. אין אויגוסט 1946 האָב איך באַזוכט די ד. פּ. לאַגערן אין דייטשלאַנד. שטאַרקער פון אַלע איינדרוקן, וועלכע איך האָב מיט זיך מיטגענומען, איז געווען די איבעראַשונג פון אַזוי פיל קינדער־וועגעלעך פאַר די ביידלעך. איך גלויב, אַז איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן די נאַכט פון 28טן אויפן 29טן אויגוסט 1946, וועלכע איך האָב פאַרבראַכט אין דעם ד. פּ. צענטער פורטה, ביי איינעם פון אַזעלכע צוזאַמענגעשטעלטע פּאָרלעך,ביידע עטישע פיינע מענטשן, פאַרבונדן מיט דעם פאָדעם פון אַזאַ סאָרט ניי לעבן. ווער קאָן באַגרייפן, וואָס עס שטעלט פאָר מיט זיך אַזאַ אָנהייב אין מיטן פון די שרעקלעכע זכרונות, וואָס קיינער קאָן אינגאַנצן נישט אויסזאָגן, וואָס אַ טייל פון זיי מוז יעדער איינער מיטנעמען אַליין מיט זיך אין קבר, נאָכדעם ווי ער האָט מיט זיי אַליין געלעבט אַ גאַנץ לעבן? די נאַכט איז פאַר מיר געווען אַן איינציקאַרטיקע צוגרייטונג צום בירענבערגער פּראָצעס, וועלכן איך האָב צומאַרגנס בייגעוווינט.

אָבער ס׳איז דאָ אַ צווייטע סיבה פאַר אונדזער איינשטעלונג. מיר ווילן נישט און טאָרן נישט זען נאָר די גבורה אַליין. מיר מוזן אויך געדענקען ווי אָפּהענטיק מיר זענען געווען, ווי נישט צוגעגרייט מיר זענען געווען, און אַזוי אומבאַוואָפנט, סיי גייסטיק און סיי פיזיש, אַז הונדערטער טויזנטער ווונדערבאַרע מענטשן, ברידער אונדזערע און שוועסטער אונדזערע, טאַטעס און־

דזערע און קינדער אונדזערע, זענען געגאַנגען ווי רינדער צו דער שלאַכט־באַנק.

וואָלטן מיר פון אונדזער היסטאָריע באַהאַלטן נאָר די זכרונות פון נצחון און נישט תשעה באָב און נישט „איכה״, וואָלטן מיר מער נישט באַשטאַנען ווי אַ פאָלק. דער וואָס האָט ליב יידן און גלויבט אין זיי, שרעקט זיך נישט אַראָפּצונידערן אין דעם תהום פון אונדזער פּאַסיוויטעט, און פרעגן זיך פאַרוואָס ס׳איז געווען אַזוי, צי ס׳האָט באַדאַרפט זיין אַזוי, און וואָס עס דאַרף געטאָן ווערן, כדי עס זאָל נישט זיין אַזוי. דער וואָס אַנטלויפט פון דער קאָנפראָנטאַציע מיט דעם ביטערן אמת, דער גרייט ח״ו צו נייע אומגליקן פאַר אונדזער פאָלק.

ביאַליקס ברענענדיקער צאָרן אין דער „שחיטה־שטאָט״ האָט געשמידט יידישן ווידערשטאַנד. און דער ווייטיק פון דער יידישער מאַכטלאָזיקייט בעת דער היטלערישער אויסראָטונג האָט געפירט צו דער העלדישקייט פון 1948 און 1956. נאָר אויב מיר שלאָגן זיך על חטא איבער אונדזער צעריסנקייט און קורצזיכטיקייט ערב דער קאַטאַסטראָפע, נאָר אויב מיר געדענקען און דערמאָנען אַז פרייהייט און גלייכבאַרעכטיקונג זענען שטענדיק אין געפאַר, וועלן מיר אויך פון גלות פאַרטרייבן די יידישע מורא, וועלכע איז נאָך פאַראַנען, פונקט ווי מיר האָבן זי פאַרטריבן פון ישראל.

אונדזער דור האָט דאָס רעכט דרייסט צו ריידן וועגן דעם גרויסן אומגליק, ווייל ער האָט פון אים געצויגן די געהעריקע לעקציע און פון אים געלערנט געבאָטן פאַר זיין אייגענער אויפפירונג. אויב ער האָט נאָך נישט אין גאַנצן פאַרשטאַנען די נייטיקייט פון פערמאַנענטער וואַכזאַמקייט און שוץ־גרייטקייט אין גלות, שטעלט ער אָבער אויף אין ישראל דעם גרויסן טורעם און דעם גרויסן האָפן לדור דורות.

## צפניה הנביא און אַנאַ פראַנק

איידער איך פאַרענדיק, וואָלט איך געוואָלט, מיר זאָלן זיך פאַראייניקן מיטן אָנדענק פון איינעם פון די אומצאָליקע אומבאַקאַנטע העלדן, וואָס איז גראָד לעצטנס באַרימט געוואָרן, מיט אַנאַ פראַנק, דאָס 14 יאָריקע מיידל פון דייטשלאַנד, וואָס איז אומגעקומען אין בערגען־בעלזען, און וואָס האָט געשריבן אַ טאָגבוך אין איר באַהעלטעניש אין אַמסטערדאַם. מיט אַביסל איבער דרייצן יאָר צוריק, דעם 4טן אַפּריל 1944, האָט אַנאַ פראַנק אָנגעשריבן אַ שורה וואָס זעט איצט אויס ווי אַ נבואה: „איך וויל בלייבן לעבן אויך נאָך מיין טויט״, אַ שורה, וועלכע סימבאָליזירט דעם לעבנס־כוח און לעבנס־ווילן

פון אונדזער פאָלק. אינמיטן פון טאָגטעגלעכע געפאַרן, האָט דאָס דאָזיקע יונגע מיידל נישט פאַרלוירן די האָפענונג, נישט נאָר אויף באַפרייאונג, נאָר אַפילו אויף אַ המשך פון איר לעבן אין דער ווייטער צוקונפט. אָבער איך וויל זיך באַזונדערס אָפּשטעלן אויף דעם וואָס זי האָט געשריבן אַ וואָך שפּע־טער, דעם 11טן אַפּריל: „אויב מיר וועלן איבערטראָגן אָט די אַלע ליידן, און עס וועלן נאָך איבערבלייבן יידן, דעמאָלט וועט מען אין יידן זען אַ ביישפּיל. אין אַלע צייטן זענען געווען יידן, אין אַלע צייטן האָבן זיי געליטן, אָבער די ליידן האָבן זיי געמאַכט שטאַרק. די שוואַכע פאַלן אַוועק, אָבער די שטאַרקע וועלן בלייבן און קיינמאָל נישט אונטערגיין".

פון וואַנען זענען געקומען אַזעלכע געדאַנקען צו דער פערצן־יאָריקער אַנאַ פראַנק? ס'איז אָבער אַ פאַקט, אַז מער ווי צוויי טויזנט פינף הונ־דערט יאָר נאָך צפניה הנביא, האָט זי געקלערט ווי ער וועגן דער שארית ישראל: אויב ס'וועלן איבערבלייבן יידן, וועלן זיי זיין אַ ביישפּיל, וועלן זיי מוזן זיין אַ ביישפּיל.

זי האָט געוואָלט בלייבן לעבן אויך נאָך איר טויט. איר, און אַלע אונ־דזערע גבורים, באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע, אַקטיווע און פּאַסיווע, שווערן מיר, אַז זיי וועלן בלייבן לעבן לעולם ועד, אין דער באַנייטער יידישער גבורה, אין דער באַנייטער יידישער שאַפונג אין ישראל, אין דער אייביקער יידישער טריישאַפט אין גאָר דער וועלט.

# עס שטייען אין קאָן די מאָראַלישע ווערטן וועלכע געהערן צו די גייסטיקע יסודות פון לאַטיין־אַמעריקע

רעדע געהאַלטן אויף שפּאַניש דעם 6טן מאַי 1957, איבער דער אַרגענטינער מלוכה־ראַדיאָ, ביי דער געלעגנהייט פון יום העצמאות.

ווידעראַמאָל האָב איך דאָס פאַרגעניגן זיך צו ווענדן, דורך דער „ראַדיאָ דעל עסטאַדאָ“, צום אַרגענטינער פאָלק און צום יידישן ישוב אין דעם יום־טוב פון ישראלס אומאָפּהענגיקייט. ווידעראַמאָל האָב איך דעם זכות צו קאָנען באַדאַנקען די רעגירונג און די עפנטלעכע מיינונג פאַר דער פריינטלעכער פאַרשטענדעניש און פאַר דער דערמוטיקונג, וואָס זיי האָבן אונדז אַרויסגעוויזן אין שווערע מאָמענטן. ווידעראַמאָל קאָן איך דערקלערן, אַז דאָס פאַרגאַנגענע יאָר איז געווען אַ יאָר פון פאָרשריט אויף אַלע געביטן, און אַז אין געוויסע אַספּעקטן האָט דאָסמאָל דער פאָרויסגאַנג אַ דעציזיווע באַדייטונג.

אמת, אין אונדזערע גרענעץ־ישובים האָבן די ביקסן אויפסניי זיך באַוויזן אויף די אַקסלען פון די קאָלאָניסטן. די אָבסערוואַציע־טורעמס זענען ווידער באַזעצט טאָג און נאַכט און די פּראָזשעקטאָרן שניידן אויפסניי דורך די פינצטערניש, כדי אויסצוגעפינען אַריינדרינגלער, וועלכע ברענגען מיט זיך דעם טויט. אמת, אויפן אָרט פון דער פרידלעכקייט, וועלכע האָט געהערשט במשך פון עטלעכע מאָנאַטן, איז ווידער געקומען זאָרג און כסדרדיקע וואַכזאַמקייט.

און פונדעסטוועגן האָט דער קריזיס וואָס מיר האָבן אָקאָרשט דורכגעמאַכט נישט נאָר געראַטעוועט ישראל פון אַ באַלדיקער סכנה, נאָר ער האָט זי אויך בעסער צוגעגרייט פאַר די נייע שוועריקייטן, וועלכע שיידן זי נאָך פון איר גרויסער צוקונפט.

## מיר האָבן געוווּנען אַ נייע פאַרשטענדעניש

דער לעצטער קריזיס איז געווען דער סאַמע ערנסטער פון די, וועלכע מיר האָבן אדורכגעמאַכט זייט דער גרינדונג פון דער מדינה. מיר דוכט, אַז מיר זענען אַרויס פון דעם נסיון מיט כבוד, אַדאַנק אַ האַלטונג, וועלכע האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר קלאָרקייט און פעסטקייט. מיר האָבן געהאַט

אויסצושטיין אַ געוויסע צייט, אויך מצד פריינט, אַ שטורעם פון אומפּאַר־שטענדעניש און אַ געוואַלטיקן דרוק. אָבער מיר זענען געווען אַנטשלאָסן צו נעמען אויף זיך די שווערסטע אומבאַקוועמלעכקייטן, איידער איינצוגיין אויף פּשרות וואָס וואָלטן מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ פּאָליטיק פון זעלבסטמאָרד.

מיר שאַצן אָפּ אין איר פולער וויכטיקייט די עפנטלעכע מיינונג, מיר ווייסע מיט וואָסער צוטרוי אַ סך נישט־יידן באַגלייטן אונדזער ווערק, און מיר האָבן צוגעזען מיט צער ווי אייניקע האָבן געגלויבט, אַז מיר זענען פּעאיק צו פאַרבייגן די גערעכטיקייט אין נאָמען פון אַן אומבאַרעכטיקטן נאַציאָנאַלן עגאָאיזם. מיר באַטראַכטן דעריבער די נייע פאַרשטענדעניש און די נייע פריינטשאַפטן וועלכע מיר האָבן געוווּנען, ווי איינע פון די גרעסטע דער־גרייכונגען פון אונדזער לעצטן פאַרמעסט.

היינט צו טאָג איז מער נישט פאַראַן קיין שום מענטש פון גוטן גלויבן און גוטן ווילן, וואָס זאָל נישט וויסן און זאָגן, אַז די אַזוי גערופענע „אַגרע־סיע" פון ישראל איז געווען אַ פאַרצווייפלטער אַקט פון זעלבסטפאַרטיידי־קונג מצד אַ פאָלק וואָס איז געווען באַדראָט מיט אַ באַלדיקער געפאַר פון פאַרטיליקונג. מיר האָבן אויך נישט געקאָנט מסכים זיין, ווייטער צו אָק־צעפּטירן די ריזיקעס פון דער נישט־דערקלערטער מלחמה, וועלכע ווערט גע־פירט קעגן אונדז און אומקערן זיך צו אַ סטאַטוס קוואָ פון בלוט־פאַרגיסונג. ס'וועט שוין באַלד נישט מעגלעך זיין צו פאַרשטיין דעם לעגאַליסטישן פּלפּול, לויט וועלכן ישראל האָט נישט געטאָרט באַקומען קיין „קאָמפּענסאַציע" פאַר איר „אַגרעסיע". די קאָמפּענסאַציע איז נישט געווען עפּעס אַנדערש ווי דער שלום, וואָס איז דאָך דער אייגנטלעכער ציל פון דער „אונאָ", די סיבה פון איר אַנטשטייאונג און איר עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג; זי איז געווען נאָר דאָס רעכט צו לעבן אַ נאָרמאַל לעבן, נאָך צוויי טויזנט יאָר פון אַ שטורמישער עקזיסטענץ.

## זיין גרייט איז פאַר אַ פאָלק אַן אומבאַדינגטער מוז

ווי אַ געוויסער שטאַטסמאַן האָט ריכטיק געזאָגט, האָט „די מענטש־הייט קיינמאָל נישט געהאַלטן, אַז דער רעספּעקט פאַר אַ פּרינציפּ, אַפילו ווען ער שטייט אין דעם הייליקסטן געזעץ, דאַרף דערפירט ווערן ביז צו פּערזענלעכן אָדער נאַציאָנאַלן אונטערגאַנג". איך וואָלט צוגעגעבן, אַז קיין פאָלק האָט נישט דאָס רעכט צו שטעלן באַוווסטזיניק אין געפאַר די צוקונפט פון זיינע זין און טעכטער, און אַזוי פאַרשווענכן די הייליקע ירושה וואָס ער האָט באַקומען פון די פאַריקע דורות, און פאַר וועלכער זיי האָבן באַצאָלט דעם פרייז פון אויסערגעוויינלעכע ליידן.

מיר האָבן זיך קיינמאָל נישט געוואַקלט אין אונדזער געטריישאַפט צו דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַרייניקטע פעלקער, אָבער מיר האַלטן, אַז די צו־קונפט פון דער דאָזיקער אינטערנאַציאָנאַלער קערפּערשאַפט איז אָפּהענגיק פון דער מאָס, אין וועלכער אירע באַשלוסן קאָנען אַרויסרופן רעספּעקט און זענען ביכולת צו שטאַרקן די הערשאַפט פון געזעץ.

די ישראל־אַרמיי האָט ווידעראַמאָל באַוויזן, לויט די ווערטער פון תהי־לים, אַז אונדזערע יונגעלייט זענען ווי „פיילן אין די הענט פון גיבורים״, און אַז אונדזער פאָלק „וועט נישט פאַרשעמט ווערן ווען עס וועט רעדן מיט די פיינט אין טויער״. נישטאָ אַ זאַך וואָס זאָל אונדז זיין אַזוי פרעמד ווי קריגערישע באַרימעריי. די לאַרבערקרענץ פון דער מלחמה זענען ווייט פון אונדזער גייסט. דער פאַרבאָט צו באַנוצן קראַפט ווי אַ מיטל צו לייזן אינ־טערנאַציאָנאַלע חילוקי־דעות, וועלכער איז פאַרצייכנט געוואָרן אין דעם פּאַ־ריזער אָפּמאַך און אין דער קאָנסטיטוציע פון די פאַרייניקטע פעלקער, איז אָן אַן איבעררייס געווען אַ יידישער אידעאַל במשך פון העכער 2500 יאָר. אָבער זיין צוגעגרייט איז אַן אומבאַדינגטער מוז, ווען אַ פאָלק איז אַרומגע־רינגלט פון פיינט, וועלכע באַגערן זיין טויט.

## אַ צווייטער סועץ־קאַנאַל

די סיני־אַקציע, און דער דיפּלאָמאַטישער געראַנגל וועלכער איז געקו־מען דערנאָך, האָבן אונדז געבראַכט האָפענונגספולע פאַרזיכערונגען. די וויכ־טיקסטע אפשר צווישן זיי, איז די פעסטשטעלונג, אַז קיינער האָט נישט דאָס רעכט צו שטערן דעם פרייען און אומשולדיקן פאַרקער אין דעם גאָלף פון עקבה און דורך דעם אויסגוס פון טיראַן. דער דאָזיקער פּרינציפּ וועט עפענען אַ נייע תקופה אין אונדזער שטרעבונג צו עקאָנאָמישער אומאָפּהענ־גיקייט. עס מיינט אויך, אַז אפשר וועלן מיר אַמאָל פאַרמאָגן אַ וועג, וועל־כער וועט ריוואַליזירן מיטן סועץ־קאַנאַל, אָבער לעת־עתה ווילן מיר זיין אין דער לאַגע צו פירן נאַפט פון פּערסישן גאָלף צום מיטללענדישן ים איבער דער טעריטאָריע פון ישראל. עס זענען פאַראַן דערצו גוטע אויסזיכטן. נישט נאָר ישראל איז פאַראינטערעסירט אין אַזאַ מעגלעכקייט, נאָר איטלעך לאַנד, וואָס איז אָפּהענגיק פון נאַפט פונעם מיטעלן מזרח און וואָס זוכט צו באַ־פרייען זיין עקאָנאָמיש לעבן פון אַ וועג, וועלכער איז אַ מאָנאָפּאָל.

עס האָט אונדז געפרייט וואָס דער פאָרשטייער פון אַרגענטינע אין דער „אונאָ״ האָט פאַרטיידיקט דעם פּרינציפּ פון פרייער נאַוויגאַציע מיט אַ תמצית־דיקער עלאָקווענץ, וואָס האָט געפונען אַ ברייטן אָפּקלאַנג.

## די אָפּשוואַכונג פון ישראל וואָלט געווען אַ מפּלה פאַר קאָרדאָבאַ און לימאַ

צו די מענטשן פון גוטן ווילן אין לאַטיין־אַמעריקע זאָגן מיר: וואָס עס שטייט אין קאָן איז נישט נאָר ישראל, צו וועמענס אָנערקענונג ווי אַ זעלבסט־שטענדיקע מלוכה איר האָט צוגעטראָגן אַזאַ וויכטיקן ביישטייער. עס שטייען אויך אין קאָן די מאָראַלישע ווערטן, וועלכע זענען דער יסוד פון אייער אייגענער גייסטיקער וועלט און וועלכע זענען אייך אַזוי טייער ווי אייער לעבן גופא. ס׳שטייט אין קאָן די צוקונפט פון די דאָזיקע ווערטן אין נאָענטן מזרח, פון דער מיטללענדישער און יידיש־קריסטלעכער ציוויליזאַציע. מיר האָבן זיך אומגעקערט קיין אַזיע מיטן באַשלוס צו לעבן אין האַרמאָניע מיט אַלע פעלקער פון דעם דאָזיקן קאָנטינענט, מיט דרך־ארץ פאַר זייערע ווערטן און מיטן ווילן קענען צו לערנען זייער שטייגער און זייערע מנהגים. די אָפּשוואַכונג פון ישראל וואָלט גלייכצייטיק באַדייט אַ מפּלה פאַר אַטען און פאַר רוים, און אין לאַטיין־אַמעריקע — פאַר קאָרדאָבאַ און לימאַ.

און צו מיינע ברידער־יידן זאָג איך: דער פעסטיקונגס־פּראָצעס פון ישראל איז נאָך נישט פאַרענדיקט, און אויך נישט די געוואַלטיקע אונטערנעמונג פון באַזאָרגן מיט אַ דאַך איבערן קאָפּ אונדזערע געוודפּטע און היימלאָזע. ווי אין פאַריקע צייטן, קלאַפּן ווידער אין אונדזערע טויערן צען טויזנט פּליטים אין איין־איינציקן חודש. דאָס וואָס פּאַסירט מיט אונדזער דור איז נישט קיין צופאַל פון דער געשיכטע. מיר זענען מאָביליזירט געוואָרן צוליב אַ גרויסער שליחות. דאָס וואָס מיר האָבן געגעבן דער וועלט, דאָס וואָס די וועלט דערוואַרט פון אונדז, אונדזער עבר, אונדזערע שטרעבונגען, זענען אַ זיכערע גאַראַנטיע דערפאַר, אַז יעדער איינציקער פון אונדז וועט דערפילן זיין פליכט ביז צו די לעצטע קאָנסעקווענצן, מיט דער פרייד פון אונדזער שותפות אין איינער פון די מערקווירדיקסטע אונטערנעמונגען, פון וועלכע די היסטאָריע וייס צו דערציילן.

# שאַפן אַ קלימאַט פון אויטאָדידאַקציע

**רעדע געהאַלטן אויף שפּאַניש דעם 10טן יוני 1957 אויף דער דערעפענונג פון 9טן קאָנגרעס פון „וויצאָ" אין אַרגענטינע.**

עס איז פאַר מיר אַ פאַרגעניגן צו ברענגען דעם נײַנטן קאָנגרעס פון דער „וויצאָ" דעם גרוס און די ברכות פון דער ישראל־רעגירונג. די וויכטי־קייט פון דער אַרגענטינער „וויצאָ" אַלס וועכטערין פון יידישער געטרײַשאַפט און פון ציוניסטישע אידעאַלן, און דער אָנזען וואָס זי האָט באַוויזן זיך צו דערוואָרבן אין דער יידישער פרויען־באַוועגונג אין גאָר דער וועלט דורך איר אומדערמידלעכער און זעלבסטלאָזער אַרבעט, זענען שוין ברייט אָנערקענט געוואָרן סיי דאָהי און סיי דאָרטן. איר וועט מיך דעריבער אַנטשולדיקן, אויב איך וועל זיך היינט נישט אָפּשטעלן, נישט אויף די פאַרדינסטן פון אייער אָרגאַניזאַציע און נישט אויף אייערע ספּעציפישע פּראָבלעמען, נאָר וועל ווידמען די צייט וואָס איז מיר צוגעטיילט געוואָרן אַ פּראָבלעם פון אַ מער אַלגעמיינעם כאַראַקטער, וועלכן איך באַטראַכט פאַר באַזונדערס דרינגענד, און וואָס איך האַלט אַז ער איז ראוי צו פאַרנעמען אַ געהעריקן אָרט אין אייערע באַראַטונגען.

ישראל האָט אָקאָרשט אונטערגעשריבן אַ נייעם קולטור־אָפּמאַך מיט אַרגענטינע. מיט אַ טאָג פריער איז געשאַפן געוואָרן אַ ראַט פאַר קולטורעלע אויסטוישן, וועלכער באַשטייט פון פראָמינענטע אינטעלעקטואַלן, יידן און נישט־יידן.

די פראַגע וועלכע שטעלט זיך איצט פאַר אונדז איז, ווי אַזוי פּילט מען אויס דעם אָפּמאַך, וועלכער איז דאָך אייגנטלעך בלויז אַ ראַם, מיט אינטענ־סיוון לעבן, סיי דאָ און סיי אין ישראל.

די נאָבעלע ווערטער פון דעם אויסערן־מיניסטער דע לאַפערער, בעת דער צערעמאָניע וואָס איז פאָרגעקומען אין סאַן מאַרטין פּאַלאַץ, איז אַ נייער באַווייז פאַר די גרויסע האָפענונגען וואָס ישראל רופט אַרויס. עס איז פאַראַן אַ טיפער ווונטש אונדז צו קענען און אונדז צו העלפן. איינע פון די אָנגע־זעענסטע פרויען פון אַרגענטינע, ד״ר אַ אַליסיאַ מאָראָ דע כוסטאַ, האָט אויף דער גרינדונג־פאַרזאַמלונג פון דעם ראַט פאַר קולטור־אויסטויש, געזאָגט, מיט דער האַרציקער עלאָקווענץ וועלכע צייכנט זי אויס, אַז זי באַגריסט די נייע

אינסטיטוציע, ווייל זי, און אַנדערע נישט־יידן וועלכע פילן ווי זי, האָבן אַ געוואַלטיקן באַדאַרף צו העלפן ישראל. די ניי־געשאַפענע קערפּערשאַפט, האָט זי צוגעגעבן, גיט זיי אַ געלעגנהייט צו זיין אין אָרדענונג מיט זייער געוויסן. אַזעלכע אויסדרוקן פון סימפּאַטיע און ליבשאַפט פאָדערן פון אונדז, אַפילו ווען מיר זאָלן נישט האָבן קיין אַנדערע ממשותדיקע סיבות, מיר זאָלן מאַכן די גרעסטע אָנשטרענגונגען, כדי זיך צו שטעלן אויף דער הויך פון די נייע מעגלעכקייטן וועלכע עפענען זיך פאַר אונדז.

## אַמביציעזער פּראָגראַם פון קולטור־אויסטויש

די איניציאַטאָרן האָבן זיך פאַרמאָסטן אויף אַן אַמביציעזן פּראָגראַם. פאַראַן פעלקער וועלכע קאָנען זיך צופרידנשטעלן מיט אינסטיטוטן פאַר קול־טור־אויסטויש, וועמענס אַקטיוויטעט באַגרענעצט זיך אויף פייערן דעם נאַ־ציאָנאַלן יום־טוב פון דער באַפרייענדעטער מדינה און אָרגאַניזירן אין דער צווישנצייט עטלעכע צופעליקע רעפעראַטן. מיר ווילן אָבער, אַז צווישן די דענקער, שרייבער, וויסנשאַפטלער, מעדיקער, יוריסטן און קינסטלער פון אַר־גענטינע און פון ישראל זאָלן זיך איינשטעלן ענגע און כסדרדיקע קאָנטאַקטן, אַ דינאַמישער און טיפער משא ומתן פון דערפאַרונגען און אָנרעגונגען. מיר שטרעבן צו אַן אַטמאָספער פון קעגנזייטיקער אינספּיראַציע, וואָס זאָל זיין אַ רעזולטאַט פון אָרנטלעכע און ערנסטע באַגעגענישן און דערקענטעענישן. מיר ווילן גרינדן ביים ראַט פאַרשיידענע סעקציעס לויט די באַזונדערע מאַ־טעריעס, וועלכע זאָלן זיך פאַרוואַנדלען אין אמתע סעמינאַרן פון דעם העכסטן ניוואָ.

אַזוי וואָלטן מיר צום ביישפּיל געוווּנטשן, אַז די לעגאַלע סעקציע זאָל זיך אונטערנעמען, סיסטעמאַטיש איבערצוזעצן יענעם טייל פון דער ישראל־דיקער געזעצגעבונג, וועלכע האָט אַן אַקטועלן אינטערעס פאַר דער אַרגענ־טינער יורידישער וועלט און זאָל זי אַרויסגעבן מיט פאַסיקע קאָמענטאַרן, צום נוצן פון די יוריסטן סיי פון נאָענטן מזרח און סיי פון לאַטיין־אַמעריקע. מיר וואָלטן אויך געוואָלט, אַז די סעקציע פאַר עקאָנאָמישע און סאָציאַלע וויסנשאַפטן זאָל שטודירן די טעאָרעטישע און פּראַקטישע לייזונגען וועלכע ישראל האָט זיך באַמיט צו געפינען פאַר געוויסע פּראָבלעמען, וועלכע שטייען אויך דאָ אויפן סדר־היום. איך וואָלט געקאָנט ברענגען נאָך ביישפּילן, אָבער מיר דוכט אַז איך האָב גענוג קלאָר געמאַכט אונדזער פּרינציפּיעלן צוגאַנג.

ביים פאַרווירקלעכן אונדזערע פּראָיעקטן, שטויסן מיר זיך אָן אויף שוועריקייטן פון וועלכע איך וויל אָפּן רעדן אויף דעם דאָזיקן קאָנגרעס, אין וועלכן עס באַטייליקן זיך אָנפירנדיקע מענטשן פון גאַנצן ישוב. מיר פרעגן

זיך, וואָס וועט זיין, ווען מיר וועלן צוטרעטן צו דער ממשותדיקער אַרבעט, וועלכע איך האָב געפּרובירט באַשרייבן, ווער וועט אינטערפּרעטירן פאַר די נישט־יידישע מיטגלידער פון דעם ראַט די ספּעציפישע אַספּעקטן פון דער ישׂראלדיקער פּראָבלעמאַטיק? אייגנטלעך וואָלטן עס באַדאַרפט טאָן זייערע יידישע קאָלעגן. אָבער צי זענען זיי ביכולת צו נעמען אויף זיך אַזאַ אויפ־גאַבע?

## אַ יידישע אינטעליגענץ וועלכע איז נישט באַהאַוונט אין יידישקייט

לאָמיר האָבן דעם מוט מודה צו זיין, אַז אַ חוץ אויף עטלעכע געביטן, פאַרמאָגן מיר ווינציקער פּראָמינענטע יידישע אינטעלעקטואַלן, ווי מיר וואָלטן עס געקאָנט דערוואַרטן פון אַזאַ קולטורעלן און בליענדיקן ישוב. דערצו איז דער פּראָצענט פון יענע, וועלכע ווייסן עפּעס מער וועגן יידישקייט און ישׂראל זייער אַ באַשרענקטער. איך ריר דאָ אָן אַ פּראָבלעם, וועלכער איז נישט נאָר נוגע דער „וויצאָ", אָבער עס איז אַ פּראָבלעם אויך פאַר דער „וויצאָ". איך קלער וועגן אַ דרינגנדיקער דאָפּלטער אויפגאַבע, וועלכע טאָר אייך נישט לאָזן גלייכגילטיק. עס איז נייטיק אַריינצוברענגען אַן איבערקערעניש אין יענעם טייל יידישער אינטעליגענץ, וואָס איז אָדער אינגאַנצן אָפּגעפרעמדט פון יידישן וויסן אָדער וואָס באַנוגנט זיך מיט אויבערפלעכלעכע קענטענישן. גלייכצייטיק און כדי אויסצופילן אונדזער מאַנגל אין אַן אינטעליגענץ וואָס זאָל זיין באַהאַוונט אין יידישקייט, מוזן מיר שאַפן אַ ברייטע און ערשט־קלאַסיקע אויטאָדידאַקטיע־באַוועגונג.

עס זענען פאַראַן צופיל יידישע פּראָפעסיאָנאַלן, וועלכע זענען יוצא דערמיט, וואָס זיי זענען גוטע בעלי־מלאכות אין זייער פאַך. זיי האָבן נישט יענע אוניווערסאַלע נייגעריקייט און דורשט נאָך וויסן, וועלכע כאַראַקטע־ריזירן דעם אמתן אינטעלעקטואַל. זיי ליידן פון אַ געוויסער פלעגמאַטישקייט אָדער פון איבערגעטריבענער באַשיידנקייט. ס'קאָן זיין, אַז די סיבה דערפון ליגט אין דעם, וואָס עס פעלט זיי אינערלעכע זיכערקייט, און דאָס ברענגט צו אומדרייסטקייט אין געדאַנק און אין דעם אויסדרוק פון דעם געדאַנק. וואָס אַנבאַלאַנגט יענע יידישע וויסנשאַפטלער, וועלכע האָבן זיך יאָ אויפגעהויבן איבער דעם דורכשניט און זענען אַ כבוד פאַר דעם ישוב, געפינען מיר צווישן זיי אַ באַדויערלעך קליינע צאָל מענטשן, וועלכע זענען בעסער אינפאָרמירט ווי זייערע נישט־יידישע קאָלעגן איבער פּראָבלעמען פון יידישן עבר און יידי־שער קעגנוואַרט. עס איז גאָר נישטאָ קיין גרענעץ פאַר די טעמעס, איבער וועלכע אַזעלכע יידישע שייכגייסטער — שרייבער, יוריסטן, אַרטיסטן, פּע־דאַגאָגן, עקזאַקטע וויסנשאַפטלער — קאָנען דיסערטירן. מיטאָלאָגיע; קאָנ־

פּוציאָניזם און סורעאַליזם; די עקאָנאָמיק פון די אַזטעקן און די סאָציאָלאָגיע פון די בערג־לענדער; די ניסים פון בינען־שפּייז און די נייע האָריזאָנטן פון דער עקאָנאָמישער פאָרשונג. דאָס אַלץ האָט פאַר זיי נישט קיין סודות. אָבער ווען עס קומט צו יידישקייט, צו ישראל אין רוים און אין צייט, נישט צו דער ישראל פון דער פּראָפּאַגאַנדע, נאָר צו יענער ישראל אין וועלכער עס קומט פאָר אַ טיפע רעוואָלוציע אין דעם יחיד, אין דער געזעלשאַפט, אין די פאַר־מען פון צוזאַמענלעבן, אין דער פאָרשטעלונג וועלכע מיר האָבן געהאַט וועגן איר היסטאָריע, דעמאָלט זענען זיי געגליכן צו יענעם לייב און יענעם טיגער פון ישעיהו הנביא, וואָס אַ קינד פון ישראל קאָן זיי פּאַשען.

עס איז אָבער אויך פאַראַן אַ צאָל געבילדעטע יידן, וואָס זענען פאַר־בליבן אין דער יידישער גאַס, וועלכע טוען אַ וויכטיקע אַרבעט אין די אָרגאַ־ניזאַציעס, וועלכע ווידמען זיך אונדזערע געמיינזאַמע אידעאַלן מיט מסירת נפש און אידעאַליזם. ליידער פאַרשטייען נישט די מערהייט פון זיי, אַז זייער ערשטער חוב איז צו וויסן און אָנצוווייזן אַ וועג, אַז זיי מוזן ווייטער לערנען און זיין אויף דער געהעריקער הויך, נישט נאָר צוליב זייער אייגענעם נוצן, נאָר אויך כדי צו קאָנען זיין לערער און אינספּיראַטאָרן. נאָך אַ מאָל: דאָס איז אַ פּראָבלעם, וואָס איז נישט נוגע דער „וויצאָ" אַליין, אָבער די „וויצאָ" אויכעט. ווייל עס איז געקומען די צייט, אַז דער דאָזיקער ישוב זאָל שטעלן העכערע פאָדערונגען צו זיינע געטרייע אינטעלעקטואַלן, זאָל נישט דערלאָזן אַז דער שאַבלאָן זאָל ביי זיי פאַרנעמען דאָס אָרט פון דעם געדאַנק און אַז זייערע רעדעס זאָלן זיך רעדוצירן צו אַ קאָמבינאַציע פון אָנגענעמע און האַר־מאָנישע ווערטער, וועלכע גלעטן דעם אויער אָבער שפּייזן נישט דעם מוח. צום באַדויערן סטימולירן יידישע אוידיטאָריעס אַ געוויסע פּוסטע רעטאָריק מיט זייער אַפּאַטיע און אַפילו מיט נישט פאַרדינטע אַפּלאָזן. וואָס קאָן טאָן די „וויצאָ"? זי קאָן שטעלן הויכע פאָדערונגען אירע אייגענע רעפערענטן, באַריכטגעבער, רעדנער. זי קאָן פאָדערן זיי זאָלן פאָרשן, אַנטלויפן פון דער באַנאַליטעט, און אויב עס איז נייטיק, זאָל זיך שפּירן פון זייערע רעדעס דער ריח פון דער אייל־לאָמפּ.

## אַ קלימאַט פון אויטאָדידאַקציע

אָבער די צייט דרענגט און מיר קאָנען נישט וואַרטן, ביז אונדזער אינ־טעליגענץ וועט זיך דערהויבן צו דער מדרגה פון אירע אויפגאַבן. עס איז דעריבער נייטיק, אַז די „וויצאָ" זאָל העלפן שאַפן אין אָרגענטינע אַ ברייטן קלימאַט פון יידישער אויטאָדידאַקציע. זאָל יעדער מאַן און יעדע פרוי וואָס האָט געענדיקט אַ מיטלשול האָבן די אַמביציע צו קענען שמואל יוסף עגנון

נישט ווינציקער ווי מאַרסעל פּרוסט, אורי צבי גרינבערג נישט ווייניקער ווי טאָמאַס עליאָט, מאַרטין בובער נישט ווייניקער ווי כאָסע אָרטעגאַ אי גאַסעט, אחד־העם און א. ד. גאָרדאָן נישט ווייניקער ווי מיגעל דע אונאַמונאָ, שמעון דובנאָוו און יצחק בער נישט ווייניקער ווי אַרנאָלד טוינבי, דוד בן־גוריון נישט ווייניקער ווי ווינסטאָן טשוירטשיל, און דעם אַרכעאָלאָג יגאל ידין נישט ווייניקער ווי וויליאַם פּרעסקאָט, ביז עס וועט קומען די צייט, ווען זיי וועלן קאָנען לייענען די אויסגערעכנטע מחברים אין זייער העברעישן אָריגינאַל. איך זאָג אַ קלימאַט פון אויטאָדידאַקציע, ווייל אין תוך זענען מיר אַלע אויטאָדידאַקטן. די אַנגעזעענסטע גייסטער האָבן פיל מער געלערנט נאָך דער שולע ווי אין דער שולע. אגב, אין פרט פון זייערע יידישע קענטענישן, האָט דער גרעסטער טייל פון יענע, וועלכע האָבן געפורעמט דעם יידישן געדאַנק אין די לעצטע צוויי דורות נישט געהאַט קיין אַנדער וועג ווי דעם וועג פון אויטאָדידאַקציע. ווייל זייער ווייניק זענען געווען צווישן זיי אַזעלכע, וועלכע האָבן געקאָנט לערנען אין אַ הויכשול פאַר יידישע לימודים.

## די געפאַר פון אַ תהום צווישן ישראל און גלות

איך האָב שוין נישט איין מאָל געמאַכט די התראה, וועלכע איך וועל איצט איבערחזרן. גראָד אין דעם מאָמענט, ווען דער גלות דוכט זיך איז נענטער ווי ווען עס איז פון ישראל, באַשטייט די ריזיקע, אַז ער זאָל זיך דערווייטערן פון איר. עס איז נישט גענוג, זיך צו פילן נאָענט צו ישראל אין האַרצן און אין איבערגעגעבנקייט, אַפילו נישט אין קרבנות, אויב עס באַשטייט די סכנה, אַז דער אונטערשייד אין שפראַך און אין לעבנס־באַנעם זאָל שאַפן אַ תהום צווישן ישראל און גלות אין דער וועלט פון די גייסטיקע ווערטן. זייט זיכער: אין איצטיקן מאָמענט שרייבן זיך אין ישראל נייע פרקים פון דער משנה, נייע מסכתות פון תלמוד — איך וואָג נישט צו זאָגן נייע קאַפּיטלען פון תנ״ך. איך זאָג, עס שרייבן זיך און נישט עס זענען שוין געשריבן געוואָרן. אַ סך דאַרף זיך נאָך אויסקריסטאַליזירן אין אונדזער נייעם יורידישן און סאָציאַלן פּראָצעס, אין אונדזער נייעם קוק אויפן לעבן און אין דער זוכעניש נאָך נייע געזעלשאַפטלעכע נאָרמעס. אין אונדזערע עפּאָפּייען פון קריג און פון שלום, מוזן מיר נאָך אָפּטיילן דעם אומקרויט פון דעם גוטן ווייץ. אָבער עס וועט קומען אַ טאָג, ווען די ערשטע צען יאָר פון דער מדינה וועלן פאַררעכנט ווערן ווי אַ גאַנצער יאָרהונדערט און עס וועט זיך פון זיי אַרויסהערן אַ נייע בשורה, וואָס אונדזערע קינדער וועלן זי שטודירן במשך פון יאָרהונדערטער, בייטאָג און אין די לאַנגע נעכט. און מיר, וואָס ווייסן מיר מכוח די טיפע שטראָמונגען און קעגן־שטראָמונגען און מכוח דעם גע־

דאַנקען־גאַנג פון אונדזער באַנייטן פאָלק? יעדער איינציקער פון אונדז פאַר־שטייט גאַנץ גוט, אַז פּראָפּאַגאַנדע קאָן נישט פאַרנעמען דעם אָרט פון וויסן. איך ווייס אַז איר האָט שוין אונטערגענומען וויכטיקע איניציאַטיוון, ווי עס איז צ. ב. אייער העברעישער קלוב. איך ווייס אויך, אַז אַ צאָל פון אייערע חברות לערנען מיט אויסדויער און התמדה אויף די העברעישע קורסן פון מכון לתרבות ישראל, וואָס האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ בינשטאָק פון תורה. איך קאָן אָבער אויך נישט פאַרגעסן, אַז די העכערע שולע פאַר יידישע וויסנ־שאַפטן, וועלכע איז געשאַפן געוואָרן ביים מכון, איז אונטערגעגאַנגען צוליבן מאַנגל אין לערער און נאָך מער אין תלמידים. עס גייט מיר אויך נישט אַרויס פון זינען דער פאַקט, אַז די העברעישע קאַטעדרע ביי דער בוענאָס איירעסער אוניווערזיטעט איז נאָך אַלץ פאַרמאַכט, הגם עס זענען פאַראַן טויזנטער יידישע סטודענטן אין די פאַרשיידענע פאַקולטעטן, און אַז דער דאָזיקער גרויסער, שטאָלצער און קולטורעלער ישוב טאָלערירט אַזאַ באַ־דויערלעכן מצב מיט אַן אומגלויבלעכער גלייכגילטיקייט.

פרויען פון דער „וויצאָ", אַרגענטינע מוז זיך פאַרוואַנדלען אין אַ היים פון יידישן גייסט, אין אַ פירנדיקן צענטער פון דעם יידישן געדאַנק. דאָס באַדאַרף זיין איינע פון אייערע הויכע אַמביציעס, וואָרום איר קאָנט העלפן זי צו פאַרווירקלעכן. צווישן די גרויסע זאַכן, וועלכע איר האָט געטאָן פאַר ישראל האָט קיינע נישט קיין גרעסערן באַדייט. איך בין זיכער, אַז איר וועט נעמען אויף זיך די דאָזיקע פון מיר פאָרגעלייגטע נייע אויפגאַבע מיט אייער טראַדיציאָנעלער געטריישאַפט און דינאַמישקייט.

# די כנסת ישראל און די תפוצות ישראל

רעדע געהאַלטן אין בוענאָס איירעס דעם 29סטן סעפּטעמ־
בער 1957 אויף דער געזעגענונגס־פאַרזאַמלונג לכבוד דער
כנסת־דעלעגאַציע.

ס׳איז געקומען די צייט זיך צו געזעגענען מיט דער דעלעגאַציע פון דער כנסת ישראל און ס׳איז ריכטיק, אַז מיר זאָלן זיך באַמיען מאַכן אַ סך־הכל פון די רעזולטאַטן פון איר שליחות. איך גלייב, אַז איך בין אין דער לאַגע פעסטצושטעלן, אַז אונדזערע דעפּוטאַטן האָבן דורכגעפירט זייער שווערע און דעליקאַטע מיסיע בשלימות און מיט אַ הצלחה וואָס האָט איבערגע־שטיגן אונדזערע דערוואַרטונגען. צוליב וואָס איז אַ דעלעגאַציע פון ישראל פּאַרלאַמענטאַריער געפאָרן אַזאַ ווייטן וועג? איר ציל איז געווען אַ דאָפּל־טער: זי האָט געוואָלט שטאַרקן דעם גוטן ווילן פאַר ישראל צווישן די אומות העולם, און זי האָט אויך געזוכט ברידער־יידן וועלכע וווינען אין דעם קאָנטי־נענט, כדי זיך צו באַקענען מיט זיי פון דער נאָענט. אין ביידע היגזיכטן האָט זיך מער ווי געלוינט, סיי דער ווייטער וועג, סיי די שווערע אַרבעט.

מיר נייטיקן זיך אין גוטן ווילן מצד דער נישט־יידישער וועלט, נישט נאָר צוליב דעם פּאָליטישן קאַמף פון ישראל און די עקאָנאָמישע באַציאונ־גען מיט ישראל, נאָר אויך כדי דער היגער ישוב זאָל קאָנען אומגעשטערט אַנטוויקלען זיין אייגנאַרטיקייט און ממשיך זיין זיין אַרבעט לטובת ישראל אין אַן אַטמאָספער פון אויפריכטיקער סימפּאַטיע. די אַמבאַסאַדע ווידמעט זייער אַ גרויסן טייל פון איר צייט און איר ענערגיע אויף צו געווינען פריינט אין אַלע לאַגערן, אין אַלע קרייזן. פאַרוואָס זענען די אויפנאַמעס אין דער אַמבאַסאַדע אַזוי אָנגעזעזן און באַליבט? ווייל זיי זענען געוואָרן אַ טרעפפּונקט פון פערזענלעכקייטן וועלכע זענען אידייאישע און פּאָליטישע קעגנער, אָבער וועמען עס פאַרבינדט זייער פריינטשאַפט און אַכטונג פאַר ישראל. דעם דאָזיקן קלימאַט פון גוטע דיספּאָזיציעס האָט די כנסת־דעלעגאַציע געשטאַרקט און אויסגעברייטערט. מיר זענען זיכער, אַז אַרגענטינע איז באַרופן צו שפּילן אַ וויכטיקע ראָל אין דער פּאָליטישער וועלט און מיר טאָרן נישט שפּאָרן קיין מי, כדי די וואָרטזאָגער פון אָט דעם גרויסן לאַנד זאָלן זיין מיט אונדז פון גאַנצן האַרצן און צוליב טיפער איבערצייגונג.

דעם סך־הכל, וועלכן איך וויל דאָ מאַכן, קאָן איך נישט באַשרענקען אויף דער כנסת־דעלעגאַציע. איך מוז אויך אַריינגעמען אין דעם באַלאַנס דעם באַזוך פון דעם מיניסטער פאַר האַנדל און אינדוסטריע, פּנחס סאַפּיר, וועלכער איז היינט אָפּגעפאָרן און וועלכער, מיט זיין גלייכצייטיק פּרעציזער און וויזיאָנערישער קענטעניש פון דער ישראל־ווירטשאַפט אין אַלע אירע פּרטים, מיט זיין זאַכלעכקייט און פּשוטקייט, האָט פאַרשטאַנען צו געבן אַ וויכטיקן שטויס פאָרויס די האַנדלס־באַציאונגען צווישן אַרגענטינע און ישראל.

## דריי געשעענישן אין די באַציאונגען צווישן ישראל און אַרגענטינע

אין די לעצטע צוויי און אַ האַלב וואָכן זענען דאָ פאָרגעקומען דריי געשעענישן און דער וואָס ווייסט אַביסל ווי קאָמפּליצירט די לאַגע איז אין אַרגענטינע אין איצטיקן מאָמענט, ווי באַרעכנט עס דאַרף זיין יעדער שריט, וועלכע אימפּאָנדעראַביליאַ מען דאַרף נעמען אין באַטראַכט, וועט פאַרשטיין, אַז נאָר אַדאַנק דער אַטמאָספער פון געהויבנקייט און איינפאַרשטענדעניש וואָס עס האָבן געשאַפן דיביידע באַזוכן, זענען די דריי געשעענישן געוואָרן אַ רעאַליטעט.

ע ר ש ט נ ס : ס'איז ראַטיפיצירט געוואָרן דער קולטור־טראַקטאַט צווישן אַרגענטינע און ישראל, נאָך לאַנגע אונטערהאַנדלונגען און נישט אָן שוועריקייטן. מיר האָבן שוין פון לאַנג געהאַט אַ קולטור־פּראָטאָקאָל, אָבער עס גייט אונדז נישט אין דעם, אַז מ'יר זאָלן האָבן נאָך אַן אָפּמאַך. פאַר אונדז איז דער באַשטעטיקטער דאָקומענט אַ ראַם, וועלכע מיר ווילן אָנפילן מיט אינהאַלט. מיר ווילן פון איין זייט, אַז די אַרגענטינער אינטעליגענץ זאָל זיך באַקענען מיט ישראל ווי אַ קולטור־אויפטו, מיר זאָרגן דערפאַר אַז היגע פּערזענלעכקייטן זאָלן באַזוכן די מדינה און זיך אַקטיוו באַטייליקן אין אונדזערע וויסנשאַפטלעכע צוזאַמענפאָרן. דער ריטם פון די אַרגענטינער באַזוכן אין ישראל האָט זיך געשטאַרקט און יעדערער קומט צוריק ווי אַ פריינט, כמעט ווי אַ ברודער. אָבער דערמיט האָב איך נאָר אָנגעצייכנט איין זייט פון דער מטבע. מיר ווילן אויך, אַז די העברעישע קולטור־אַרבעט און די אַקציעס לטובת ישראל זאָלן נישט געפינען קיין שטערונגען דאָהי. מיר ווילן, פאַרקערט, אַז די באַציאונג פון דער אַדמיניסטראַציע צו לערער און שליחים זאָל זיין ווי צו אָנגעלייגטע געסט, אַז העברעישע ביכער זאָלן קאָנען אַריינקומען אין דער גאַנצער ברייטהאַרציקער מאָס ווי עס פאַרלאַנגט דער דורשט פון די היגע לייענער און לערנער. מיר גלויבן, אַז מיטן ראַטיפיצירטן אָפּמאַך האָבן מיר באַקומען דעם נייטיקן אינסטרומענט וואָס וועט דערמעגלעכן

די פאַרצווייגטע קולטור־אַרבעט, דעם ברייטן גייסטיקן אויסטויש צו וועלכן מיר שטרעבן. איר ווייסט אגב, אַז מיר האָבן לעצטנס געשאַפן אַ ראַט פאַר קולטור־באַציאונגען, וועלכער נעמט אַריין די העכסטע און איידלסטע פיגורן פון דער אַרגענטינער אינטעליגענץ.

**צווייטנס**: עס האָט זיך אַ ריר געטאָן דאָס אייז אין אונדזערע עקאָנאָמישע באַציאונגען. זייט צוויי יאָר איז דער מסחר צווישן אַרגענטינע און ישראל כמעט ווי פאַראַליזירט, נאָכדעם ווי אין משך פון די פריערדיקע אנדערטהאַלבן יאָר איז דער האַנדלס־אויסטויש געווען באַזונדערס אינטענסיוו און האָט געעפנט נאָך גרעסערע פערספּעקטיוון. מיר אַלע ווייסן, פון וועלכע אומגעהויערעווירטשאַפטלעכע דילעמעס אַרגענטינע מוז זיך אַרויספלאָנטערן. די פראַגע איז דעריבער, ווי ברענגט מען די מאָסגיביקע פאַקטאָרן דערצו, אַז זיי זאָלן געפינען צייט פאַר ישראל, אינמיטן פון די ריזיקע פּראָבלעמען וועלכע זיי האָבן צו לייזן? וואָרום מיר **מוזן** פאַרקויפן, מיר מוזן פאַרגרעסערן אונדזער עקספּאָרט, כדי צו פאַרקלענערן דעם דעפיציט פון אונדזער האַנדלס־בילאַנץ. מיר ווילן, פאַרשטייט זיך, קויפן אין אַרגענטינע, אָבער מיר ווילן באַצאָלן אַ טייל פון אונדזערע קניות מיט אונדזערע סחורות, און הגם מיר פאַרלאַנגען ח״ו נישט קיין טובות, זאָגן מיר אָבער אַז דער צוגאַנג צום ענין פון האַנדלס־באַציאונגען מיט ישראל קאָן נישט זיין אַ טרוקענער. עס איז, זאָגן מיר, דער חוב פון דער דעמאָקראַטישער וועלט צו העלפן ישראל אין איר קאַמף פאַר איר עקזיסטענץ. און אָט האָט זיך דאָ געשאַפן אַזאַ אַטמאָספער, אַז דער מיניסטער פאַר האַנדל און אינדוסטריע, ד״ר קועטאָ רואַ, האָט אין אַ מיטאָג־עסן אין דער אַמבאַסאַדע טאַקע גערעדט אין דעם זעלביקן זין. „מיר קאָנען נישט זיין פּאַסיוו״, האָט ער אומגעפער געזאָגט, „לגבי ישראל. דער דעמאָקראַטישער און פאָרשריטלעכער עקספּערימענט פון אייער אויפגעוואַכט פאָלק איז פאַר אונדז פון גרויסן אינטערעס. מיר זעען אין אים אַ וויכטיקן עלעמענט פון דעם וועלט־געראַנגל פאַר דעמאָקראַטיע. און דעריבער זענען מיר גרייט צו באַטראַכטן די פראַגע פון אונדזערע האַנדלס־באַציאונגען נישט אין ריין עקאָנאָמישע טערמינען, נאָר אויך ווי אַ מדינה וואָס וויל אייך העלפן צו גיין פאָרויס״.

איך מוז אָבער בעטן אונדזערע גוטע פריינד די אינדוסטריעלער און אימפּאָרטירער, זיי זאָלן זיך נישט פאַרלאָזן אויף דעם זייער שיינעם און אָפּטימיסטישן אַרטיקל אין „לאַ נאַסיאָן״. דער אַרטיקל אַליין וועט מיט גאָרנישט פאַרגרעסערן דעם ישראל־עקספּאָרט קיין אַרגענטינע. נאָר אויב אונדזערע סוחרים וועלן אַרויסווייזן איניציאַטיוו און פאַנטאַזיע, אויב זיי וועלן זוכן וועגן ווי אַזוי אַראָפּצוברענגען אַהער ישראל־פּראָדוקטן און זיי פאַר־

שאַפן אַ מאַרק, מיט אַ געוויסער אייגענער ריזיקע, מיט פּיאָנערישן גייסט, ערשט דעמאָלט וועט דער טראַקטאַט, וואָס איז אונטערגעשריבן געוואָרן בעת מיניסטער סאַפּירס באַזוך, פאַרשטעלן מיט זיך אַ נייעם פּאָזיטיוון ווענד־פּונקט נאָך צוויי יאָר אומטעטיקייט און פאַרדרוס.

און דריטנס: עס איז געקומען צום אויסדרוק אַ אייגהייט־לעכע, פּאָזיטיווע איינשטעלונג לגבי דער כנסת־דעלעגאַציע מצד אַלע פּאָ־ליטישע פּאַרטייען. נישט געקוקט אויף דעם טיפן ריס צווישן זיי אין דער קאָנסטיטואַנטע און מחוץ דער קאָנסטיטואַנטע, האָבן די פּאַרטייען געזוכט און געפונען וועגן ווי אַזוי אויסצודריקן זייער פריינטשאַפט לגבי ישראל.

קיינער פון די וועלכע האָבן בייגעוווינט דעם 19טן סעפּטעמבער די זי־צונג פון דער קאָנווענציע אין סאַנטאַ פע האָט זיך נישט געקאָנט באַפרייען פון דעם איינדרוק, אַז ער איז אַ עדות פון אַ גרויסער, היסטאָרישער איבער־לעבעניש. וואָס עס זאָל נישט זיין דער גורל פון דעם דאָזיקן פאָרום, אָבער דער פאַקט אַז ס'איז געקומען צופליען פון מרחקים די פּאַרלאַמענטאַרישע פאַרשטייערשאַפט פון אַן אַלט־נייער דעמאָקראַטיע, וואָס איר נאָמען איז שווער מיט געשיכטלעכער באַדייטונג, כדי זיך צוצוקוקן, ווי אַזוי דאָס דאָ־זיקע גרויסע לאַנד אַרגענטינע זוכט צו לייזן זיינע גורלדיקע פּראָבלעמען, האָט פאַרוואַנדלט יענע זיצונג אין אַ בילד פון לעגענדאַרישע דימענסיעס. איך גלייב, אַז צום ערשטן מאָל האָט געקלונגען בקול רם אין אַ פרעמדן פּאַר־לאַמענט דאָס העברעישע לשון אויף די ליפּן פון אַ פאַרשטייער פון יידישן פאָלק — און מאיר ארגוב האָט געפונען געפליגלטע ווערטער פאַר יענער אומפאַרגעסלעכער געלעגנהייט — און ס'זענען צענדליקער טויזנטער מענטשן געזעסן צוגעשמידט צו די ראַדיאָס, צוהערנדיק זיך סיי צו דער עק־זאָטישער שפּראַך און סיי צו איר שפּאַנישער איבערזעצונג. איך ווייס, אַז יעדער ליבעראַלער מענטש אין אַרגענטינע, אין די ד' אמות פון דער קאָנס־טיטואַנטע און מחוץ זיי, האָט זיך געפילט דערהויבן און דערמוטיקט דורך דער ברכה פון דער ישראל־דעמאָקראַטיע.

אָבער נישט נאָר די ראָמאַנטישע מאָמענטן וועגן וועלכע איך האָב גע־זאָגט אַ פּאָר ווערטער, האָבן געמאַכט אַ טיפן רושם. אויך דער פאַקט, אַז די דעלעגאַציע איז באַשטאַנען פון פאַרטרעטער פון אַלע פאַרטייען, מיט איין איינציקן אויסנאַם, און איז געווען אַזוי אייגהייטלעך און האַרמאָניש אין אירע אויפטריטן, האָט אַרויסגערופן באַוווּנדערונג און געלאָזט נאָכדענקען.

די מיינונג־אויסטוישן דערוועגן האָבן באַשטעטיקט דאָס ווערטל פון דעם בראָדער מגיד, אַז קאָנסטיטוציע מיינט „קאָנסטו טוסטו, קאָנסטו נישט טוסטו נישט". די כנסת־דעלעגאַציע האָט באַוויזן אַז, הגם זי פאַרמאָגט נאָך

נישט קיין קאָנסטיטוציע, איז ישראל אַ לעבעדיקע און אויטענטישע דע־מאָקראַטיע.

## דאָפּלטע אַנטפּלעקונג

אָבער נישט ווייניקער וויכטיק און געלונגען איז געווען די באַגעגעניש פון דער דעלעגאַציע מיטן אַרגענטינער ישוב, וואָרום דאָ זענען פאָרגעקומען צוויי אַנטפּלעקונגען: דער יידישער גלות האָט אַנטדעקט די כנסת און די כנסת האָט אַנדעקט יידיש אַרגענטינע.

קיין אַרגענטינע קומען דער עיקר מיניסטאָרן און שליחים, ווייניק דע־פּוטאַטן. די היגע יידישע צייטונגען ברענגען טאָג־טעגלעך אַ ברייטע, פּיל־זייטיקע אינפאָרמאַציע וועגן דעם לעבן אין דער מדינה, אָבער וועגן דער טעטיקייט פון דער כנסת ווערט כמעט ווי נישט געשריבן. די ריזיקע געזעצגע־בערישע אַרבעט, די גרויסע וויכוחים אין וועלכע עס ראַנגלען זיך פאַרשיי־דענע השגות פון יידישן עבר און יידישער צוקונפט, ווייניק איז וועגן דעם באַוווסט. איצט האָבן יידן אין אַרגענטינע געהאַט די מעגלעכקייט זיך צו באַקענען מיט די לעגיסלאַטאָרן פון ישראל און מיט אַן אַספּעקט פון יידי־שער מלוכהשאַפט פון וועלכן זיי האָבן געהאַט אַ בלאַסן באַגריף. די כנסת האָט ביי זיי אַרויסגערופן דרך־ארץ און אָנערקענונג. איך דערלויב מיך פאָר־צושלאָגן דער דעלעגאַציע, אַז זי זאָל זאָרגן דערפאַר, אַז חוץ לארץ זאָל קריגן אַ בעסערע אינפאָרמאַציע וועגן די וויכטיקסטע דעבאַטן פון אונדזער פאַרלאַמענט און זיינע אויפטוען.

אָבער נאָך וויכטיקער איז, וואָס די דעלעגאַציע האָט זיך געטראָפן פּנים אל פּנים מיט אַרגענטינער יידן, מיט זייער ציוניזם, מיט זייער שטייגער יידישקייט. אין דעם פּרט, וועל איך גאָרנישט צוגעבן צו דעם וואָס דאָ איז היינט געזאָגט געוואָרן. איך מוז אָבער יאָ באַמערקן, מכוח עטלעכע פון די רעדעס וואָס מיר האָבן דאָ אויסגעהערט, אַז געוויסע פּראָבלעמען וועלן נישט געלייזט ווערן, נישט מיט לויב־רייד און נישט מיט שטראָף־רייד, נאָר דורך צוזאַמענאַרבעט פון ישראל מיטן גלות און דורך פאַרשטענדעניש פון ישראל מיטן גלות.

אין אַרגענטינער ישוב מוז ישראל אינוועסטירן מענטשן, מחשבה, אַר־בעט. עס לוינט זיך. די עליה וועט נישט גרעסער ווערן צוליב מוסר אָדער אַפילו צוליב בילדער פון דער תוכחה. זי וועט יאָ וואַקסן, אויב מ׳וועט זי פּלאַנירן, אויב מ׳וועט דעם פּאָטענציעלן עולה פונעם מיטלשטאַנד באַפרייען פון דער מורא און דער ריזיקע, אַז ער וועט אָנווערן אַלץ וואָס ער האָט אָפּגעשפּאָרט. העברעיש, יידישקייט, חכמת היהדות, אַלץ קאָן דאָ האָבן אַ

ליכטיקע צוקונפט, אויב ישראל װעט במשך פון אַ געװיסער צאָל יאָרן זייען און פלאַנצן אין אַרגענטינע. פאָרט די דעלעגאַציע צוריק מיט דער איבערצייגונג, אַז ישראל דאַרף דאָ במשך פון אַ געװיסער צייט טיף און אינטענסיװ אַקערן, בין איך זיכער אַז מיר װעלן דאָ דערלעבן אַ גרויס, אַ װוּנדערבאַר גערעטעניש.

די אונטערשטע שורה: מיר פילן זיך אַלע געשטאַרקט פון דעם באַזוך װאָס פאַרענדיקט זיך הייַנט. עס איז געװען אַ יום־טוב פון פרייַנטשאַפט און פון אַרבעט. און װען מיר װינטשן אונדזערע געסט אַ „צאתך לשלום", זאָגן זיי אונדז „אויף װידערזען". זיי זאָגן עס אונדז אויף דער שפּראַך פון לעאָ מאָצקינס חברים. לעאָ מאָצקין ע"ה האָט מיר דערציילט, אַז אין זייַנע יוגנט־יאָרן אין בערלין, האָט דער העברעישער סטודענטן־פאַריין צו װעלכן ער האָט געהערט, געהאַט גרויסע צרות מיט דער העברעישער טערמינאָלאָגיע. צום בייַ־שפּיל: װי צעגייט מען זיך אין בערלין, נישט זאָגנדיק „אויף װידערזען", אָבער װי זאָגט מען „אויף װידערזען" אויף העברעיש? איז מען געפאַלן אויף דער המצאה צו זאָגן „ותחזינה עינינו בשובך". מיט אָט דעם „אויף װידערזען" שיידן זיך פון אונדז אונדזערע געסט, אָבער זיי זאָגן דעם גאַנצן פסוק און מיט אַ װאַריאַנט. זיי זאָגן: „ותחזינה עינינו בשובכם לציון", זאָלן אונדזערע אויגן זען װי איר קערט זיך אום קיין ציון. מייַן איבערצייגונג איז, אַז אויב ישראל װעט צולייגן אַ האַנט, װעט דער װוּנטש מקוים װערן לגבי הונדערטער פון די װעלכע זענען דאָ הייַנט מיט אונדז פאַרזאַמלט און װערן אַ ברכה פאַר טויזנטער און טויזנטער.

# גאָלדע מאיר — סימבאָל פון „אין ברירה“

רעדע געהאַלטן אויף שפּאַניש דעם 21סטן נאָוועמבער 1957 וועגן מערי סירקינס בוך איבער גאָלדע מאיר דערשינען אין שפּאַנישער איבערזעצונג אין פאַרלאַג „קיום“.

כדי צו כאַראַקטעריזירן גאָלדע מאיר, וואָלט איך געזאָגט, אַז זי דער־מאָנט מיך אָפּט אין יענע פרויען־פיגורן וואָס זענען אויסגעהאַמערט אויפן פּאַריזער טריומפבויגן און וועלכע שטעלן פאָר דעם ווידערשטאַנד, אָדער די פרייהייט, אָדער אַ וועלכע ס'איז אַנדער שטרעבונג פון מענטשן אין באַ־וועגונג. אין דער רעוואָלוציע, וואָס ישראל מאַכט אדורך, פאַרקערפּערט גאָל־דע מאיר די אידייע פון „אין ברירה“.

נישטאָ קיין זאַך, וואָס זאָל זיין ווייטער פון איר ווי די שאַבלאָנע פאָר־שטעלונג וואָס די וועלט האָט וועגן אַן אויסערן־מיניסטער. קיין זאַך איז איר נישט אַזוי פרעמד ווי אויסערלעכע פייערלעכקייט, אַרויסדרייעניש און אומ־וועגן. זי פאַרמאָגט אין דער העכסטער מדרגה דעם טאַלאַנט צו פאַראייניפאַכן אַ פּראָבלעם, רעדוצירן אים צו זיינע עלעמענטאַרע באַשטאַנדטיילן, איבער־שניידן די גאָרדיאַנישע קנופּן מיט דער שאַרף פון איר וואָרט. ווען זי האָט געענדיקט רעדן, קאָן מען זיך מער נישט קווענקלען: מען מוז אויסקלייבן, און מען אַנטשליסט זיך אָפּט פאַר יענער לייזונג, וועלכע זי האָט באַלויכטן מיט איר פלאַם.

גאָלדע מאיר זעט די זאַכן דראַמאַטיש און פאַרשטייט אָנצוצינדן די אַרומיקע מיט דער דראַמאַטישקייט וואָס זי טראָגט אין זיך. זי מאָלט שוואַרץ און ווייס. זי פאַרפעלט נישט קיין איינציקן שאָטן פון דער אַלטערנאַטיווו, וועלכע זי וואַרפט אָפּ, אָבער קיינער באַשטראַלט נישט מיט מער ליכט דעם וועג, וועלכן זי לייגט פאָר, און קיינער וועט נישט געפינען קיין מער האַר־ציקע ווערטער, כדי צו רימען גבורה און אַלטרואיזם, אָדער די העלדישע און צו קרבנות־בארייטע יוגנט.

ווייל זי רעדוצירט סיטואַציעס צו זייער תמצית, מאַכט זי אַן איינדרוק פון קראַפט און רעאַלקייט. זי קימערט זיך נישט וועגן פּרטים און הייבט זי אָן צו ריידן, זעט מען זיך אַרום, אַז דער פּילפּול און די צווייַדייטיקייטן פון די וואָס האָבן גערעדט פאַר איר, זענען טפלדיק און קינסטלעך. זי איז, פאַרשטייט זיך, אַ דיפּלאָמאַט פאַר רעוואָלוציאָנערע עפּאָכעס, ווען די שליחות

באַשטייט אין אויפהייבן די רעגירער און די עפנטלעכע מיינונג איבער די מאָמענטאַנע באַגרענעצטע האָריזאָנטן, און זיי באַוועגן צו זען די פּראָבלע־מען אין זייער היסטאָרישער פּערספּעקטיוו און פון דעם שטאַנדפּונקט פון אַ העכערער מאָראַל.

נאַטירלעך קאָן אַזאַ דיפּלאָמאַטיע נישט איינברעכן דעם פּאַנצער פון אַ ציניש קעגנער, זיינע טרוקענע חשבונות און עגאָצענטרישע אינטערעסן. און פונדעסטוועגן איז גאָלדען געלונגען, צו בייטן דעם קוק אויף פּראָבלעמען, וואָס עס האָט זיך געדוכט, אַז אַלץ וועגן זיי איז שוין באַקאַנט, און דאָס צוליב איר אַנטשלאָסנקייט צו זען די זאַכן מ'ט נייע אויגן, און דערגרונ־טעוועט אין זיי דאָס באמת ממשותדיקע.

מיר קענען למשל אַלע דעם קורצזיכטיקן און סטערילן צוגאַנג, וועלכער זעט די איינציקע לייזונג פאַר די ריוואַליטעטן פונעם נאָענטן מזרח אין אַ טראַגישן וואָפן־געציג. גאָלדע מאיר האָט אים אַקעגנגעשטעלט די פּאָליטיק פון „נישט קיין טאַנקען, נאָר טראַקטאָרן". אויף דעם טשוואָק האָמערט זי אָן אויפהער, און רופט די אַראַבער נאָכטאָן דעם קאָנסטרוקטיוון ביישפּיל פון ישראל און פאַרזאָרגן זייערע פעלקער נישט מיט שנאה און קנאה, נאָר מיט בילדונג, געזונט, מאַטעריעלן און גייסטיקן פאָרשריט. ס'מערקן זיך סימנים, אַז מען הייבט זיך אָן צוצוהערן צו איר שטים. און ווען זי פאָר־מולירט מיט קלאַסישער שיינקייט, אַז „די איינציקע געגנט וואָס דאַרף זיך שרעקן פאַר אַן אַגרעסיע פון ישראל, איז דער מדבר פון ישראלדיקן נגב", הערט זיך צו די גאַנצע וועלט.

נישט ווייניקער ווי אירע רייד און אירע מעשים, איז איר דערשיינונג גופא אַן עלעמענט פון פאָרשריט און פון עמאַנציפּאַציע.

אין אָט דעם אַראַבישן אָריענט פון פאַרשלייערטע פרויען און פון האַ־רעמס, איז די עצם עקזיסטענץ פון אַ פרוי, וועלכע האָט באַוויזן צו ווערן אַ דעפּוטאַט, אַן אַמבאַסאַדאָר און אַ רעגירונגס־מיטגליד, אַ סימבאָל פון רע־וואָלט קעגן דעם פעאָדאַליזם, וועלכער קלאַמערט זיך אין זיינע פּריווילעגיעס. זי איז גלייכצייטיק אַ סטימול פאַר דעם יונגן דור אין זיין בונט קעגן אונ־טערטעניקייט און אומגלייכקייט.

# אומגעדולד פון אַ דאַנקבאַר האַרץ

רעדע געהאַלטן אויף שפּאַניש דעם 28סטן נאָוועמבער 1957,
בעת דער באַערונג פון אורוגווייער אַמבאַסאַדאָר מאַ־
טעאָ מאַרקעס קאַסטראָ, לכבוד דעם 10טן אַניווערסאַר פון
דער „אונאָ"־רעזאָלוציע.

פאַרוואָס אַזאַ שמחה, כדי צו פייערן בלויז צען יאָר פון אַ רעזאָלוציע, אַפילו אויב זי איז געווען פון היסטאָרישער באַדייטונג? וואָס שטעלן מיט זיך פאָר צען יאָר אינעם לעבן פון אַ פאָלק, און בפרט פון אַ פאָלק וואָס פאַר־בינדט זיין אייגענע צייט־רעכענונג מיט דער סאָמע באַשאַפונג פון דער וועלט? צו וואָס בכלל אַזאַ פייערונג, ווען אין די אויגן פון ישראל איז נאָר יענער טייל פון דער רעזאָלוציע געבליבן גילטיק, וואָס האָט באַשלאָסן, אַז עס זאָל אַנטשטיין אַ יידישע מדינה, בעת דאָס איבעריקע איז נישט מער אַקטועל צוליב דער אומאָפּהענגיקייט־מלחמה און די געשעענישן וועלכע זענען געקו־מען נאָכדעם?

איך מיין, אַז איך וועל ריכטיק אויסטייטשן אונדזער איילעניש, ווען איך וועל זאָגן, אַז אין איר קומט צום אויסדרוק די אומגעדולד פון אַ דאַנק־באַר האַרץ. דאַנקבאַר כלפּי דעם גורל, וואָס האָט אונדז דערלויבט צו פאַר־וואַנדלען אין אַווירקלעכקייט אַ באַשלוס וואָס איז געווען בלויז אַ ווונטש פון אַ ברייטן מענטשלעכן פאַרנעם, און וואָס האָט אונדז דערמעגלעכט צו גיין פאָרויס במשך פון די אַלע יאָרן, נישט געקוקט אויף דער פיינטשאַפט לגבי אונדז, וואָס האָט נישט אָפּגעלאָזט אויף קיין איין רגע. דאַנקבאַר אויך כלפּי אַזוי פיל מענטשן פון גוטן ווילן, וואָס האָבן, מיטליידנשאַפט פאַר גערעכטיקייט און מיט אמתער געטריישאַפט, אונדז געשטיצט אין אונדזער שווערן קאַמף פאַר אונדזער ווידערגעבורט ווי אַן אומאָפּהענגיק פאָלק.

## מיר פאַרגעסן נישט אונדזער חוב כלפּי אַלע די יעניקע וועלכע האָבן אונדז געהאָלפן

בעת מיר ווידמען אייער לאַנד די היינטיקע נאַכט, הער אַמבאַסאַדאָר, פאַרגעסן מיר נישט דעם חוב וואָס מיר זענען שולדיק אַלע אַנדערע, וואָס האָבן אונדז געהאָלפן אין דעם גרויסן פאַרמעסט פון יאָר 1947. מיר האָבן

דעמאָלט איבערגעלעבט איינעם פון יענע זעלטענע, און דערפאַר רירנדיקע מאָמענטן אין דער היינטצייטיקער געשיכטע, ווען דאָס מענטשלעכע געוויסן האָט געצווונגען די קעגנערישע בלאָקן צו אַ וואָפנשטילשטאַנד. די פאַראייניקטע שטאַטן און דער ראַטנפאַרבאַנד האָבן ביידע דערשפירט, אַז יאָרהונדערטער קוקן אויף זיי, און האָבן ביידע פאַרלאַנגט יושר און גוטמאַכונג פאַר אַ פאָלק וואָס האָט אַזוי פיל געליטן פון טייוולאָנישער באַרבאַרישקייט. אָפילו היינט, ווען אַזויפיל וואָלקנס פאַרטונקלען דעם האָריזאָנט, פאַרלירן מיר נישט די האָפענונג, אַז די וווּנדערבאַרע איינקייט פון יענע טעג וועט זיך ווידעראַמאָל אַנטפלעקן, ווען די אַטמאָספער וועט געלייטערט ווערן דורך דעם אָנדענק פון די יסורים, וועלכע זענען נייטיק געווען, כדי דאָזיקע אחדות צו דערגרייכן מיט צען יאָר צוריק.

אין אונדזער זכרון פון יענער צייט, האָט זיך באַזונדערס איינגעקריצט דער עפישער קאַמף פאַר גערעכטיקייט, וואָס עס האָבן געפירט, אין 1947, אין די קאָמיסיעס און אין דער גענעראַל פאַרזאַמלונג פון דער אונאָ, צוויי לאַטיין־אַמעריקאַנער פעלקער — אורוגוואַי און גוואַטעמאַלאַ. פאַר אורוגוואַי איז אָט דער געראַנגל פון איין דוד לטובת אַ צווייטן דוד, נישט געווען קיין פאַראיינצלטער עפּיזאָד. שוין אויף דער קאָנפערענץ אין סאַן פראַנציסקאָ, אויף וועלכער עס איז געלייגט געוואָרן דער פונדאַמענט פון די פאַראייניקטע פעלקער, איז די אורוגוואַיער דעלעגאַציע געווען די איינציקע, וואָס האָט צוגעשטעלט אַ רעזאָלוציע פון סאָלידאַריטעט מיט דעם יידישן צער און „אַ ווונטש, אַז די לעגיטימע פאָדערונגען פון דעם דאָזיקן באַדנלאָזן פאָלק, זאָלן באַקומען אַ דעפיניטיווע לייזונג". זייט דעמאָלט איז די פּאָזיציע פון אורוגוואַי פאַרבליבן אומגעענדערט און איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טראַדיציע, וואָס איז כסדר ווידער געקומען צום פאָרשיין, ביז צו איר לעצטער מאַניפעסטאַציע, ווען איר דיפּלאָמאַטישע רעפּרעזענטאַנץ איז אַריבערגעפירט געוואָרן פון תל־אביב קיין ירושלים, אַ געשעעניש וואָס האָט באַדעקט מיט יום־טובדיקייט די בערג פון ציון. די דאָזיקע באַשטענדיקע אויסדרוקן פון פריינטשאַפט האָבן ענג פאַרבונדן דעם נאָמען פון אורוגוואַי מיט דער באַנייטער פרייהייט פון ישראל.

## די ריטערלעכע אויסערן־פּאָליטיק פון אורוגוואַי

פון וועלכע מיסטעריעזע עלעמענטן באַשטייט אייער ערד, וואָס פאַר אַ באַזונדער בלוט פליסט אין די אָדערן פון אייערע בירגער, כדי אייער אומה זאָל זיין אַזוי באַהאָפטן מיט די גרויסע מענטשלעכע געבאָטן, כדי איר אויסערן־פּאָליטיק זאָל זיין אַזוי ריטערלעך, אַזוי דערהויבן איבער אייגענע אינ־

טערעסן און חשבונות? וואָרום יעדעס מאָל ווען גערעכטיקייט און פרייהייט זענען אין סכנה, ערגעצווו אויף דער וועלט, איז פאַר קיינעם קיין ספק נישט, אויף וועלכער זייט פון דער באַריקאַדע עס וועט זיך געפינען די אורוגוואַיער רעפובליק.

אין יענעם יאָר 1947 האָט איר, הער אַמבאַסאַדאָר, מיט דער געלאַסע־נער קאָמפעטענץ, וואָס איז אייך אייגן, דערפילט די פונקציע פון אויסערן־מיניסטער, צו וועלכער עס האָט אייך באַרופן דער באַרימטער פרעזידענט טאָמאַס באַרעטאַ, און באַשטעטיקט זיין פראָמינענטער נאָכפאָלגער, פרעזי־דענט לואיס באַטזשע בערעס. אויף אייך איז געלעגן די אחריות, אָנצוצייכע־נען אורוגוואַיס שטעלונג אין דעם גרויסן שטרייט פאַר אונדזער צוקונפט און צו פלאַנירן און באַשליסן די סטראַטעגיע פון אייער דעלעגאַציע. אַדאַנק אייערע געניטע און ברייטהאַרציקע אינסטרוקציעס, וואָס עס האָט באַהויכט אַ טיפער הומאַניטאַריזם, האָבן אייערע וואָרטזאָגער, צווישן וועלכע עס האָט זיך געפונען אונדזער געשעצטער פריינד ענריקע ראָדריגעס פאַברעגאַט, זיך אויסגעצייכנט אין אַ שלאַכט, וועלכע איז אַריין אין דער געשיכטע. שפּעטער איז אייך אויסגעקומען, ווי דער דעלעגאַט פון אייער לאַנד, צו שטימען פער־זענלעך דערפאַר, אַז ישראל זאָל אויפגענומען ווערן אין דעם אינטערנאַציאָ־נאַלן אָרגאַניזם, און איך וועל שטענדיק געדענקען ווי גערירט איך בין געווען פון דער התלהבות מיט וועלכער איר האָט מיר באַשריבן יענע געשעענישן.

## די דרייפאַכיקע ווירדיקייט פון אַמבאַסאַדאָר מאַרקעס קאַסטראָ

הער אַמבאַסאַדאָר! די היינטיקע באַערונג קומט פאַר אין דער גרויסער אַרגענטינע, וואָס מיר האָבן זיך אויסגעלערנט ליב צו האָבן און צו באַוווּנ־דערן, ווו די העכסטע מענטשלעכע אידעאַלן האָבן געפונען קעמפער און טריבונען, און דעם נאָמען פון וועמענס גרויסן סאַן מאַרטין מיר האָבן פאַר־בונדן מיט דער סאַמע געאָגראַפיע פון אונדזער לאַנד.

די דאָזיקע אַרגענטינע האָט נישט אויפגעהערט צו פאַרקניפּן אייער פאָלק מיט זיינע אייגענע נאָבלסטע אַספּיראַציעס. איר פּערזענלעך טראָגט אַ דריי־פאַכיקע אינוועסטיטור: ווי דער אָנגעזעענער פאָרטרעטער פון אייער רעגי־רונג, ווי דער וויצע־דעקאַן פון דיפּלאָמאַטישן קאָרפּוס וואָס פילט צו אייך אַ האַרציקע אַכטונג, און כמעט ווי אַ נאַציאָנאַלע פיגור אין דעם לאַנד ווו איר זענט אַקרעדיטירט. זעלטענע מעלות, פאַרנופט, באַשיידנקייט און אַן איידל האַרץ, מאַכן אייך דרייפאַכיק ראוי צו באַקליידן די דאָזיקע דרייפאַכיקע וויר־

דיקייט. עס איז פאַר מיר אַ גרויסער כבוד וואָס איך קאָן צוגעבן היינטיקע נאַכט צו אַזוי פיל אויסצייכענונגען די וואַרעמע אָנערקענונג פון מיין מדינה און וואָס איך האָב די פּריווילעגיע צו זיין איר וואָרטזאָגער אין אַזאַ דער־הויבענעם מאָמענט.

# דער לייענער זוכט אין דער טאָג־צייטונג וויסן און געוויסן און פונעם רעפּאָרטער וויל ער געוואָר ווערן און געוואָרנט ווערן

רעדע געהאַלטן דעם 5טן יאַנואַר 1958 אויף דער מסיבה לכבוד דעם 40־יאָריקן יובילײ פון דער יידישער טאָג־צייטונג „די פּרעסע" אין בוענאָס איירעס.

עס זענען פאַראַן ווייניק זאַכן אין דעם יידישן לעבן וועלכע זענען אַזוי וויכטיק ווי דאָס וואָרט, דאָס גערעדטע, דאָס געשריבענע אָדער דאָס געדרוקטע. איינער פון גאָטס נעמען אויף העברעיש איז „הדיבור" — דאָס אַרויסגעזאָגטע וואָרט, אַזוי גרויס איז ביי אונדז דער יראת־הכבוד פאַר צוזאַמענגעשטעלטע אותיות און פאַר דער שליחות וואָס זיי שטעלן מיט זיך פאָר.

ווער מער ווי די באַוועגונג וועלכע האָט געבראַכט צו דער שאַפונג פון דער מדינה פאַרשטייט אָפּצושאַצן דעם ווערט פון דעם טאָג־טעגלעכן „דבר אל בני ישראל"? ווער מער ווי זי וויים וואָס דאָס וואָרט, אָנהייבנדיק מיט דעם ספר הספרים און פאָרזעצנדיק אין דער נייער תקופה מיט פּינסקער, הערצל, אחד העם און ביאַליק, מיט צענדליקער גרויסע און טויזנטער אומבאַקאַנטע, האָט געטאָן כדי צו געווינען הערצער פאַר שיבת־ציון און שטאַרקן די מוחות און די מוסקולן וועלכע האָבן זי פאַרווירקלעכט?

ווער עס פאָרט אַרום אין דער יידישער וועלט וויים ווי גרויס עס איז דער אונטערשייד אין קענטעניש, אין אידענטיפיקאַציע מיט ישראל און מיט יידישע ווערטן, צווישן אַ ישוב וועלכער ווערט געשפּייזט דורך אַ יידיש בלאַט מיט נייעס און מיט געדאַנקען און צווישן אַזעלכן וועלכער איז אָנגעוויזן אויף צופעליקע און אומגענויע ידיעות.

ניין, ישראל האָט נישט געקאָנט פעלן אויף אַ יום־טוב לכבוד 40 יאָר דערשיינען פון אַ יידישער צייטונג, ווייל ס'איז אַ יום־טוב פון יאָ זאָגן צו יידישקייט און פון אויסדויער, וואָס די מדינה איז דערפון דער העכסטער סימבאָל אין אונדזער צייט, און ווייל אַ טאָג וועט קומען, איך האָף, ווען ישראל וועט זיין קאָאָרדינאַטאָר פון די פאַרשיידענע המשכים איבער גאָר דער וועלט.

## אַ גויישער זעצער פון אַ יידישער צייטשריפט אין בריסל

עס איז דאָ אַ צווייטע, אַ פּערזענלעכע סיבה פאַר דעם באַדאַרף וואָס איך האָב געהאַט, זיך צו געפינען דאָ היינט מיט אייך. איך אַליין האָב אַרויסגעגעבן אַ געוויסע צאָל צייטשריפטן אויף יידיש און אויף אַנדערע שפּראַכן, אמת אין אַ קליינעם דעמאָלט פאַרוואָרפענעם ישוב. נאָך אין מיינע יונגע יאָרן, האָב איך געהאַט דעם זכות צו זיין דער שעף־רעדאַקטאָר פון אַ זשורנאַל וועלכער האָט געציילט צווישן זיינע מיטאַרבעטער אַזעלכע גדולים ווי מאַקס נאָרדוי, אַלכסנדר מאַרמאָרעק און זשאַן פישער. נישט געקוקט אויף דעם באַשיידענעם פאָרמאַט פון מיין רעדאַקטאָרישן באַגאַזש, קען איך אָבער פון פערזענלעכער דערפאַרונג די פרייד און די זאָרגן פון אַ יידישער רעדאַקציע. אַחוץ דעם קאָן זיך דאָ קיינער געוויס נישט באַרימען מיט אַזאַ עקספּעריִמענט ווי דעם וועלכן איך האָב אַדורכגעמאַכט אין 1918, ווען איך האָב איבערגערעדט אַ גויישן דרוקער אין בריסעל, ער זאָל זעצן אַ צייטונג אויף יידיש לויט די טעקסטן וועלכע איך האָב געהאַט אָנגעשריבן מיט לאַטיינישע אותיות, אויפן סמך פון אַ ספּעציעלן שליסל מיט וועלכן ער האָט בלינדערהייט געקאָנט געפינען אין דעם זאַץ־קעסטל די אותיות צו וועלכע ער איז געווען צוגעוווינט. אָבער מער ווי צוויי נומערן האָט דער דאָזיקער גוי פון די חסידי אומות העולם נישט אויסגעהאַלטן. נאָכן צווייטן נומער האָב איך געפונען דאָס קעסטעלע מיט יידישן זאַץ ביי מיר אינדערהיים און דער בחור הזעצער איז פאַרשוווּנדן אויף וואָכן לאַנג, אויס מורא טאָמער וועל איך אים אויפזוכן און וועל אים נאָכאַמאָל איבערצייגן, ער זאָל נעמען אויף זיך די ווילדע, פאַנטאַסטישע אויפגאַבע.

## יידישע טאָג־צייטונגען אין נאָרד־אַמעריקע און אין אַרגענטינע

איך קום צוריק פון אַ באַזוך פון קנאַפּע צוועלף טעג אין נאָרד־אַמעריקע, און ברענג מיט זיך אַ שלל איינדרוקן. איך בין באַזונדערס אונטער דעם שטאַרקן רושם פון דעם אָרט וואָס עס פאַרנעמט ישׂראל אין די פאַראייניקטע שטאַטן, און דאָס אין אַ צייט ווען דאָס דאָזיקע מעכטיקע לאַנד געפינט זיך נאָך אין דער מיט פון אַ שווערן אינטערנאַציאָנאַלן קריזיס און פון אַ טיפער רעוויזיע אין אַ גאַנצער ריי ווערטן און קריטעריומס. איך בין, זאָג איך, אונטער דעם רושם פון דעם צוגאַנג צו ישׂראל ווי צו אַ וויכטיקן, ווערטפולן פאַקטאָר, אין אַ צייט ווען טיטאַנען פאַרמעסטן זיך אין אַ ריזיקן איבערמענטשלעכן געיעג. איך בין אויך אונטער דעם איינדרוק פון דעם ברייטן פאַרנעם פון יידישער באַוווּסטזיניקייט און כבוד צו זיך אַליין, הגם יידישע

מנהיגים זענען געווען מער סקעפּטיש ווי איך איבער דעם באַדייט פון דער נייער באַציאונג צו יידישקייט אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

אָבער אין דער היינטיקער מסיבה וויל איך זיך אָפּשטעלן אויף צוויי ראַנד־באַמערקונגען. ערשטנס, וויל איך איבערברענגען דעם גרוס פון אונדזער גרויסן לייוויק, וועמ׳ענס וואָרט האָט זיך דערהויבן צו נייע הויכקייטן אויף דער אידעאָלאָגישער קאָנפערענץ אין ירושלים, און וועלכער האָט מיר געזאָגט ווי שטאַרק ער באַדויערט וואָס צוליב זיין געזונט־צושטאַנד מוז ער זיך באַגנוגענען מיט דעם מזל־טוב־טעלעגראַם וואָס ער האָט צוגעשיקט דער „פרעסע״.

צווייטנס, וויל איך פאַרגלייכן אין איין אַספּעקט די יידישע טאָג־פּרעסע דאָרטן און דאָ. ס׳איז נישטאָ קיין ספק, און דאָס וואַרפט זיך אין די אויגן גלייך ווי מען נעמט אין האַנט די טאָג־צייטונגען פוןביידע לענדער, אַז אין דער היגער יידישער פּרעסע שפּיגלט זיך אָפּ אַ סך אַ לעבעדיקערער קאָנטאַקט מיט די פּראָבלעמען פון דעם אָרטיקן געזעלשאַפטלעכן יידישן לעבן און אַז איר השפּעה איז אַ סך גרעסער אויף דער אָרטיקער אָנפירערשאַפט פון דער יידישער פּאָליטיק און אויף דעם יידישן אָרגאַניזירטן לעבן. די יידישע שרייבער, מיט וועלכע איך האָב זיך געזען, האָבן צוגעגעבן אַז עס באַשטייט טאָקע אַזאַ אונטערשייד לטובת אַרגענטינע. נאָטירלעך פאַרמינערט מיין באַמערקונג אין גאָרנישט מיין באַציאונג פון טיפער אַכטונג צו דער יידישער נאָרד־אַמעריקאַנער פרעסע, וועלכע ציילט צווישן אירע מיטאַרבעטער די בעסטע נעמען פון דער היינטיקער יידישער פּובליציסטיק.

נישט אַריינגייענדיק אין אַ טיפערן אַנאַליז פון דעם דאָזיקן אונטערשייד, וויל איך זאָגן אַז די אַרגענטינער יידישע טאָג־פרעסע האָט דוכט זיך גיכער אויסגעמיטן ווי די נאָרד־אַמעריקאַנער, דאָס וואָס ביאַליק האָט אַמאָל אָנגערופן — אומ׳גערעכטערהייט — דעם „עגנונישן קאָמפּלעקס״. ווען מען האָט ביאַליקן געפרעגט זיין מיינונג וועגן דעם גרעסטן העברעישן פּראָזאַיקער פון אונדזער צייט, ש. י. עגנון, האָט ער געזאָגט, „עגנון איז אַן אתרוג פון די בעסטע און די שענסטע וועלכער ליגט אין דעם ווייכסטן און איידלסטן פלאַקס, אין אַ קעסטעלע פון עצי־זית, וואָס איז אַליין אַרומגערינגלט פון אַ זילבערנער קעסטעלע, און אַזוי ליגט ער און פערפומירט זיך מיטן ריח פון דעם אייגענעם פּיטום״.

לגבי עגנון איז ביאַליקס באַמערקונג אַן אומגערעכטע. אַ ראָמאַן־שרייבער און עסייאיסט האָבן דאָס פולע רעכט צו שרייבן פאַר אויסדערוויילטע אין אַן אייגנאַרטיקן, אַפילו שיפרירטן סטיל. אגב זענען טויזנטער און טויזנטער באַצוונגען געוואָרן פון עגנונס כישוף און ווען ער ווערט איבערגעזעצט

ווערן אין פרעמדע שפּראַכן, וועלן זיינע חסידים זיך ציילן אין די הונדער־טער טויזנטער.

ביאַליקס קריטיק נעמט זיך, פאַרשטייט זיך, פון זיין עצם קעגנערשאַפט צו „קונסט לשם קונסט", אָבער וואָס באַטרעפט אַ יידישע טאָג־צייטונג איז די מסקנה פון זיין צוגאַנג אַן אַבסאָלוט גערעכטע. די געבאָטן פון אַ טאָג־צייטונג זענען אַקטואַליטעט, רעאַליטעט און צוגענגלעכקייט. אַ טאָג־צייטונג קאָן נאָר אין איר קלענסטן טייל זיין אַ מיטל צו אַנטלויפן פון דערווירק־לעכקייט. די יידישע טאָג־צייטונגען אין פּוילן האָבן זייער גוט פאַרשטאַנען דעם צוגאַנג, ווען זיי האָבן זיך אָנגערופן מיט אַזעלכע נעמען ווי „היינט", „דער מאָמענט", „דאָס לעבן". ס'איז דעריבער אַ גרויסער אַקטיוו פון דער היגער יידישער טאָג־פּרעסע וואָס איר האָט זיך איינגעגעבן צו זיין אַזוי לע־בעדיק און אַקטועל, אויב אַפילו דאָס קומט דער עיקר פון דעם ברייטן פּלאַץ וואָס זי ווידמעט דער לאָקאַלער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט.

## טאָג־צייטונג און מאַגאַזין

דער פונדאַמענטאַלער אונטערשייד צווישן די אויפגאַבן פון אַ טאָג־צײַ־טונג און אַ צייטשריפט ווערט נישט שטענדיק פאַרשטאַנען. גראָד במשך פון דעם קורצן באַזוך מײַנעם אין נאָרד־אַמעריקע, איז מיר אויסגעקומען צו זען אַן אינטערעסאַנטן טעלעוויזיע־פּראָגראַם אויף ענגליש, אין וועלכן עס האָבן זיך באַטייליקט דריי אָנגעזעענע יידישע זשורנאַליסטן, וועלכע האָבן באַ־האַנדלט די וויכטיקסטע געשעענישן פון דעם יידישן לעבן אין פאַרלויף פון לעצטן יאָר. אין אַ געוויסן מאָמענט האָט דער שמועס אויך באַרירט די יידי־שע טאָג־פּרעסע פון נאָרד־אַמעריקע, און זי איז באַזונדערס געלויבט געוואָרן צוליב דעם וואָס אירע צייטונגען זענען די איינציקע אין דעם דאָזיקן לאַנד וואָס יעדער נומער איז גלייכצייטיק אַ מאַגאַזין, אָנגעפּיקעוועט מיט ליטע־ראַרישער פּראָזע, מיט שירים, עסייען, פילאָזאָפישע אָפּהאַנדלונגען אאַז"וו.

איך מוז זיך מודה זיין, אַז אין מיינע אויגן איז דער דאָזיקער מאַגאַזין־כאַראַקטער נישט קיין מעלה פאַר אַ טאָג־צייטונג און אַז די גוויישע פּרעסע שטייט דעריבער פאַר מיר מער אין איינקלאַנג מיט די ריכטיקע אויפ־גאַבן פון אַ טאָג־צייטונג, וועלכע זענען, ווי איך האָב שוין געזאָגט, אַקטואַ־ליטעט, רעאַליטעט און צוגענגלעכקייט.

די גרויסע נאָרד־אַמעריקאַנער צייטונגען ווי „טיימס", „העראַלד־טרי־ביון", „קריסטיאַן סייענס מאָניטאָר", „וואַשינגטאָן פּאָסט" (מיר געפעלן באַ־זונדערס די רעדוצירטע לופט־אויסגאַבן פון אַמסטערדאַמער „טיימס" און פּאַ־ריזער „העראַלד טריביון") באַשטייען דער עיקר פון צוויי גרויסע טיילן. זיי

ברענגען קודם־כל רעפּאָרטאַזשן און אין אַ סך קלענערער מאָס עדיטאָריאַלן און קאָמענטאַרן.

דער גרויסער אַמעריקאַנישער זשורנאַליסט איז דער רעפּאָרטער, וואָס, וויבאַלד ער דערוועָרבט זיך זיינע עפּאָלעטן, שרייבט ער אונטער זיינע רעפּאָרטאַזשן, און דער נאָמען ווערט אַ שם דבר. זיין אויפגאַבע איז איינע פון די וויטאַלסטע פון דער צייטונג: אויסצוגעפינען דעם אמתן אמת. דער לייענער דערוואַרט פון אים, אַז דורך אים זאָל ער ג ע וו אָ ר ווערן א ו ן ג ע וו אָ ר נ ט ווערן.

איך האַלט עס פאַר אַ חסרון פון דער יידישער זשורנאַליסטישער פּראָפעסיע, סיי אין ישראל און סיי אין די תפוצות, וואָס דער יידישער זשורנאַליסט וויל בדרך כלל נישט זיין קיין רעפּאָרטער. די סיבה דערפון נאַטירלעך איז דער פאַקט וואָס דער רעפּאָרטער פאַרנעמט נישט קיין הויכן שטאַפּל אין דער היעראַרכיע פון אונדזער זשורנאַליסטיק. וואָס אָבער איז די מסקנה פון אַזאַ צוגאַנג? אַז צוליב מאַנגל אין רעפּאָרטערס, פאַרנעמען קאָמוניקאַטן אַלץ מער דאָס אָרט פון רעפּאָרטאַזשן. אָבער קאָמוניקאַטן זענען אין בעסטן פאַל סוביעקטיווע אמתן און דאָס וואָס דער לייענער איז באַרעכטיקט צו באַקומען איז אַן אָביעקטיוון אמת.

אַ צווייטן טייל ווי געזאָגט, אַ סך אַ קלענערן אָבער אַ וויכטיקערן, גיבן די גרויסע נאָרד־אַמעריקאַנער צייטונגען אַוועק אויף עדיטאָריאַלן און קאָמענטאַרן. אין זיי זוכט דער לייענער ווי ס ן א ו ן ג ע וו י ס ן, אָריענטאַציע פאַרן כלל און פאַר זיך אַליין ווי אַ טייל פון כלל. עס פרייט מיך זייער וואָס אין די לעצטע יאָרן האָט זיך די חשיבות פון דעם דאָזיקן סעקטאָר געהויבן אין דער אַרגענטינער יידישע טאָג־פּרעסע און וואָס עס באַמיט זיך צו אונטערשיידן זיך פון פּראָפּאַגאַנדע.

איך בין זיכער, אַז דער דאָזיקער אָפּטייל פון מוטיקער הדרכה וועט וואַקסן אין באַדייט, אָביעקטיוויטעט און פניותלאָזיקייט. דער יידישער ישוב נייטיקט זיך אין אַזאַ אָריענטאַציע. איך וועל נישט גיין אַזוי ווייט ווי קאַרלייל, וועלכער האָט אין 1829 געזאָגט: „די אמתע קירך פון ענגלאַנד באַשטייט אין איצטיקן מאָמענט פון די רעדאַקטאָרן פון אירע צייטונגען. זייערע דרשות הערט דאָס פאָלק טאָג־טעגלעך און וועכנטלעך". אָבער דער ציטאַט גופא זאָגט וואָס פאַר אַ בלויז אַזאַ עדיטאָריאַלער צוגאַנג וואָלט לויט מיר געקאָנט אויספילן אין דעם לעבן פון דעם דאָזיקן ישוב.

## אָפּשפּיגלען די שאַפונגען אין יידישער שפּראַך אין גאָר דער וועלט

איך וויל פאַרענדיקן מיט אַ באַזונדערן ווונטש צו די רעדאַקטאָרן פון דער אַרגענטינער יידישער טאָג־פּרעסע, דווקא ווייל זיי זעט אין דער פּאַרטיי־דיקונג פון דער יידישער שפּראַך און אין דער קולטיווירונג פון דער יידישער ליטעראַטור איינע פון אירע באַזונדערע אויפגאַבן. איך וואָלט געוואָלט, אַז זי זאָל ברענגען פון צייט צו צייט אַן איבערבליק איבער דער ליטעראַרישער פּראָדוקציע אין דער יידישער שפּראַך אין גאָר דער וועלט און אַן אַנטאָלאָגיע פון די דאָזיקע שאַפונגען.

איר זעט: איך בין באַשיידן. איך רעד נישט פון דעם גרויסן ליטעראַ־רישן און געדאַנקלעכן רענעסאַנס, וועלכער קומט פאָר אויף העברעיש, איך פאַרלאַנג נישט קיין וועלט־בילד פון יידישער ליטעראַרישער און קולטורעלער שעפערישקייט אין אַלע שפּראַכן, אָבער לאָמיר לכל הפּחות וויסן וואָס עס פּאַסירט אין דער יידישער ליטעראַטור. קנאַפּ איז די צאָל פון די וואָס לייע־נען „די גאָלדענע קייט" אָדער די „צוקונפט", אָדער אַנדערע מאַגאַזינען. און וואָס ווייסן מיר וועגן דעם וואָס עס שרייבט זיך און דענקט זיך אויף יידיש אין נאָרד־אַמעריקע, אין קאַנאַדע, אין מעקסיקע, אין בראַזיל, אין אורוגוויי, אין מזרח־אייראָפּע, אין פראַנקרייך, אין ענגלאַנד, אין זיד־אַמעריקע און אין ישראל? מיר דוכט, אַז קיינמאָל איז די יידישע ליטעראַרישע וועלט נישט געווען אַזוי צעשיידט דורך אַזויפיל מחיצות ווי אין דער איצטיקער צייט. יעדער ישוב לעבט זיך אין די דלד אמות פון זיין אייגענעם ליטעראַרישן געטאָ.

אָבער מיר האָבן זיך קיינמאָל נישט אָפּגעזאָגט פון דעם כלל. בעת הערצל האָט באַשלאָסן צו גרינדן אַ צייטונג וואָס זאָל זיין איינער פון די אינסטרומענטן אין דער שאַפונג פון דער יידישער מדינה, האָט ער די צייטונג נישט אָנגערופן „דער יודענשטאַט", „ציון", „דער מזרח", ער האָט זי אָנגערופן מיט דעם כאַראַקטעריסטישן נאָמען „די וועלט". ווארום ס'איז קלאָר, אַז די יידישע מדינה איז פאַר אונדז אַ באַזע, כדי צו פאַרנעמען אונ־דזער אייגענעם אָרט צווישן די פעלקער און די לענדער, אין דער מענטשהייט און אין דער וועלט. אַלץ וואָס מיר טוען און אַלץ וואָס מיר שאַפן, איז בדי צו זיין אַ גלייכבאַרעכטיקטער טייל פון דעם גרויסן אַלגעמיינעם כלל. און פּונקט אַזוי איז קלאָר, אַז נישט די היגע יידישע פּרעסע און נישט דער הי־גער יידישער ישוב זענען נישט קיין זעלבסטצוועקן, נאָר זענען מיטלען אין דער פאַרווירקלעכונג פון אַ גרויסער נאַציאָנאַלער און מענטשלעכער שליחות. מיר ווילן דעריבער לכל הפּחות וויסן וואָס עס טוט זיך און וואָס עס שאַפט זיך אין די אַנדערע טיילן וואָס צוזאַמען מיט זיי זענען מיר איין גאַנצקייט.

# די מלכּת שבֿא באַזוכט ווידעראַמאָל שלמה המלך

**רעדע געהאַלטן דעם 16טן אַפּריל 1958 אויפֿן דריטן סדר־ פֿון פּועלי־ציון־התאחדות.**

אויך היינטיקס יאָר דריק איך אויס מיין אמתע דאַנקבאַרקייט די מסדרים פֿון דריטן סדר, וואָס האָבן אונדז דאָ פֿאַרזאַמלט אין אַזאַ פֿייערלעכער און דערהויבענער מסיבה. דער סדר איז געוואָרן איינער פֿון די דערקענונגס־סימנים פֿון דעם יידישן כלל און אין דער נאָרד־אַמעריקאַנער ליטעראַטור איז ער שוין כמעט אַ היימישער גאַסט. פּסח אַליין איז פֿון לאַנגע יאָרן איינער פֿון די יידישע עדות־זאָגער, און ווער עס איז געפֿאַלן אונטערן כּישוף פֿון זיין מערקווירדיקן ריטואַל, בלייבט זיין געפֿאַנגענער.

## זכרונות פֿון געהיימע סדרים

איך האָב קיינמאָל מער נישט געקאָנט געפֿינען דעם אַלטן מחזור מיט עברי־טייטש, ווו איך האָב געלייענט, בעת איך בין געווען אַ קינד, די וווּנדערלעכע מעשה מיט אַ יידן וואָס איז פֿאַרוואָגלט געוואָרן ערב פּסח אין אַ איטאַליענישער שטאָט, ווו ס'האָט געהערשט די אינקוויזיציע. ער וויל פֿראַווען דעם סדר צווישן יידן און ער גייט אויפֿן מאַרק, כּדי נאָכשפּיאָנירן ווער ס'וועט איינקויפֿן פּסחדיקע מאכלים. און ווען ער זעט ווי אַ דינסט לייגט אַריין ביי איר אין קאָרב ביטערע קרייטעכצער און פּעטערזיל, גייט ער איר נאָך, ביז ער קומט צו אַ הויז, וואָס כּלפּי חוץ קוקט עס אויס שטרענג קאַטויליש, און ווו נאָך לאַנגער מי, פֿאַרטרייבנדיק חשד און מורא מצד די באַלעבאַטים, ריכט ער אָפּ דעם זעלביקן אָוונט, אין אַ פֿראַכטפֿולן קעלער, מיט איבער אַ מנין פֿאַרבאַהאַלטענע יידן, אַ סדר פֿול מיט גלאַנץ און דביקות. ביז היינט צו טאָג איז מיר פֿאַרבליבן אין זכּרון יענער סיפּור המעשה פֿול מיט סודותדיקייט און בענקשאַפֿט, און וואָס איך וואָלט שטאַרק געוואָלט לייענען פֿונדאָסניי אין דעם אַלטן מקור.

אַ סך שפּעטער האָט זיך אין מיין לעבן פֿאַרבונדן יענע מעשהלע מיט אַן איבערלעבעניש מיינס אין קאַטאָוויץ וואָס אין פּוילן, אום שביעי של פּסח 1952. איך וועל אַמאָל דערציילן ווי אַזוי ס'זענען געקומען שטערער אין דעם אָרעמען בית המדרש, כּדי נישט דערלאָזן, אַז יידן זאָלן זיך פֿרייען מיטן פֿאַר־

שטייער פון ישראל, און װי אַזױ, בעת ס׳איז געקומען די שעה פון „יזכור״, האָבן דער זעלבער צער און דער זעלביקער אָנדענק צוזאַמענגעשלאָסן און פּאַראַייניקט שטערער און די װעמען זײ האָבן געזאָלט שטערן. אָבער װי פאַר־װוּנדערט בין איך געװען, װען דער ראש הקהל האָט מיר אויסגעזאָגט, אַז אַלע יידן פון שטאָט, אָן איין אײנציקן אויסנאַם, האָבן ביי אים גענומען מצה אויף פסח, און האָבן דערפאַר געגעבן מעות־חיטים, און האָבן געלאָזט פאַר־שרייבן זייערע נעמען, און אַז נאָר איינער, זייער אַ הויכער פונקציאָנאַר, האָט געבעטן מען זאָל זיין נאָמען פאַרשװייגן. אַזוי גרויס איז דער צויבער פון די פסחדיקע סימבאָלן און פון דעם פסחדיקן ריטואַל.

איך בין דאַנקבאַר די אָרגאַניזאַטאָרן פון דעם הײנטיקן יום־טוב, נישט נאָר פאַרן סדר נאָר אויך פאַר צוקלערן און צוגרייטן אונדז אַ הגדה, הגם דאָס מאָל פאַרנעמט אין איר דער טרויער צופיל פלאַץ. איך פריי זיך מיט דער געלעגנהייט װאָס איז אונדז געגעבן געװאָרן „בפיך ובלבבך לעשותו״, אים אָפּצוריכטן מיט אונדזער מויל און מיט אונדזער האַרץ. װאָרום, הגם ס׳דוכט זיך, אַז דער פסח איז אונדז זייער נאָענט און דער סדר געװיס און געװיס, אָבער פונדעסטװעגן, װי איר װעט מיר דערלויבן אויסטייטשן דעם פסוק אין דברים „כי קרוב אליך הדבר מאוד״, כדי די זאַך זאָל דיר זיין באמת נאָענט, מוזטו עס טאָן מיט דיין מויל און מיט דיין הארצן.

## מיר מוזן זיך איבערבעטן מיט די װערטער פון דער הגדה

איך מאַך פון צייט צו צייט פּרוּװן צו דערנענטערן אָפּגעפרעמדטע יידן צו טראַדיציאָנעלער יידישקייט. דאָס שװערסטע אפשר ביי זיי, איז פועלן ביי זיך אַרויסצוברענגען איבער די ליפּן די אַלטע װערטער װעלכע זענען אַזוי פול מיט אַן אינהאַלט פון װעלכן זיי האָבן זיך אינגאַנצן דערװייטערט אין זייער טאָג־טעגלעכן לעבן. און דאָך: עס איז נישט מעגלעך קיין דערנענטע־רונג, אויב מען בעט זיך נישט איבער מיט די װערטער. און נאָך עפּעס: די מסדרים פון הײנטיקן אָװנט האָבן אונדז געװאָרנט, אַז דאָס איז אַ דריטער סדר, אָבער נישטאָ קיין דריטער אָן קיין ערשטן. מען קאָן נישט אָנהייבן מיטן דריטן. מיר מוזן דעריבער מושװה װערן מיטן ערשטן, געפינען אונדזער איי־געגעם װעג צו אים.

איינער פון די שװערסטע געראַנגלען פון אונדזער דור, איז װי צו גע־פינען אונדזער אײגענע פשרה צװישן דעם נעכטן, װאָס האָט זיך געשאַפן זיינע פאָרמען און זיין ריטואַל און זיינע אויסדרוקן — און צװישן דעם הײנט פון אונדזערע רייפע יאָרן, װעלכע זענען אָפט געװען אַ רעװאָלט קעגן די ראַמען און נוסחאות פון נעכטן. װי צו געפינען אַ פשרה צװישן ישראל,

וועלכע פּאָדערט פון אונדז אָן אויפהער נישט נאָר מאַטעריעלע הילף, נישט נאָר אַקטיווע סימפּאַטיע, נאָר אונדזער גאַנצן פולן איך און אַחוץ דעם אונ־דזערע אייגענע קינדער, — און צווישן דעם יידישן לעבן אין גלות, וועלכער נעמט דאָך אַרום דעם גרעסטן טייל פון יידישן פאָלק און וואָס מיר זענען אינטערעסירט, אַז ער זאָל נישט פאַרוועלקט ווערן, אַז ער זאָל בליען און געבן זיין צושטייער צום יידישן גייסט. און ווי צו געפינען אַ סינטעז צווישן די פאַרמעגן וואָס דורות פון אונדזערע טאַטעס האָבן אויסגעמייסטערט מיט אַזויפיל קונסט און אַזויפיל פּיעטעט, אַז ס'איז אָפּט אוממעגלעך אָפּצושיידן די יאָדער פון דער שאָל, — און צווישן דעם נייעם אינהאַלט וואָס אונדזער דור שאַפט, אין אַ ווונדערבאַרער אַנטפּלעקונג פון כוחות, אויף אַלע געביטן סיי אין ישראל און סיי אין די תפוצות.

## מיר זענען פריי אויב מיר קענען זיך

דאָס איז נישט קיין געראַנגל אין גלות אַליין, דאָס איז אויך אַ שקלאַ וטריא פאַר דער מדינה, ווארום אַז נישט וואָלט נישט פאָרגעקומען אין ישראל דער גרויסער אידייאישער ויכוח אַרום דער פראַגע ווי אַזוי אַריינצוברענגען מער יידישקייט אין אונדזערע שולן אין ישראל, מער יידישן באַוווסטזיין, און אַ טיפערן זין פאַר יידישן המשך אין אונדזער יוגנט. אָבער באַזונדערס מוזן יידן אין גלות אַרויס פון דעם שיידוועג, דערשלאָגן זיך צו אַ דערקענ־טעניש פון אייגענעם איך און נישט איבערלאָזן טיף אין זייער האַרצן דעם מינדסטן צווייפל ווו זיי שטייען מיט זיך אַליין אין דער גרויסער און שווע־רער פּלוגתא. ווארום אויב נישט וועלן זיי אַליין, און נאָך מער זייערע קינ־דער, זיין שוצלאָז אַנטקעגן די נסיונות פון דעם גרויסן אַרום, וועלכער ווייס נישט פון קיין ספיקות, און ווינקט און כישופט מיטן אויבנאויפיקן גלאַנץ, און זאָגט דיר צו, אַז דו וועסט זיך אין אים צוריקגעפינען, בעת דו ריזיקירסט אין אים פאַרלירן צו ווערן.

אין די אומצאָליקע קאָמענטאַרן אַרום יציאת מצרים — און וואָס האָבן דורות נישט אַריינגעלייגט אין די פסוקים אין וועלכע דידאַזיקע ווונדערלעכע געשעעניש איז אונדז דערציילט געוואָרן? — איז דאָ איינער אָן אויסטייטש אויף וועלכן איך וויל זיך אָפּשטעלן. דער פסוק זאָגט: „ויעבידו מצרים את בני ישראל בפרך", די מצרים האָבן געמאַכט אַרבעטן די קינדער פון ישראל מיט האַרטקייט. אויף דעם קומט ר' אלעזר און זאָגט: לייען נישט „בפרך", מיט האַרטקייט, נאָר לייען „בפה רך", מיט אַ ווייך מויל. מיט זיסע רייד האָבן די מצרים אַריינגענאַרט די יידן אין דער קאַטאָרגע. יאָ, יידישקייט איז אָפטמאָל אין געפאַר נישט אין לענדער פון דער אונטערדריקונג, נאָר

דווקא אין לענדער פון האַרציקער באַציאונג צווישן מענטש און מענטש, צווישן ייד און נישט־ייד. מיר מוזן געפינען אַן אויסוועג פון אַט דער דילע־מע. ווארום יידישע בירגער אין גאַר דער וועלט ווילן זיך נישט אָפּזונדערן פון די פעלקער צווישן וועלכע זיי לעבן, אָבער ווילן אויך נישט אָפּגעפרעמדט ווערן פון דעם אייגענעם מקור. דער איינציקער רעצעפּט, כדי צו לעבן ווי גלייכע צווישן גלייכע, אין ברידערלעכקייט און אין שותפות מיט די אומות העולם, איז צו זיין דאָס וואָס מיר זענען. ווייל דעמאָלט זענען מיר פריי־מענטשן, פריי ווייל מיר קענען זיך, ווייסן געטרייער אונדזערע אייגענע גרע־נעצן. נאָר אַ ייד וואָס פילט זיך פריי ווייל ער איז באַוווסטזיניק יידיש, האָט נישט קיין שרעק פאַר אָפּגעפרעמדקייט, און האָט נישט נייטיק קיין אָפּזונ־דערונג. ס׳איז דאָ אויף דעם אַ ווונדערבאַרער זאָג אין פרקי אָבות וועגן דעם שריפט וואָס איז אויסגעקריצט אויף די לוחות און וואָס הייסט אויף הע־ברעיש „חרות״. לייען נישט „חרות״ (האַרות) אויסגעקריצט, זאָגט חז״ל, נאָר לייען „חרות״ (חיירוט) פרייהייט, וואָרום נאָר יענער איז אַ פרייער, וועלכער לערנט תורה, וועלכער קען זי, וואָס קען דעם בונד צווישן זיך און דעם עבר און האָט געפונען זיין אָרט.

## ווען מיר וועלן זיך אַליין צוריקגעפינען, וועלן מיר אויך אַנדערע באַפרייען

אויב מיר וועלן זיך אַליין באַפרייען, ד. ה., אויב מיר וועלן געפינען אונ־דזער אייגענעם וועג, וועלן מיר אויך אַנדערע באַפרייען. איינער פון די גרעס־טע ניסים פון מדינת ישראל, איז אפשר דאָס, וואָס נאָך קנאַפּע צען יאָר האָט זי אָנגעהויבן העלפן באַפרייען אַנדערע פעלקער, וועלכע קומען זיך צו לער־נען די מעטאָדן, מיט וועלכע זי האָט זיך באַנוצט, כדי צו דערגרייכן איר זעלבסטשטענדיקייט. ווידעראַמאָל קומט די מלכת שבא צו שלמה המלך, און שלמה המלך פאָרט אָדער פליט צו דער מלכת שבא. די מלכת שבא דאָס איז גהאַנאַ, דאָס איז ליבעריאַ, דאָס איז ניגעריאַ. וועגן שלמה המלך איז גע־זאָגט געוואָרן, אַז זיין חכמה איז געווען גרעסער פון דער פון מצרים און פון כל בני קדם — פון אַלע קינדער פון מאָרגנלאַנד.

בעת מיר האָבן געפאָרשט, אויפן סמך פון אונדזער אייגענער ווירקלעכ־קייט און אונדזער אייגענער דערפאַרונג, ווי אַזוי צו פאַרענטפערן אונדזערע אייגענע שוועריקייטן, האָבן מיר גאָרנישט געהאַט אַזעלכע אַמביציעס. נעמט דעם ביישפּיל פון דער הסתדרות. ווען זי איז געגרינדעט געוואָרן, איז גע־וואָרן אַן אויסגעשריי אין אַלע אָרטאָדאָקסישע סאָציאַליסטישע קרייזן. ס׳איז אפּיקורסות, האָבן זיי געטענהט, אין סתירה מיט געוויסע, דיקע, אַזוי גערו־

פענע וויסנשאַפטלעכע ביכער. וואָס הייסט דאָס אַן אַרבעטער אָרגאַניזאַציע, וואָס איז גלייכצייטיק אַ סינדיקאַט, וועלכער דאַרף שטרייטן פאַר בעסערע לוינען, און איז אויך אַ קאָאָפּעראַטיוו נישט נאָר פון פאַרברויכער נאָר אויך פון פּראָדוצירער, און איז אחוצדעם אויך אַן אונטערנעמער? איצט ווייזט זיך אַרויס, אַז דאָס וואָס מיר האָבן געזוכט צו טאָן מיט אונדזערע אָרעמע באַ־שיידענע מעגלעכקייטן, כדי איינצושטעלן ריכטיקע און גערעכטע מעטאָדן, ווי אַזוי יושרדיק אויפצובויען דאָס לאַנד, איז געוואָרן אַ תורה פאַר אַקאָרשט באַפרייטע פעלקער און נאָך נישט באַפרייטע. ביי אונדז, וועלכע האָבן גע־בלאָנדזשעט, געפּרובירט און ווידער אויסגעפּרובירט, קומען זיי לערנען ווי אַזוי צו פאַרוואַנדלען זייערע אָרעמע מאַסן, וועלכע פאַרמאָגן נאָר זייערע אַר־בעטס־הענט און זייער ברענענדיקע שטרעבונג צו פרייהייט, אין אַ גרויסן כוח אויף צו מאַכן פון זייער פאָלק אַ גערעכטע און פּראָדוקטיווע געזעלשאַפט.

פונקט ווי יציאת מצרים האָט אין משך פון טויזנטער יאָרן געלויכטן ווי אַ פייער־זייל פאַר פאַרשקלאַפטע פעלקער און יחידים און זיי באַוויזן אַ וועג צו פרייהייט, פונקט אַזוי האָט מדינת ישראל שוין אָנגעהויבן ווערן אַ לייכט־טורעם פון הילף און פון לערע פאַר פעלקער וואָס האָבן אַקאָרשט צע־בראָכן זייערע קייטן. ס׳איז אונדזער גרויסע האָפענונג, אַז די דאָזיקע נייע מיסיע אונדזערע וועט זיך אויסשפּרייטן פון יאָר צו יאָר. אין זעלביקן קאַ־פּיטל וועגן שלמה המלך זאָגט זיך, אַז ער האָט פאַרמאָגט רוחב לב כחול אשר על שפת הים — אַ האַרץ אַזוי ברייט ווי דער זאַמד אויפן ברעג פון ים. יאָ, אַדאַנק אייך און אונדז, אַדאַנק מיליאָנען יידישע יידן, וואָס מיען זיך בכל מאודם צו געבן פליגלען און פאַרנעמען דעם גרויסן אָנהייב פון שיבת ציון, וועלן מיר טיילן מיט מער און מער פעלקער דאָס ברויט און דעם זאַלץ פון אונדזערע דערפאַרונגען און קענטעניש, אָבער דאָס וועט זיך אונדז איינגעבן נאָר אויב מיר וועלן זיך צוריקגעפינען. אויב מיר וועלן זאַמלען אַלע אונ־דזערע דורות מיט אונדז צוזאַמען אין איין גאַנצער קייט און אין איין גאַנצן איך, ווען מיר וועלן פאַרשטיין, אַז כדי דאָס וואָס דורות האָבן אונדז איבער־געגעבן זאָל ווערן אַ טייל פון אונדזער בלוט און פלייש — „בפיך ובלבבך לעשותו״, דאַרפן מיר דאָס טאָן מיטן גאַנצן מויל און מיטן גאַנצן האַרצן.

# די יידישע טראַדיציע זעט אין ליידן דעם וועג צו גאולה

רעדע געהאַלטן דעם 17טן אַפּריל 1958 אין בוענאָס איירעס,
אויף דעם צענטראַלן דערמאָנונגס־אַקט פון יום השואה והגבורה.

פון די פאַרשיידענע אזכרה־פאַרזאַמלונגען וועלכע איך האָב דאָ בייגע־וווינט מיט אייך צוזאַמען אין דעם געדענק־טאָג פון דער קאַטאַסטראָפע און דער העלדישקייט, טראָגט די הייניטקע אַ באַזונדערן כאַראַקטער. ווייל היינט האָט דאָ צו אונדז גערעדט איינער וועלכער איז געווען אין די קאַלכאויוונס און איז אַרויס אַ גאַנצער. און ווי האָט מרדכי שטריגלער צו אונדז גערעדט? מיט רואיקייט, פול מיט יידישער קענטעניש און מיט גלויבן אין דעם מענטשן און אין יידן.

ס'איז פאַראַן ביי אונדז אַן אגדה, אַז ווען חנניה, מישאל און עזריה זענען אַרויסגעגאַנגען פון די פייערדיקע אויוונס, האָבן די אומות העולם געזידלט דאָס יידישע פאָלק און האָבן אים געזאָגט: „אַזעלכע ניסים פאַסירן מיט אייך און איר דינט אָפּגעטער?" ווען מיר האָבן צווישן זיך איינעם וואָס איז אַרויס אַ גאַנצער פון יענעם גהינום, שעמען מיר זיך וואָס מיר זענען אַליין נישט געוואָרן בעסער, ריינער, פולקומענער. דאָס דאַזיקע געפיל פון בושה מיט זיך אַליין און שטאָלץ מיט זיי האָבן מיר איבערגעלעבט צום ערשטן מאָל, אַ גרופּע חברים און איך, ווען מיר האָבן געהערט אויף דער איחוד־קאָנפערענץ אין לאָנדאָן, דעם 4טן אויגוסט 1945, די ווערטער פון חייקע גראָסמאַן, איינע פון די אָנפירערנס פון דעם אויפשטאַנד פון ביאַליס־טאָקער געטאָ. זי האָט גערעדט און געווירקט ווי אַ פלאַם־פייער, און האָט געריייניקט ווי אַ פלאַם־פייער.

דאָס איז איינער פון די ניסים וואָס איז מיט אונדז געשען: ווי אַזוי האָבן ברידער און שוועסטער אונדזערע געקאָנט אויסהאַלטן די אכזריותדיקע יסורים און ווערן בעסערע מענטשן? אַפילו אונדזער תהילים זאָגט, אַז עס דאַרף זיין אַ מאָס צו דעם שלעכטס וואָס פאַסירט מיט אַ מענטשן: „למען לא ישלחו הצדיקים בעוולתה ידיהם" — כדי די גערעכטע זאָלן נישט אויסשטרעקן אין אומגערעכטיקייט זייערע הענט, דאָס הייסט, כדי אַפילו צדיקים זאָלן נישט ווערן קיין רשעים. און מיר האָבן אין ישראל צענדליקער טויזנטער מיט די לאַגער־ציפערן אויסגעברענט אין זייערע אָרעמס, וועלכע העלפן בויען אַ

נייע און געדעכטע וועלט, מיט בטחון, מיט גוטסקייט און מיט מענטשלעכ־קייט, ווי דער גהינום וואָלט אויף זיי קיין שליטה נישט געהאַט.

## דער „שפוך חמתך" איז נישט אונדזער לייטמאָטיוו

ביסלעכווייז האָט זיך איינגעשטעלט אַ ריטואַל פון אונדזערע אזכרה־פאַרזאַמלונגען. וואָס איך געפין פאַר באַזונדערס מערקווירדיק, איז וואָס דער רוף צו נקמה פאַרנעמט כמעט קיין אָרט נישט אין זיי. אויב עס הערט זיך אַרויס אין דער אָדער אין יענער רעדע אַ „שפוך חמתך", איז ער אָבער נישט קיין לייטמאָטיוו. אין די פריערדיקע דורות איז עס געווען אַנדערש. אין אונ־דזער אשכנזישער הגדה האָבן מיר אַ „שפוך חמתך" פון פיר פסוקים, וועלכע פאָדערן מיט ביטערע רייד גאָטס שטרענגן צאָרן אַקעגן די וואָס האָבן אונדז גערודפט. מיט אַ פּאָר הונדערט יאָר צוריק, האָט דער „שפוך חמתך" אין זיד־פראַנקרייך געהאַט גאַנצע צען פסוקים, אין נאָרד־פראַנקרייך פופצן און אין ענגלאַנד אַזש זיבעצן. וואָס שווערער די רדיפות, אַלץ ברענענדיקער די ווענ־דונג צו גאָט, ער זאָל דעם שונא אומברחמנותדיק אָפּצאָלן.

ווי קומט עס וואָס דער פאַרלאַנג פון שטראָף געפינט כמעט נישט קיין אויסדרוק אויף אונדזערע פאַרזאַמלונגען? אפשר ווייל די רשעות איז געווען אַזאַ געוואַלטיקע, האָט אָנגענומען אַזאַ באַרבאַרישן פאַרנעם, אַז ס'איז גאָר נישטאָ קיין פּראָפּאָרץ צווישן דעם באַגאַנגענעם פאַרברעכן און דער מעגלע־כער פאַרגעלטונג. אָבער איך גלויב, אַז די אמתע דערקלערונג איז, אַז אונ־דזער דור איז אַ דור וואָס באַנוגנט זיך נישט מיט קיין ליטעראַרישער קאָמ־פּענסאַציע. מיר פאַרלאָזן זיך נישט אַפילו אויפן אויבערשטן אַליין. צו אונדז אַליין ווענדן מיר זיך אין אונדזערע אזכרות, פון זיך אַליין פאַרלאַנגען מיר רעכנשאַפט. מיר קומען זיך צונויף אין פאַרזאַמלונגען פון חשבון הנפש, אַ חשבון הנפש פון די גאַנצע זיבעצן מיליאָן יידן, וועלכע האָבן געלעבט איידער דאָס אומגליק האָט זיך אָנגעהייבן. מיר ווילן פאַרשטיין די, וועלכע זענען מער נישטאָ און מיר ווילן פאַרשטיין זיך אַליין, וועלכע האָבן נישט געטיילט זייער גורל. מיר באַמיען זיך צו באַגרייפן פאַרוואָס יענע האָבן רעאַגירט אַזוי ווי זיי האָבן רעאַגירט, און אָפּגעבן רעכנשאַפט פאַר אונדזער האַלטונג, מיר וועלכע האָבן געלעבט אין פרייע לענדער.

## דער באַדייט פון די אויפשטאַנדן: אַקצעפּטאַציע פון דערווירקלעכקייט

וואָס איז דער היסטאָרישער באַדייט פון די אויפשטאַנדן פון דעם וואַר־שעווער געטאָ און פון די אַנדערע געטאָס? צי זענען זיי נאָר אַן עפּיזאָד פון

איבערמענטשלעכער גבורה אין אַ צייט פון קאָשמאַר און אָפּהענטיקייט, אָדער האָבן זיי אַ בלייבנדיקן ווערט אין אונדזער געדאַנק און אונדזער אַנטוויקלונג? ס׳איז קיין ספק נישט, אַז די אויפשטאַנדן זענען אַן אינטעגראַלער טייל פון אַ ווענדפּונקט אין דעם יידישן שטייגער לעבן. מען דאַרף זיי אויסטייטשן ווי אונדזער אַקצעפּטאַציע פון דער ווירקלעכקייט מיט אירע שרעקלעכע נויטווענדיקייטן.

וואָס איז די כאַראַקטעריסטישע גלות־איינשטעלונג? זי זאָגט, מיטן תנא רבי יעקב, אַז די וועלט איז נאָר אַ „פּרוזדור״, אַ קאָרידאָר, איבער וועלכן מיר האָבן נישט קיין שליטה. מיר קאָנען נאָר פאַרמאַכן די אויגן, איגנאָרירן דאָס אַרומיקע, איגנאָרירן דעם שפּאָט און די רשעות, און לעבן אונדזער העכער לעבן, אונדזער שבת־יום־טובדיק לעבן אין די ד׳ אמות וועלכע מיר האָבן זיך געשאַפן, און אויב ס׳איז נישטאָ קיין אַנדער ברירה — שטאַרבן אויף קידוש השם. דאָס איז אויך געווען דער צוגאַנג פון די וואונדערבאַרע ישיבה־בחורים וועלכע זענען געגאַנגען צו די גאַז־קאַמערן מיט געזאַנג פון אני מאמין: נאָר משיח קאָן העלפן, און נאָר אויף משיחן דאַרף מען וואַרטן, און אַפילו אויב ער וועט זיך זוימען — קומען וועט ער. די געטאָ־אויפשטאַנדן אָבער באַטייטן, אַז ס׳זענען פאַראַן עפּאָכעס ווען דער „פּרוזדור״־קוק קאָן פירן צו נאַציאָנאַלן זעלבסטמאָרד. פון רעליגיעזן, פון פילאָזאָפישן שטאַנדפּונקט איז נישטאָ קיין וואונדערבאַרער צוגאַנג ווי דאָס נישט וועלן אָנערקענען דאָס וואולגאַרע און דאָס ברוטאַלע וואָס רעגירט אויף דער ערד און זוכן אַ מקום מקלט אין די העכערע ספערן. אָבער פאַראַן צייטן, ווען אַ פאָלק, וואָס וויל בלייבן לעבן, מוז ענטפערן אויף געוואַלט מיט געוואַלט, מוז קאָנפראָנטירן די ווירקלעכקייט אַזוי ווי זי זעט אויס, און רעדן מיט אירע שליטים אויף דער איינציקער שפּראַך, וועלכע זיי פאַרשטייען. אין דעם זין זענען די געטאָ־אויפשטאַנדן געווען די דירעקטן יורשים פון „זעלבסטשוץ״ און פון „השומר״ און די דירעקטע פאָרגייער און ברידער פון דער הגנה און פון דער ישראל־אַרמיי.

אייערע קינדער אין נח״ל שרייבן מיר פון צייט צו צייט און דערציילן מיר ווי אַזוי אַ יונגער מענטש ווערט פאַרוואַנדלט אין משך פון עטלעכע חדשים, מיט עקשנותדיקער אַנטשלאָסנקייט, אין עמעצן וואָס קאָן פאַרטיידיקן די עקזיסטענץ פון זיין פאָלק אין דער דאָזיקער אכזריותדיקער וועלט, וועלכע צעטרעט אומברחמנותדיק מיט די פיס יענע וואונדערבאַרע „פּרוזדור״־איינשטעלונג. דאָס איז דער דירעקטער בונד צווישן דער גבורה פון געטאָ און דער גבורה פון ישראל.

א ר י ה  ל ע אָ ן  ק ו ב אָ ו י

## די רעטונגס־אַרבעט

דעם צווייטן חשבון הנפש מאַכן מיר מיט זיך אַליין. וואָס האָבן מיר געטאָן ווען אונדזערע ברידער זענען געווען געפאַנגען אין די נעגל פון די תּליינים? וואָסערע קרבנות האָבן מיר געבראַכט כּדי צו פּרוּוון ראַטעווען כאָטש אַ טייל פון זיי? הגם עטלעכע ריכטער האָבן זיך שוין איינגעבויגן אויף פּראָצעסן וועלכע זענען פאַרבונדן מיט דער פראַגע, איז אָבער דער אייגנטלעכער פּראָצעס פון דער יידישער רעטונגס־אַרבעט בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה נאָך נישט פאָרגעקומען.

איך האָב לעצטנס באַקומען אַ רייע בריוו, אין וועלכע מען פרעגט מיך, פאַרוואָס איך דערצייל נישט וואָס איך ווייס וועגן יענער תּקופה און וועגן יענער אַרבעט. ס'איז נישט לייכט צו ענטפערן, אָדער ריכטיקער געזאָגט, עס זענען דאָ עטלעכע ענטפערס.

ערשטנס: ווו נעמט מען דעם מוט צוריידן וועגן רעזולטאַטן, בעת די צאָל פון די אומגעקומענע איז אַזאַ געוואַלטיקע? מיר דוכט זיך, אַז איך האָב שוין אַמאָל דערציילט ווי ס'האָט אַנומלט, בעת דער מלחמה, טעלעפאָנירט צו מיר אין מיין ביוראָ אין וועלט־קאָנגרעס אין ניו־יאָרק הרב קאַלמאַנאָוויטש, דער אַדמיניסטראַטאָר פון דער מירער ישיבה, דער מענטש וואָס האָט באַוויזן מאָרגענטאַוען צו ווערן אַקטיוו אין רעטונגס־ענינים. ער האָט מיר טעלעפאָנירט — אויב איך געדענק ריכטיק — כּדי מיר אָנצוזאָגן, אַז ס'איז געלונגען אַריבערצופירן אין אַן אויסטויש־לאַגער אַ קנאַפּע 200 יידן וועלכע זענען געווען אינטערנירט אין וויטעל (זיד־פראַנקרייך). „איך ווייס דאָך", האָט ער מיר געזאָגט, „ווי נאָענט די זאַך איז אייך צום האַרצן, דוכט זיך מיר אַז מיר האָבן די 200 יידן געראַטעוועט. יאָ מיר האָבן געראַטעוועט אַ פּאָר הונדערט און הונדערטער טויזנטער קומען אום", און אַרויסזאָגנדיק די ווערטער האָט ער אויסגעבראָכן אין אַזאַ מוראדיק געוויין, אַז איך האָב געמוזט אַנידערלייגן דעם טעלעפאָן־טרייבל נישט קענענדיק ריידן מיט אים, און דאָס גאַנצע צימער איז פול געוואָרן מיט זיין געיאָמער.

אַ צווייטער ענטפער איז, אַז די געוואַלטיקע פאָדערונגען פון ישראל־אויפבוי האָבן אָבסאָרבירט אַלע כּוחות. ס'איז פּשוט נישט געווען קיין צייט און קיין כּוח פאַר אַנדערע אַרבעטן.

און ס'איז דאָ אַ דריטער ענטפער: ביים סוף פון דער מלחמה וואָלט יענער באַריכט אויך געווען אַ באַשולדיקונג־אַקט. אַ באַשולדיקונג־אַקט נישט נאָר קעגן פרעמדע נאָר אויך קעגן אַ געוויסער צאָל אייגענע, וועלכע האָבן נישט באַגריפן די לאַגע, און זענען געווען פּאַסיוו, אָדער האָבן אפילו גע־

שטערט, און אינצווישן האָבן זיי אויפגעטאָן גרויסן זאַכן אויף אַנדערע געביטן.

אָבער די צייט שטייט נישט און מענטשן זענען נישט אייביק און די געשיכטע דאַרף אַנגעשריבן ווערן. עס זענען שוין דאָ וואָרענונגען, אַז ס׳קאָן ווערן צו שפּעט. אָט איז שוין געפאַלן אַ קרבן פון בלינדער אומפאַרשטענדעניש ישראל קאַסטנער, איינער פון די ווייניקע, וועלכע האָבן לכל הפּחות זיך באַמיט צו ראַטעווען יידן, בעת די גרעסטע צאָל האָבן געהאַלטן, אַז יעדער פּרווו איז אומזיסט און אַז אַלץ איז סיי ווי סיי פאַרפאַלן. און אָט איז געשטאָרבן אין אַמעריקע, מיט אַ פּאָר מאָנאַטן צוריק, איינער פון די אומבאַקאַנטע העלדן פון יענער עפּאָכע, הרב חיים מיכאל דוב ווייסמאַנדל, אַ סלאָוואַקישער רב, וואָס איך ווייס נישט אויף וועלכע וווּנדערבאַרע, געהיימעגישפּולע וועגן, ער האָט יאָרנלאַנג אַלאַרמירט די אויסערלעכע וועלט. צווישן אַנדערע פּאַפּירן האָבן מיר פון אים באַקומען אַ גענויעם פּלאַן פון דעם אוישוויצער לאַגער מיט דער פאָדערונג אַז די אַליאירטע זאָלן באָמבאַרדירן די גאַז־קאַמערן און די קאַלכאויוונס, כדי אָפּשטעלן לכל הפּחות אויף אַ פּאָר וואָכן אָדער אפשר אַ פּאָר חדשים די אומאויפהערלעכע רציחות. איך בין געגאַנגען מיט דעם פּלאַן צו די רוסן און צו די אַמעריקאַנער. די רוסן האָבן געזאָגט, אַז זיי וועלן מיר ענטפערן, אָבער דער ענטפער איז קיינמאָל נישט געקומען. די אַמעריקאַנער האָבן געענטפערט נאָך אַ שיקול הדעת, אַז מען דאַרף האָבן אַלע אַוויאָנען פאַר דער מלחמה. האָט מיר הרב ווייסמאַנדל געלאָזט וויסן ענדע אויגוסט, אַז ער שרייבט אַ בוך וועגן די אונטערהאַנדלונגען מיט די דייטשן, אָבער אַז ער האָט נישט קיין קאָפּיעס פון זיינע בריוו פון יענער צייט, און אַז איך זאָל אים אַ טובה טאָן און צושיקן אים די בריוו, וועלכע איך האָב, „כדי צו העלפן אַזאַ שוואַכן מענטש ווי איך, ער זאָל זיך שנעל באַפרייען פון אַזאַ שווערער אַרבעט, וואָס דער אָנדענק דערפון וועגט אויף אים אַזוי שטאַרק״. און ביז איך האָב באַוויזן די בריוו צוזאַמענצוקלייבן, האָב איך זיך דערוווּסט, אַז הרב ווייסמאַנדל איז געשטאָרבן.

דעם גרויסן היסטאָרישן פּראָצעס וועלן מיר נישט אויסמיידן. אָבער ווען ער וועט פּאָרקומען, וועט ער אויסזען אַ סך אַנדערש ווי ווען ער וואָלט אָפּגעהאַלטן געוואָרן ביים סוף פון דער וועלט־מלחמה און אפשר איז בעסער אַזוי. אינצווישן האָט אונדזער דור, אויב ער האָט אַפילו שווער געזינדיקט, באַצאָלט מיט מעשים, אויפגעבויט ישראל און געגעבן דעם יידישן נאָמען כבוד און ווירדיקייט.

א ר י ה  ל ע אָ ן  ק ו ב אָ ו י

## ליידן ווי דער וועג צו גבורה

אַז אַזוי דאַרף עס זיין, האָב איך געלערנט אין 1952, פון די יידן וועל־כע זענען פאַרבליבן אין טשענסטאָכאָוו.

אין די טעג פאַר תשעה באב 1952 האָבן מיר, מיין פרוי און איך און מיטגלידער פון דער ישראל־לעגאַציע, באַזוכט די פוילישע פאַרניכטונג־לאַגערן.

ערב תשעה באב, דעם 30טן יולי, האַלב דריי נאָכמיטיק, זענען מיר אָנגעקומען אין דעם וואַלד פון כעלמנע, דעם גרויסן מאַסן־קבר פון די לאָד־זשער יידן. מיר האָבן געזוכט אַן אָרט פאַר דעם קראַנץ בלומען וואָס מיר האָבן מיט זיך געבראַכט. מיר האָבן נישט געוווּסט וואָס צו טאָן, ווייל עס איז נישט געווען קיין סימן פון קיין קבר, ביז מיר האָבן געפונען די פאַר־דאַרטע בלעטער פון אַן אַנדער קראַנץ און מיר האָבן אויף זיי אַרויפגעלייגט אונדזערע פרישע בלומען. מיר זענען צוריקגעקומען קיין לאָדזש און האַלב צען אין אָוונט זענען מיר אָנגעקומען קיין טשענסטאָכאָוו, צעבראָכן, אומגליק־לעך, צוגרייטנדיק זיך ווי ס׳איז אדורכצושטופּן די נאַכט ביז מיר וועלן אויפמאָרגנס אינדערפרי אַרויספאָרן קיין אוישוויץ.

אָבער אַ פערטל נאָך צען איז דערשינען אין האָטעל פּאָלאָניאַ, ווו מיר זענען איינגעשטאַנען, אַ יידישע דעלעגאַציע און האָט פאַרלאַנגט דורכויס איך זאָל זיי אויפנעמען. „מיר האָבן נישט געקאָנט וואַרטן אויף אייך", האָבן זיי מיר דערקלערט, „מיט איכה און מיט די קינות, מיר האָבן זיי שוין אַליין געזאָגט. אָבער איצטער זענען מיר געקומען אייך פאַרבעטן צו אַ פייערלעכן אָוונטברויט, כדי צו באַצייכענען צוזאַמען דעם ערשטן באַזוך פון אַ ישראל־מיניסטער אין טשענסטאָכאָוו". „טייערע יידן", האָב איך זיי געענטפערט, „ווי קאָנט איר דאָס פון מיר פאַרלאַנגען? מיר קומען פון כעלמנאָ, מאָרגן פאָרן מיר קיין אוישוויץ, היינט איז תשעה באב, ווו זאָל איך נעמען דעם מוט צו עסן מיט אייך אין אַזאַ געמיט־צושטאַנד?" זיי האָבן מיין תשובה נישט געוואָלט הערן. „עס שטייט ביי אונדז געשריבן", האָבן זיי מיט מיר געטענהט, „אַז דעם טאָג וואָס דער בית המקדש איז חרוב געוואָרן, איז געבוירן גע־וואָרן דער גואל. אונדזערע פרויען האָבן געקאָכט און געבאַקן אַ גאַנצן טאָג און מיר האָבן געגנוג געליטן, כדי מיר זאָלן זיך היינט מיט אייך פרייען".

און אַזוי בין איך מיט מיינע מיטאַרבעטער עלף אַזייגער אין אָוונט געגאַנגען אין דעם יום־טובדיק סערווירטן עס־צימער פון אַ גראַטעוועטער משפחה, און מיט טיפן טרויער אין האַרצן געטרונקען לחיים פאַר מדינת ישראל און פאַר דער צוקונפט פון יידישן פאָלק. יאָ, דאָס איז דער גרויסער

כוח פון דעם יידישן חבלי־משיח געדאַנק, אַז איידער עס קומט די גאולה, קומען די גרויסע ליידן, אַז יסורים זענען קיינמאָל נישט דער לעצטער וועג. און דעריבער קומען מיר זיך צונויף אין אַזעלכע אָוונטן, כדי צו געפינען אין דעם גרויסן איבערגעקומענעם אומגליק כוח און ריינקייט פאַר דער גרויסער שליחות וואָס איז אָנפאַרטרויט געוואָרן אונדזער דור.

# צען יאָר פאַרטריבענע ספקות

רעדע געהאַלטן אויף שפּאַניש דעם 24סטן אַפּריל 1958, איבער דער אַרגענטינישער מלוכה־ראַדיאָ, צום צענטן אַניווערסאַר פון מדינת ישראל.

צען יאָר זענען פאַרביי זינט עס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן די אומאָפּהענגיקייט פון מדינת ישראל. ערשט היינט באַגרייפן מיר ווי געוואַגט עס איז געווען דער באַשלוס פון ה׳ אייר תש״ח און וויפל פּראַגעצייכנס עס האָבן אונדז דעמאָלט אַרומגערינגלט. נאָר אַן אומבאַזיגבאַרער גלויבן אין דער היסטאָרישער גערעכטיקייט און אין דעם גורל פון ישראל האָבן געקאָנט אינספּירירן די מענטשן, וועלכע האָבן אונטערגעשריבן די דעקלאַראַציע פון תל־אביבער מוזיי.

זייט יענעם טאָג האָבן מיר פאַרטריבן אָן אַ שיעור ספקות. אין צען יאָר צייט האָט זיך די לאַגע פולשטענדיק געביטן. דעמאָלט האָט מען זיך געפרעגט, ווי וועט אַן אימפּראָוויזירטע, קוים באַוואָפנטע אַרמיי, געהיים געבוירן און קאָנספּיראַטיוו צוגעגרייט, ווי וועט זי זיך קאָנען אַקעגנשטעלן דעם אָנפאַל פון זיבן פעלקער. די וועלט איז געווען זיכער אַז מיר וועלן דורכפאַלן. אירע רעגירער האָבן פון פאָרויס באַטראַכט אונדזער מפּלה ווי אַ געשעענעם פאַקט, ווער מיט געוויסנביסן וואָס ער קוקט זיך צו פּאַסיוו ווי עס פאַרענדיקט זיך אומברחמנותדיק אַ געהויבענער, טויזנטיאָריקער חלום; ווער מיטן פאַרבאָרגענעם באַגער, אַז חוצפּהדיקע יידן זאָלן באַקומען אַ פאַרדינטע לעקציע. היינט צווייפלט קיינער מער נישט, אַז די נייע מלוכה, וועלכע האָט נישט אויפגעהערט צו שטרעבן צו שלום און אָנבאָטן דעם שלום, איז פעאיק בייצוקומען יעטוועדע נייע פּראָוואָקאַציע פון אירע פיינטלעכע שכנים.

דעמאָלט איז די מדינה געאָגראַפיש און פּאָליטיש געווען איזאָלירט. כמעט אַלע לופט־ליניעס האָבן געהאַט איבערגעריסן זייערע רייזעס קיין ישראל, די האַפנס זענען געווען פוסט און ישראלס האַנדלס־פּלאָט איז נאָך כמעט נישט באַשטאַנען. מ׳האָט געקאָנט ציילן אויף די פינגער פון איין האַנט די פעלקער, וואָס זייער פריינטשאַפט האָט זיך נישט אויסגעדריקט אין בלויזע רייד. היינט איז דער דיפּלאָמאַטישער קאָרפּוס, וועלכער איז אַקרעדיטירט ביי אונדזער רעגירונג, איינער פון די צאָלרייכסטע אויפן נאָענטן מזרח. די אַוויאָנען פון ישראל פליען איבער אַ סך הימלען און אירע שיפן קרייזן

אין אַ סך ימים. דאָס הייליקע לאַנד איז געוואָרן אַן אינטערנאַציאָנאַלער וויסנשאַפטלעכער צענטער און עס זענען עולה רגל קיין ישראל פון גאָר דער וועלט די פריינט פון פרייהייט און דעמאָקראַטיע.

ווען עס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן, צוגלייך מיט דער זעלבסטשטענדי־קייט, דאָס געזעץ פון צוריקקער, וואָס האָט געעפנט די טויערן פאַר יעטוועדן ייד וואָס האָט געזוכט אַ פאַטערלאַנד, האָט זיך געשטעלט די פראַגע, צי די מדינה האָט זיך נישט פאַרמאָסטן איבער די כוחות, בעת זי האָט זיך מתחייב געווען אַריינצונעמען די גאַנצע שארית־הפליטה, וועלכע האָט זיך דעמאָלט געפּלאָגט אין דייטשלאַנד הינטער נייע שטעכדראָטן. היינט ווייסן מיר, אַז די אַלע וועלכע האָבן געוואָלט עולה זיין זענען אויפגענומען געוואָרן און געטרייסט געוואָרן און אומגעקערט געוואָרן צו דער ווירדיקייט פון פרייע מענטשן. נאָך מער! במשך פון צען יאָר אַן איבערייס, במשך פון צען מאָל דריי הונדערט פינף און זעכציק טעג האָבן דורכשניטלעך צוויי הונדערט פופציק עולים אַ טאָג געטראָפן אין ישראל אַ דאַך איבערן קאָפּ, ברויט, באַ־קליידונג, אַרבעט, בילדונג, ברידערלעכע גלייכקייט.

מיט צען יאָר צוריק, אַפילו מיט זיבן און פינף יאָר צוריק, האָט מען זיך געקאָנט פרעגן, צי עס וועט זיין מעגלעך צו צעמענטירן אַזוי פיל פאַרשיי־דענע שבטים, יידן פון דייטשלאַנד און יידן פון תימן, יידן פון אינדיע און פון איראַק און יידן פון מערב, יידן פון מאַראָקאָ און יידן פון פוילן אין איין איינציקן פאָלק מיט דעם אַלטן לשון פון די אבות ווי אַ געמיינזאַמע שפּראַך און מיט גלייכער קרבנות־גרייטקייט און גלייכן אויסדויער־ווילן. אָבער איצט נאָכדעם ווי געוואַלטיקע און אָפטמאָל דוכט זיך אויסזיכטלאָזע אויפגאַבעס זענען אדורכגעפירט געוואָרן סיי אין שלום און סיי אין קריג מיט געמיינ־זאַמער אַנטשלאָסנקייט, איז שוין קלאָר, אַז דער קיבוץ גלויות האָט געשאַפן אַן אומבערעכנבאַרע נאַציאָנאַלע אחדות. איר שמעלץ־טאָפּ איז אַן אמתער דע־מאָקראַטישער רעזשים. נישטאָ קיין סך לענדער ווו די קלאַסן־אונטערשיידן זאָלן זיין אַזעלכע קליינע, און ווו דאָס אחריות־געפיל פון איין מענטש פאַרן צווייטן זאָל זיין אַזאַ אינטעגראַלער באַשטאַנדטייל פון דעם נאַציאָנאַלן כאַ־ראַקטער.

קוים מיט צען יאָר צוריק האָבן ערנסטע עקאָנאָמיסטן געהאַלטן אַז די חלוקה פון פּאַלעסטינע האָט פאַרקריפּלט די נייע מדינה און אַז זי וועט קיינמאָל נישט קאָנען אויפנעמען נאָך אַ מיליאָן מענטשן. זיי האָבן פאָרויס־געזאָגט, אַז די עליה־פּאָליטיק וועט דערפירן צו אַ קאַטאַסטראָפע. איצט האָט שוין די באַפעלקערונג פון ישראל אַריבערגעשטיגן די צוויי מיליאָן און אַ העלפט פון לאַנד איז נאָך אַלץ אומבאַוווינט.

מיט צען יאָר צוריק און אַפילו וויינִיקער, האָט די פראַגע פון די באַ־ציאונגען צווישן ישראל און די תפוצות אַרויסגערופן גרויסע זאָרגן. יידן אין די גלות־לענדער האָבן זיך געפרעגט, ווי אַזוי זיי וועלן געפינען אַן אויסגלייך צווישן זייער פּאַטריאָטיזם ווי בירגער פון זייערע לענדער און זייער ברע־נענדיקן ווונטש צו העלפן מאַכן פון ישראל אַ שטאַרק און בליענדיק לאַנד. דעמאָקראַטישע רעגירונגען האָבן די ערשטע פאַרשטאַנען אַז ס'איז נישטאָ קיין סתירה צווישןביידע סענטימענטן און האָבן סטימולירט זייערע יידישע ישובים אונדז צו העלפן מיטן גאַנצן האַרצן און מיט זייערע פולע מעגלעכ־קייטן.

ווייל איז אונדז, וואָס מיר האָבן געזען ווי אַזוי פיל ספקות זענען פאַר־שווונדן און ווי פריינטשאַפט און באַוווּנדערונג האָבן באַזיגט חשדים און אומצוטרוי.

מיר ווייסן, אַז ישראל לעבט ווייטער אין געפאַר און אַז זי וועט זיך נאָך נייטיקן, במשך פון לאַנגע יאָרן, אין אַקטיווער פריינטשאַפט און אין ברייטהאַרציקער אונטערשטיצונג. אָבער אויב די ערשטע צען יאָר האָבן באַ־וויזן אַזעלכע אויפטוען, וואָס קאָנען מיר נישט דערוואַרטן פון די נאָענטסטע צען יאָר, איצט ווען עס האָבן אויפגעוואַקסט אַפילו יענע יידן, וועלכע זענען ביז איצט געשטאַנען פונדערווייטנס און ווען מיליאָנען נישט־יידן באַגלייטן אונדזער וועג מיט פריינטשאַפט און אויך זיי זעען אין אונדזער צענטן אַני־ווערסאַר אַ געדענקווערדיקע דאַטע.

מיר ווייסן נישט, צי מיר וועלן זוכה זיין צו פאַרענדיקן די אַרבעט, אָבער ווייל איז אונדז וואָס מיר קאָנען זי ממשיך זיין און איבערגעבן די, וועלכע וועלן קומען נאָך אונדז, אַ רייכערע און גליקלעכערע ירושה איידער די וועל־כע מיר האָבן אַליין באַקומען.

## „איך וויל פון אייך אַ פולע וואָך“

רעדע געהאַלטן דעם 4טן מאַי 1958 אין בוענאָס איירעס, אין לונאַ־פּאַרק, אויף דער פּראָקלאַמירונג פון פאַראייניקטן קאַמפּיין.

ווען איך זע פאַר מיר דעם מיקראָפאָן, און קיין עין הרע אַזאַ עולם, דערמאָן איך זיך אין אַ תל־אביבער מעשהלע וועגן דריי שכנים: ראובן, שמעון און לוי. ראובן פרעגט שמעונען: „פאַרוואָס שרייט אַזוי לוי?“ ענטפערט שמעון: „ער רעדט מיט ירושלים“. פרעגט ווידער ראובן: „פאַרוואָס רעדט ער נישט דורכן טעלעפאָן?“ דער נמשל איז: אויב איר וועט מיך לאָזן רעדן דורכן מיקראָפאָן, וועל איך נישט דאַרפן שרייען.

איך וויל היינט רעדן מיט אייך וועגן דער נישט־יידישער פריינטשאַפט פאַר ישראל, וועגן איר פאַרנעם, וועגן אירע סיבות, וועגן די מסקנות וועלכע מיר דאַרפן ציען פון איר.

מיר האָבן איבערגעלעבט, אין גאַר דער וועלט און אין אַרגענטינע, עטלעכע טעג פון גרויסער באַגייסטערונג אין צוזאַמענהאַנג מיטן צענטען אַניווערסאַר פון אונדזער מדינה. מיר האָבן אויך געזען ווי האַרציק ס'איז אויפגענומען געוואָרן דער אינערן־מיניסטער בר־יהודה, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט דער ישראל־דעלעגאַציע צו דער מאַכט־איבערנעמונג פון פּרעזידענט פראָנדיסי.

דאָס לעצטע מאָל ווען איך האָב געהערט ישראל בר־יהודה רעדן יידיש, איז עס געווען אויף דער ציוניסטישער קאָנפערענץ אין לאָנדאָן אין יאָר 1945. איך שטעל זיך פאָר, אַז נישט ער און געוויס נישט איך האָבן געחלומט, אַז מיר וועלן זיך דרייצן יאָר שפּעטער באַגעגענען אין בוענאָס איירעס, ער ווי דער אינערן־מיניסטער און איך ווי דער ישראל־אַמבאַסאַדאָר. בר־יהודה איז איינער פון די בויער פון אונדזער דעמאָקראַטיע און דערציער צו יידישער בירגערשאַפט. ער לערנט אויס מענטשן, וואָס נעכטן זענען זיי נאָך נישט געווען פריי, נישט ווי בירגער און נישט ווי יידן, צו פאַרוואַלטן זייערע קהלשע ענינים אין גייסט פון פרייהייט, גלייכהייט און אחריות.

אָבער די עפנטלעכע אויסדרוקן פון פריינטשאַפט זענען שוין געקומען צום אויסדרוק אין דעם קאָמיטעט צו באַערן ישראל, אין וועלכן עס האָבן זיך אָנגעשלאָסן די שענסטע גייסטער פון דעם דאָזיקן לאַנד. זיי האָבן זיך גע־

מערקט סיי אין דער אָפּיציעלער לאָזשע און סיי אין אַנדערע טיילן פון דעם „קאָלאָן־טעאַטער״ בעת דעם גאַלאַ־קאָנצערט פון פּאַראַכטאַגן דאָנערשטיק. אגב, יענעם אָוונט האָט עמעצער געפרעגט אַ גרויסן אַרגענטינער דיכטער, וואָס האָט דאָס פּאַסירט וואָס ער, וועלכער גייט לעצטנס נישט אַרויס פון דער היים ביינאַכט, איז געקומען צו דער פייערונג. דער דיכטער האָט גע־ ענטפערט אין אַ גערירטן טאָן: „איצט איז נישט נאַכט, איצט איז טאָג, עס שיינט די זון פון ישראל. איך האָב נישט געקאָנט בלייבן פון דערווייטנס ביי אַזאַ יום־טוב״.

און שפּעטער איז געקומען דער גרויסער באַנקעט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, אויף וועלכן מיר האָבן נישט נאָר געהערט די ערלעכע און רירנדיקע ווערטער פון וויצע־פּרעזידענט דר אַלעכאַנדראָ גאָמעז (די פּאָזי־ טיווע שטעלונג פון פּרעזידענט פראָנדיסי איז אונדז גוט באַקאַנט פון זיינע עפנטלעכע רעדעס און פון דעם בריוו־אויסטויש מיט מיר גלייך נאָך זיין דערוויילונג), נאָר עס האָבן זיך אויך געפונען אויפן פּאָדיום פאַרטרעטער פון אַלע פּאַרטייען און ריכטונגען אין אַרגענטינע, אַזוי אַז מ׳קאָן זאָגן אַז דאָס גאַנצע רעפּרעזענטאַטיווע נישט־יידישע אַרגענטינע האָט באַערט ישראל אויף יענעם אָוונט.

אָבער דאָס וואָס האָט אויף מיר געמאַכט דעם שטאַרקסטן איינדרוק, איז דער קבלת־פּנים וואָס די אויטאָס פון אונדזער דעלעגאַציע האָבן דריי־ מאָל באַקומען ביים דורכפאָרן די גאַסן פון בוענאָס איירעס. הונדערטער און טויזנטער נישט־יידן, וויבאַלד נאָר זיי האָבן דערזען דעם אויפשריפט „ישראל״ אויף אונדזערע וואָגנס, זענען אויסגעבראָכן אין האַרציקע אויסרופן פון פריינטשאַפט צו ישראל, פּאַלקסטימלעך און גוטברודעריש אין זייער פאָרם. ווער ווי איך וואָלט שוין באַדאַרפט זיין צוגעוווינט אין דעם דאָזיקן לאַנד צו באַערונגען און בראַוואָס, אָבער קיינמאָל בין איך נישט געווען אַזוי גע־ רירט ווי פון אָט דעם ממש ברידערלעכן קאָנטאַקט מיט דער אויטענטישער אַרגענטינער מאַסע. געוויס איז עס געווען איינער פון אונדזערע צילן, ווען מיר האָבן געגרינדעט די מדינה, קריגן יענע אָנערקענונג וועלכע קומט אונדז לויטן דין, לויט אינטערנאַציאָנאַלע טראַדיציעס און אָפּמאַכן, אָבער אַ סך וויכטיקער ווי דער פּראָטאָקאָל איז די דאָזיקע באַציאונג פון רעספּעקט, כבוד און נאָענטקייט, וואָס מיר האָבן אַרויסגערופן ביי די פעלקער, איז די אי־ בערצייגונג וואָס הערשט ביי זיי, אַז ישראל איז אַן אמתע דעמאָקראַטיע און אַז איר פאָן סימבאָליזירט יענע פרייהייטן, וועלכע זענען טייער די מענטשן און בירגער פון גאָר דער וועלט.

נישטאָ קיין ספק, אַז די דאָזיקע פריינטשאַפט איז אַ אהבה שאינה

תלוייה בדבר. די אַרגענטינער דערוואַרטן נישט עפּעס פון ישראל, זיי זוכן גאָרנישט ביי איר. זיי דריקן נאָר אויס זייער באַוווּנדערונג פאַר אַ פאָלק וואָס האָט באַוויזן גרויס מוט און זיין גערַאנגל מיט געוואַלטיקע שוועריקייטן.

אייך דאַרף איך נישט זאָגן, אַז די אַרגענטינער פריינטשאַפט איז נישט קיין אויסנאַם. אין די לעצטע יאָרן האָבן זיך פאַרטיפט און אויסגעברייטערט אונדזערע גוטע באַציאונגען מיט אַ סך פעלקער. מיט אַ באַזונדערער פרייד דערמאָן איך דאָ קודם כל פראַנקרייך, און נישט דערפאַר וואָס זי האָט זיך נישט באַנוגנט מיט ווערטער, נאָר האָט אויך באַוויזן מעשים, נאָר ווייל עס איז אַ כבוד צו האָבן ווי אַ פריינט איינעם פון די גרעסטע קולטור־פעלקער פון דער וועלט, וואָס האָט יאָרהונדערטער לאַנג געדינט ווי אַ לייכט־טורעם פון ציוויליזאַציע און פון מענטשלעכע ווערטן.

## די פריינטשאַפט פון די אומות העולם און די אַראַבישע שנאה

אויב איך שטעל זיך דאָ אָפּ אויף דעם מאָמענט, איז דאָס כדי צו דערקלערן פאַרוואָס מיר זענען געבליבן קאַלטבלוטיק, בעת גראָד נעכטן, אייערנעכטן האָבן זיך ווידער געהערט פון קאַיר סטראַשונקעס פון אָט יענער אַראַבישער דיקטאַטור, וואָס האָט זיך פאַרשטעלט און פאַרקליידט ווי אַ פאַרטיידיקער פון אונטערדרריקטע. ווידער הערן מיר אַז ישראל האָט נישט קיין עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג. אמת, צוויי מאָל האָבן די אַראַבישע הערשער געוואָלט באַווייזן די דאָזיקע טעאָריע מיט פיזישער מאַכט. זיי האָבן אָבער צוויי מאָל געליטן אַ שווערע מפּלה. אונדזער ענטפער: 63 פעלקער האָבן אָפיציעל אָנערקענט מדינת ישראל, אָבער נאָך מער האָט זי אָנערקענט די עפנטלעכע מיינונג פון דער גאַנצער פרייער וועלט.

דער מצרישער מיניסטער ראַפאי טענהט, אַז ישראל איז אַן אינסטרומענט פון אימפּעריאַליזם. דאָס איז אָבער נישט די מיינונג פון אַ ריי פעלקער וואָס האָבן זיך אָקאָרשט באַפרייט ווי בורמאַ, גאַנאַ, ליבעריאַ, ניגעריאַ, צייַלאָן, וואָס בעטן און קריגן ביי אונדז עקספּערטן, מייסטערס און לערער, כדי צו העלפן אויפבויען די אַגריקולטור, אינדוסטריע און דעם שולוועזן פון זייערע לענדער. נישטאָ קיין גרויסמאַכט וואָס זאָל האָבן אין ישראל קאָנצעסיעס אָדער באַזעס. דאָס זעלביקע קאָן נישט געזאָגט ווערן וועגן אַלע אַראַבישע לענדער.

אויב דער נייער אַראַבישער איבערמוט איז אַ רעזולטאַט פון דעם לעצטן „אַנשלוס״, האָבן מיר נאָך געזען אין אונדזערע צייטן ווי אַנדערע אַנשלוסן

האָבן געפּירט צו קאַטאַסטראָפעס. וואָס איז אגב געוואָרן פון דער אַראַבישער ליגע וואָס איז געגרינדעט געוואָרן מיט אַזויפיל פּאָמפּע דעם 22טן מערץ 1945? זי האָט געפירט נישט צו אחדות, נאָר צו אַראַבישער צעשפּאָלטנקייט, זי גוססט, ווייל איר איינציקער פונדאַמענט איז געווען שנאה צו ישראל. מיר האָבן גאָרנישט קעגן אַראַבישער אייניקייט, פאַרקערט. אָבער מיר וואָרענען די אַראַבישע פעלקער, אַז זיי וועלן קיינמאָל נישט דערגרייכן זייער אייניקייט, כל זמן זייער בונד וועט זיין אַ אהבה התלוייה בדבר, און דער „דבר" וועט זיין די שנאה צו אונדז. ס'איז נישט צו שפּעט פאַר אַראַבישע ניכטערע פירער זיך צו איבערלייגן, אַז נאָר אין קאָאָפּעראַציע מיט ישראל וועלן זיי קאָנען פאַרוואַנדלען דעם נאָענטן מזרח אין אַ בליענדיקן גאָרטן.

## ישראל האָט געגעבן דעם יידישן פאָלק וואָרצלען און פליגל

וואָס האָט אַרויסגערופן אין דער נישט־יידישער וועלט די נייע באַציאונג צו ישראל פון אַכטונג און אַפילו פון ליבשאַפט? עס זענען פאַראַן אַ סך דערקלערונגען דערפאַר, אָבער היינט וויל איך זיך אָפּשטעלן אויף איין ענטפער: ישראל האָט געגעבן דעם יידישן פאָלק עפּעס אין וואָס עס נייטיקט זיך יעדער מענטש, און געוויס יעדער כלל — דאָס איז: וואָרצלען און פליגל. וואָרצלען, וועלכע זענען דער סימבאָל פון צוגעהעריקייט ערגעצוואו; פליגל, וועלכע זענען דער סימבאָל פון פאַרנעם און שווונג.

קודם כל וואָרצלען. טיף אין אונדז איז דאָ דער באַדאַרף ערגעצוואו צו געהערן, ערגעצוואו זיך צו געפינען אין דער היים, פון רעכטוועגן און נישט ווייל מען ווערט געדולדעט, פון זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט וועגן און נישט צוליב טאָלעראַנץ. ערגעצוואו דאַרף מען זיך קאָנען אויסרוען און קיינער זאָל נישט קאָנען אָפּפרעגן פאַרוואָס מען געפינט זיך דאָרט. ישראל האָט געגעבן יעדן יידן די מעגלעכקייט צו ענטפערן אויף דער אַלטער פראַגע, וואָס איז געשטעלט געוואָרן יונה הנביאן, ווען די מאַטראָזן פון דער שיף, אויף וועלכער ער האָט געוואָלט אַנטלויפן האָבן אים געפרעגט אינמיטן פונעם שטורעם: „מאין תבוא?" פון וואַנען קומסטו? „מה ארצך?" וואָס איז דיין לאַנד? „ואי מזה עם אתה?" צו וועלכן פאָלק געהערסטו? ישראל האָט געפירט דערצו, אַז יעדער ייד קאָן געבן מיט שטאָלץ יונהס ענטפער: „עברי אנכי": איך בין אַ ייד, מיין אורשפּרונג איז פון יענעם לאַנד ישראל וואָס איז אויפגעשטאַנען צו אַ ניי לעבן און איך בין אַ ברודער פון יענע, וואָס פון זייערע אויפטוען רעדט די וועלט.

עס איז דאָ ביי ישעיהון אַ פּסוק וועלכער איז ווי צוגעפּאַסט צו דער־

צייט אין וועלכער מיר לעבן, ווו עס רעדט זיך ווי אַזוי מ׳ר וועלן אויסזען, ווען מיר וועלן פונדאַסנייַ שלאָגן וואָרצלען. דער פסוק זאָגט: „הבאים ישרש יעקב״, ס׳וועט קומען אַ צייט ווען יעקב וועט האָבן וואָרצלען, „יציץ ופרח ישראל״, ישראל וועט שפּראָצן און בליען, „ומלאו פני תבל תנובה״, און די וועלט וועט פול ווערן מיט זייער פּרוכט: יידן אין גאַר דער וועלט וועלן האָבן אַ נייעם ווערט און אַ נייעם כבוד, ווייל יעקב וועט ווידער האָבן וואָרצלען.

אָבער אַחוץ וואָרצלען האָט ישראל געגעבן פליגל דעם יידישן פאָלק, אַ גרויסן פאַרמעסט וואָס רעדט צו דער פאַנטאַזיע, אַן אונטערנעמונג וואָס נאָר מיט דער מאָביליזאַציע פון די טיפסטע כוחות קאָנען מיר זי דורכפירן.

איך זאָג אָפט אייערע קינדער, די חלוצים, ווען זיי קומען זיך געזעגע־נען מיט אונדז אין דער אַמבאַסאַדע ערב זייער עולה זיין: אַ פאָלק קאָן נישט גאַראַנטירן זיין יוגנט קיין גליק, ער קאָן זי נישט פאַרזיכערן מיט קיין קאָנ־פאָרט און וווילטאָג, אָבער איין זאַך קאָן ער איר געבן — אינהאַלט, אַ ציל אין לעבן, וואָס איז דער קעגנזאַץ פון פוסטקייט, אַ אידעאַל, וועמען עס איז ווערט זיך צו ווידמען.

## לאָמיר דערוואַרטן פון די אומות העולם פריינטשאַפט און גאָרנישט מער

אָבער פון דער פריינטשאַפט פון די אומות העולם קאָנען מיר דער־וואַרטן נאָר פריינטשאַפט און נישט מער. זאָלן זיי אַרומרינגלען אונדזער אַרבעט מיט סימפּאַטיע, פאַרשטענדעניש און גוטן ווילן, און דערמיט דיינו. אויב מיר וועלן פאַרלאַנגען מער, קאָנען מיר נאָך שטעלן די פריינטשאַפט אין סכנה, און דאָס צוליב צוויי טעמים: ערשטנס ווייל נישטאָ קיין לאַנד, וואָס זאָל נישט האָבן זיינע אייגענע גרויסע זאָרגן. אָט ווייסן מיר אַלע, מיט וועלכע געוואַלטיקע פּראָבלעמען עס ראַנגלט זיך דאָס אַרגענטינער פאָלק. מיר ווינטשן אים פון גאַנצן האַרצן, ער זאָל זיי קאָנען לייזן מיט הצלחה און אין האַרמאָניע, און אַז ס׳זאָל זיך דאָ אָנהייבן אַ נייע צייט פון פּראָספּערי־טעט און צוזאַמענאַרבעט. איך האָב אַמאָל באַשריבן מיינעם אַ קאָלעגע, אַן אַמבאַסאַדאָר פון אַ גרויסער מאַכט, ווי שווער ס׳איז צו זיין אַ קליין לאַנד, און ער האָט מ׳ר געענטפערט: „מיינט איר, אַז ס׳איז לייכט צו זיין אַ גרויס־מאַכט, אַז יעדער טאָג ברענגט נישט זיינע צרות און שטרויכלונגען?״

די צווייטע סיבה איז, אַז מען האַלט אונדז פאַר שטאַרקע און רייכע. מען האַלט, אַז יידן זענען ביכולת צו מאַכן ישראל שטאַרק און בליענדיק. אָט האָבן מיר, מיט אַ פּאָר טעג צוריק, מיניסטער בר־יהודה און איך, גערעדט מיט

אונדזער גוטן פריינד, דעם פּרעזידענט פון דער דעפּוטאַטן־קאַמער, פּראָפ. פּעדעריקאָ דע מאַנכאַרדין, וועגן צען יאָר מדינת ישראל, און ער האָט געזאָגט: „לאָמיר לייגן אָן אַ זייט די פאָרמאַליטעטן, די רייד וועגן צען יאָר. ישראל איז אַלט הונדערטער, טויזנטער יאָרן". ס'פאַרשטייט זיך, אַז מען קאָן נישט פייערן אין חודש ניסן דעם יום־טוב פון באַפרייאונג, ד.ה. 3200 אָדער 3400 יאָר נאָך יציאת מצרים, און זאָגן נאָך דעם אין דעם אייר אַז מיר זענען אַלט צען יאָר. די פעלקער פאַרשטייען נישט די דאָזיקע אַריט־מעטיק, זיי זענען נישט גרייט צו זען אין אונדזער עבר נאָר רדיפות אוןליידן. זיי זעען אויך, און אפשר קודם כל, די גרויסקייט און די דערגרייכונגען וואָס האָבן אונדז באַגלייט אין די אַלע דורות פון אונדזער געשיכטע. לאָמיר דעריבער אויפנעמען מיט פרייד די פריינטשאַפט פון די אומות העולם, אָבער די גאַנצע אַרבעט דאַרפן מיר טאָן אַליין, איר און מיר.

## איך וויל פון אייך אַ פולע וואָך

קומען מיר דעריבער צו אייך, און דאָס מאָל מיט אַ פאַרלאַנג וועלכן איך וועל פאָרמולירן אָט אַזוי: איך וויל פון אייך אַ גאַנצע וואָך. איך וועל אייך מיין פאָדערונג דערקלערן. דער ישראל־ישוב ברענגט געוואַלטיקע קרבנות פאַרן אויפבוי פון דער מדינה, אָבער אָן דער הילף פון גלות וואָלטן מיר ישראל נישט געקאָנט אויפבויען. און אין אָט דער הילף וואָס דער גלות גיט ישראל אַ גאַנץ יאָר, במשך פון די 365 טעג פון אַ קיילעכדיקן יאָר, ווייסט איר מיט וויפל טעג עס באַטייליקט זיך אַרגענטינע? מיט דריי אָדער פיר טעג. די איבעריקע 362 טעג לאָזט דער דאָזיקער גרויסער, טייערער ישוב איבער פאַר די יידן פון די איבעריקע לענדער. פאַרלאַנג איך פון אייך, אַז אייער חלק זאָל זיין לכל הפחות אַ גאַנצע וואָך. אויך דעמאָלט וועט נאָך נישט אַלץ זיין כשורה. אויב מיר זאָלן רעכענען אַז מחוץ ישראל, וואָס טוט דאָס איריקע, און חוץ די יידן פון מזרח־אייראָפּע, וועלכע קאָנען נישט העלפן, זענען פאַראַן אַכט מיליאָן יידן אויף דער וועלט, וואָלט דער חלק פון אַרגענטינע געדאַרפט באַטרעפן אומגעפער דריי וואָכן.

איך האָף אַז עס וועט קומען אַ טאָג ווען איר וועט פאָדערן די גאַנצע בכורה וואָס אייך קומט, און דעם גאַנצן חלק אין אונדזער שותפות. אָבער ביז עס קומט דערצו, פאַרלאַנג איך פון אייך לכל הפחות איין וואָך, אַ גאַנצע וואָך, אָדער ווי עס פלעגן זאָגן אונדזערע מאַמעס, ווען זיי האָבן געשעפּטשעט „גאָט פון אברהם" פאַר מוצאי שבת — אַ פולע וואָך, אַ גוטע וואָך.

און אויב איר וועט אַזוי טאָן, וועלן מיר האָבן נאָך אַ סימן אַז אונדזער

בשותפותדיקער אויפבוי פון ישראל וועט זיין ווי אונדזערע מאַמעס האָבן געזאָגט: „צו לעבן, צו חן און חסד און דין, און צו דת און ריינקייט פון האַרצן און שטאַרקונג פון די גלידער", אַ שטאָלץ און אַ פעסטונג און אַ ברכה פאַר גאַנצן יידישן פאָלק.




פאַרלאַג־אַדרעס:
"KIUM"
Ayacucho 352
Buenos Aires Argentina

## דערשינענע ביכער:

1. דוד בן־גוריון — נצח ישראל
2. מענדל מאַן — אין אַ פאַרוואָרלאָזטן דאָרף
3. יחיאל האַלפּערן — דער רעוואָלט פון אַ גלות־פאָלק
4. יוסף שפּרינצאַק — אין וואָרט און אין שריפט
5. ה. לייוויק — אַ בלאַט אויף אַן עפּלבוים.
6. אפרים דקל — געהיים־דינסט פון דער „הגנה" אין ארץ־ישראל
7. ד"ר טעאָדאָר הערצל — דערציילונגען און פעליעטאָנען
8. י. לעשטשינסקי — דאָס נאַציאָנאַלע פּנים פון גלות־יידנטום
9. מ. גראָס־צימערמאַן — יידן צווישן יידן
10. יצחק בן־צבי — מיט דער צווייטער עליה
11. רחלס לידער
12. מענדל מאַן — די גאַס פון בליענדיקע מאַנדלען
13. אריה לעאָן קובאָווי — וואָרצלען און פליגלען

## אין שפּאַניש:

**Marie Syrkin:** Al Servicio de una Causa

## אין צוגרייטונג:

14. זלמן שזר — ליכטיקע פּערזענלעכקייטן
15. יוסף וויץ — זכרונות
16. מרדכי שטריגלער — עסייען
17. שלמה סיימאָן — אין די טעג פון די ערשטע נביאים
18. אפרים אויערבאַך — לידער

ARIEH LEON KUBOVY

# Roots and Wings

SPEECHES AND LECTURES
BY AN
AMBASSADOR OF ISRAEL

1953 — 1958



BUENOS AIRES
1958

ARIEH LEON KUBOVY

# Raíces y Alas

DISCURSOS Y CONFERENCIAS
DE UN
EMBAJADOR DE ISRAEL

1953 – 1958



BUENOS AIRES
1958